יחזקאל קאטיק.

# מיינע זכרונות.

צווייטער טייל.



פערלאג א. גיטלין, ווארשוי,
נאלעווקי, איוואנאווסקי באזאר.

תרע"ד. — 1914

געזעצט ביי א. שריפטגיסער, ווארשא,

PRINTED in POLAND

# אינהאַלט:

זייט

# אינהאלט:

## פֿאָרוואָרט צום צווייטען טייל.

אויב אין מיין ערשטען טייל זכרונות בין איך געוועזן אַ פרייע פויגעלע, אַ קינד אָהן זאָרג, און האָב מיך געבאָמבעלט אין דעם קליינעם ליעבען קאַמעניץ צווישען פרעהליכע חסידים און פערקלערטע מתנגדים, אַרום דעם פערשמייעטען זיידען און דער האַרציגער באָבען, צווישען פערשידענע רביים, מגידים, גוטע יודען, אָבשפרעכער און פרושים, און האָב געמיינט, אַז קאַמעניץ איז די גאַנצע וועלט און גאָט זיצט אויבען, אויפ'ן הימעל, און קוקט נאָר צו אונז אין שטעדטעלע אַריין — אויב דאָס איז אַזוי אין דעם ערשטען טייל, בין איך דאָ, אין דעם צווייטען, אַן'עלטער גלות-יוד, אַ נע-ונד'ניק, אַ וואַנדערער, אַ יוד מיט אַ גרויסען פעקיל, אַ פרנסה-זוכער, אַ מלמד, אַן'אַרענדאַר, אַ פּאַסעסאָר, אַ קרעמער, אַ וויינער, אַ מנחם-מענדיל, וואָס וואַרפט זיך אַהין און אַהער און קאָן צו אַ תכלית נישט קומען.

אָבער וואַרפענדיג זיך ווי אַ פיש אין וואַסער, האָב איך דאָך געהאַלטען אָפען די אויגען. צוליעב די אָפענע אויגען בין איך אפשר צו אַ תכלית נישט געקומען... דערפאַר אָבער האָב איך עפּעס געזעהן. עפּיס געזעהן און געהערט. און דאָס גיב איך איבער אין מיין צווייטען באַנד.

מעגליך, אַז איך פערנעהם מיך צופיעל מיט זיך. מעגליך, אַז אין דעם אַלעם, וואָס איך בעשרייב, בין איך צופיעל איינגעפאַלטען, צופיעל אָרט זיך גענומען. אָבער ווי קאָן זיין אַנדערש? דאָס זענען דאָך מיינע זכרונות, מיינע איבערלעבונגען, מיין זכרון.

און גלאַט ווי קאָן מען אַ געשעהעניש, אַ פאַקט, אַן'עפּיזאָד, וואָס האָט פערחאַפּט אַ שטיק פון מיין נשמה, אָבטיילען פון זיך?

י. ק.

## ערשטעס קאַפּיטעל.

נאָך דער באָבעס טויט. — דער זיידע טהוט אַ שדוך. — פלוצלונג געקומען מיט אַ ווייב. — דער איינדרוק אויף דער פאַמיליע. — די „באָבע“. — דעם זיידענס תענוג. — זיינע נייע טעכטער. — צווייהט און צושפרייט. — מאַיאָנטקעס. — אונזערע הכנסת-אורחים׳ס. — יוכבד. — לאה. — מען דערוויטערט זיך פון זיידען. — נישטאָ אַמאָליגע ימים-נוראים׳ס.

די באָבע איז געשטאָרבען — און דעם זיידענס לאַגע האָט זיך גראָד פערבעסערט. ער איז ווייטער געבליבען דער איינציגער גואל ומושיע, דער בעל-יועץ און וועג-ווייזער ביי די פריצים, וואָס זענען געוועזן צומישט פון אויפשטאַנד, פון די רדיפות און צרות, וואָס האָבען זיך געשאָטען אויף זייער קאָפּ פון מוראַוויאָוו׳ס ברייטער אייזערנער האַנד. מאַנכע פון זיי האָבען איצט געפונען טרייסט אין דעם אַלטען קלוגען אהרן-לייזער׳ן און ער האָט זיי טאַקי מיטגעהאָלפען אין אַלע פרטים. אַ דאַנק זיינע עצות, האָבען זיי אָבגעגעבען זייערע מאַיאָנטקעס צו די יודען אין אַרענדע און בעקומען געגוג געלד, אום צו פיהרען זייער פריצ׳יש לעבען ווייטער. געלד האָבען זיי דעמאָלט בעזונדערס נויטיג געהאַט.

דער זיידע האָט אָבער אויך אָנגעהויבען פערדינען אַ סך געלד און זיין לעבען איז אַוועק נאָך ברייטער ווי פריהער. זיין בריטשקע

מיט די פאר פערד, וואס האבען פריהער אויסגעזעהן יודיש׳לעך, האבען ערשט געקראגען א פריצ׳ישען אויסזעהן. די פערד מיט׳ן שפאן האט איהם א פריץ אוועקגעשענקט, און אין ברישקע איז ער געזעסען מיט דער גאנצער ברייטקייט זיינער.

דער זיידע, וואס איז שטענדיג געווען אנגעגאסען מיט אימפעט און האסט, האט, פערשטעהט זיך, נאר בעדארפט אויסגיסען די גאנצע טרעהרען, וואס ער האט געהאט, אויף דער באבעס טויט, און קוים האבען די דאזיגע טרעהרען-קוואלען עטוואס אויסגעטריקענט, האט ער שוין א טראכט געטהאן וועגען א צווייטען ווייב... שדכנים האבען דאס באלד דערשמעקט און גענומען בעלעגערן דעם זיידען טאג-טעגליך מיט פערשידענע שדוכים, יונגע ווייבלעך, רייכע, אפילו שענע, יחסנ׳טעם א. א. וו. דאס האט אבער דאך נישט געפאסט פאר דער פאמיליע. פלעגען די שדכנים זאגען, אז זיי ריידען שדוכים אהרן-לייזער׳ס זוהן ישראל׳ן, וואס איז מיט מיר געווען אין איין עלטער. קיינעם פון די קינדער איז דאך נישט איינגעפאלען, ווי מען האט נישט געקענט דעם זיידען, אז ער זאל וועלען חתונה האבען נאך אזא היים-געליבטען ווייב, ביי אזוינע עלטערע יאהרען, בעת ער האט ביי זיך אלע קינדער מיט א זיעבציג אייניקלעך און אוראייניקלעך.

דער געדאנק וועגען א צווייטען ווייב האט דעם זיידען אזוי צוהיצט, אז ער האט גאר פערגעסען אן זיין זוהנ׳ס שדוכים, מיט וועלכע ער האט זיך זעהר אינטערעסירט פריהער, און ער, ווי מען האט זיך שפעטער דערוואוסט, האט נאר גע׳טענה׳ט מיט די שדכנים, אז מען זאל איהם שדכ׳ענען עפעס א שען ווייב, פון מיטעלע יאהרען און א יחסנ׳טע. אלץ זאל זיין צוזאמען.

און אין א דריי חדשים ארום קומט דער זיידע פלוצלונג פון ערגעץ צופאהרען אהיים א פרעהליכער, און הייסט מאכען אנ׳ארדנונג אן שטוב. עס דארף קומען א געהויבענער גאסט. און אין א ווײלע ארום זאגט ער זיך אזוי פארבייגעהענדיג צו די קינדער:

—איך האב חתונה געהאט... מיט א גרויסער יחסנ׳טע... ר׳ איצעלע, קארלינער רב׳ס, טאכטער... א יודענע א צדיקת...

און באלד דערויף רוהיג דערצעהלט וועגען איהר. דעם מאן האט זי גע׳גט, ווייל ער איז געווארען אנ׳אפיקורס, נישט קוקענדיג

אויף דעם, וואָס ער איז אַ יוד, זעהר אַ שענער, אַ געבילדעטער און האָט דערוואַקסענע קינדער מיט איהר. זי, די צדיקת, האָט נישט געקוקט אויף די אַלע גליקען און האָט נישט געוואָלט לעבען מיט אַנ-אפיקורס.

אין שטוב איז געוואָרען אַ חורבן. אַלעמען איז פינסטער געוואָ- אין די אויגען; און מען איז זיך צולאָפען אין די אַנדערע צימערן — זיך אויסוויינען. די זאַך איז אָבער אָבגעטהאָן געוואָרען, פערפאַלען, הייסט עס, און דער זיידע האָט ווי עס איז אַראָבגעשלונגען דעם צער פון די קינדער און איז באַלד אוועקגעפאָהרען ברינגען דאָס נייע ווייב...

ווען ער איז אוועקגעפאָהרען, האָט זיך ערשט אָנגעהויבען די גרויסע יללה. די געוויינעריי און גוואַלדעריי איז געווען כמעט אַזוי גרויס, ווי אין דעם טאָג פון דער באָבע'ס טויט. אַלע האָבען מיט טרערען געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגען, אָהן ווערטער, ווי מענשען, וואָס דאַרפען איבערקומען אַנ'אונפערמיידליכע געפאַהר. עס האָט זיך קיינעם אַודאי נישט געגלויבט, אַז דער זיידע, וואָס האָט ליעב געהאַט דער באָבען און אַזוי פיעל איינגעלעגט די וועלט נאָך איהר טויט, זאָל באַלד פערגעסען אויף דעם אַלעם, און אויף דער עלטער, צו זעכציג יאָהר, ביי אַ פולע שטוב מיט קינדער און קינדס-קינדער, זאָל ער אַריינברינגען אַ שטיף-מוטער. די טרערען זענען אָבער נישט מעהר געווען ווי טרערען. העלפען האָט מען נישט געקאָנט. און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז טאַקי אַראָבגעקומען אַ ברייטע, אַ שענע יודענע פון אַ יאָהר פינף-און-פערציג, שען אויסגעפוצט, און דער זיידע האָט געהייסען דער דינסט שטעלען דעם סאַמאָוואַר.

די קינדער האָבען זיך געמאַכט האַרץ, נישט אַרויסגעוויזען פאַר דער ברייטער שענער יודענע זייער צער און פערדרוס, און האָבען זי אויפגענומען נישט קאַלט און נישט וואַרים. דעם זיידען איז געווען זעהר נישט בעקוועם: איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט, אַז זיין צווייטעס ווייב זאָל וואַרים אויפגענומען ווערען. אָבער פערלאַנגען עס האָט ער נישט געקענט, און דאָסזעלבע הויז, וואָס איז שטענדיג געווען אַזוי קאָכעדיג און רוישיג מיט קינדער און מיט אייניקלעך, וואו מען האָט געשטיפּט און געלאַכט, געטאַנצט און געזונגען — דאָסזעלבע הויז איז איצט געוואָרען שטיל, פערחמאַרעט, ווי אויסגעשטאָרבען.

קיין הויך ריידען, קיין געלעכטער, קיין געשרייען, קיין געפילדער, אליץ איינגעהאלטען, דערשלאגען, שטיל. פון שטאדט האט מען אויך אויפגעהערט צו קומען, נישט צו די קינדער און אפילו נישט צו אהרן־לייזער'ן. מען האט געוואוסט, אז ער איז פערנומען מיט'ן נייעם ווייב, אז ער מוז, מסתמא, זיצען ביי זיך אין צימער מיט איהר און קלייבען פערגעניגען.

די „באבע" נעמי, ווי די אייניקלעך האבען זי פאר לייטען גע־רופען, האט זיך דערווייל אויך געהאלטען קארעקט צווישען די קינדער און אייניקלעך. זי האט, אפנים, פערשטאנען, אז דער שטוב־עולם איז לפי ערך א גאנץ איידעלער און אז מען דארף זיך סטארען ווי ווייט מעג־ליך צו־צוציהען אט די אלע מענשען, כדי זיי זאלען נישט ווארפען אויף איהר קיין אום־חן, וואס דאס איז נישט געוואונשען. האט זי זיך בעצויגען צו דער גאנצער פאמיליע זעהר העפליך און ארויסגעשטעלט זיך פאר א „מאמען" און א „באבען".

אין א צוויי וואכען ארום איז געקומען צופאהרען צום זיידען א גאסט. דאס איז געווען דעם ווייב'ס א יונגערע טאכטער, א פריילין פון א יאהר פיערצעהן. שפעטער, אין א פאר וואכען ארום, איז געקו־מען נאך א גאסט. ווידער א טאכטער, א פריילין שוין פון א יאהר זיע־בעצעהן. די דאזיגע טעכטער זענען פערבליבען נעבען דער מוטער. אין א פאר חדשים שפעטער האט דעם ווייבס א זוהן חתונה געהאט מיט א טאכטער פון א קאמעניצער בעל־הבית... און אזוי ארום איז שוין אין א קורצער צייט פון א קנאפען האלב יאהר אויסגעוואקסען ביים זיידען א נייע פאמיליע... די ביידע טעכטער האבען זיך שוין געהאדעוועט ביים זיידען און ער האט זיי ארויסגעוויזען א סך פאטערליכע ליעבע. דער איידעם מיט דער שנוהר, דער מחותן און מחותנת'טע מיט זייער גאנצער פאמיליע זענען געווארען גאנצע בני־בית ביים זיידען אין שטוב, האבען פערנומען דעם אויבענאן, אזוי אז עס איז שוין נישט געבליבען קיין ארט פאר ביילע־ראשע'ס קינדער און אייניקלעך, וואס האבען פריהע־ער פול געמאכט די שטוב מיט שמחה און געלעכטער. די קינדערשע פערגאלטקייט און דערשלאגענקייט האט טיילוויז אויך געווירקט אויפ'ן אחדות צווישען איינאנדער. עס איז נאך געווען די נאהענטקייט, עס איז נאך געווען עפעס ליעבע, אבער די ליעבע האט שוין נישט גע־

פלאַקערט און וואָס ווײַטער האָט עס אַלץ געקיִהלט און געקיִהלט...

דער זיידע, וואָס האָט שטענדיג געזאָגט דאָס ווערטיל, אַז „דעם זאָל די ערד אַרויסוואַרפען די ביינער, ווער עס גיט אָב אַ קינד פון זיך", האָט זיך דאָך גענומען צו פערזאָרגען די קינדער יעדען בעזונדער. מעגליך, אַז ער האָט גיכער געוואָלט פטור ווערען פון זיינע פערגאַלטע בליקען, וואָס האָבען איהם פערדאָרבען דאָס פערגעניגען מיט'ן נייעם ווייב. פאַר יעדען קינד האָט ער געדונגען אַנ'אַנדער הויף אין אַנדערע. פאַר זיך אַליין האָט ער אויך געדונגען אַ הויף — „פּרוסקע" ביי ווילעווינסקי'ן, פיער ווערסט פון קאַמעניץ, מיט אַ בראָנפען-בראויז.

אין אַ האַלב יאָהר צייט האָט ער בעוויזען צו פערשטעקען יעדעם קינד אין אַנ'אַנדער הויף. מען איז צופאָהרען און צושפּרייט זיך און ער האָט זיך געשעפּט נחת פון זיין „ווייבעל" און איהרע טעלטער. אַרום איז געווען: שאַ, שטיל... פטור געוואָרען פון די קינדער, האָט ער נאָך פון אָנפאַנג געוואוינט אין קאַמעניץ, מחמת דער הויף איז געווען נאָהענט. אין אַ שעה האָט מען שוין געקענט זיין אין פּרוסקע אַהין און צוריק. אָבער אין אַ קורצער צייט האָט אָט דער רוישיגער מענש זיך פערבענקט נאָך אמת'ע רוה, נאָך שטילקייט, אַזוי, אַז עס זאָל איהם גאָרנישט שטערען אין זיין פערגעניגען. אַזוי פער'כשופ'ט איז ער געווען פון זיין נייעם ווייב.

די קינדער האָבען זיך יעדערער געוואוינט אין זיין הויף איינזאַם. דער פאַמיליע-פערבאַנד איז זיך ביסלעכווייז אינגאַנצען אָבגעשוואַכט געוואָרען. און ווען נישט יוכבד, דעם פעטער יאָסעל'ס ווייב, וואָס האָט זיך שטאַרק צום האַרצען גענומען דעם גורל פון דער משפחה און האָט זיך געסטאַרעט צונויפצובינדען די אָבגעריסענע אָבגעשוואַכטע לעצטע פעדימלעך, וואָלט מסתמא פונ'ם פאַמיליע-אחדות געוואָרען אַ תל. אָט די יוכבד איז געווען אַ גרויסע מכנים-אורח'טע און זעהר אַנ'איבערגעגעבענע פרוי. געוואוינט האָט זי אין באַביטש, אַ הויף—אַלט ווערסט פון קאַמעניץ, און די פאַמיליע פלעגט אָפט קומען צו איהר אין געסט מיט געשפּאַן און פערד. שטענדיג פלעגען זיך ביי איהר געפינען אַ צעהן פופצעהן פערזאָן, די — אַוועקגעפאָהרען, יענע — געקומען, און מען האָט געגעסען מלינטשיקעס און זיך געבאָדען אין מילכיגם. דער

טומעל פון דעם ייִדענס הויז, הגם שוין שוואַכער און קלענער, האָט ביסלעכווייַז עמיגרירט צו איהר. ביי איהר פלעגט מען זיך פרעהען, טאַנצען, לאַכען און ריידען פון דער ברייטער „באָבען” מיט איהרע טעכטער.

די צווייטע מכנים-אורח'טע איז געווען דעם טאַטען'ס שוועסטער, לאה, אויך זעהר אַ קלוגע און אַ גוטע פרוי. מען האָט אויף איהר געזאָגט אין דער פאַמיליע און אין שטאָדט, אַז דאָס איז די מוטער ביילע-ראַשע. עס פערשטעהט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ גוזמא. איהר מאַן אליעזר גאָלדבערג איז געווען אַ יונגער מאַן — אַ למדן, אַ משכיל און אַ משורר. אַז איהם האָט זיך פערגלוסט, האָט ער געמאַכט אַ העברעאישען שיר אויף חנוכה, אויף פורים און איז דערביי געווען אַ לעבּיונגעל. ער האָט געהאַט זעהר אַ ברייטען חאַראַקטער; אין דער פאַמיליע האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט שיטערע פינגער... געלד איז ביי איהם נעווען כלה. געוואוינט האָט ער אין אַ הויף סטאַרשעווע, נעבען זאַסטאַוויע. דאָס איז געווען דערזעלבער הויף, וואָס דער זיידע האָט זיך געשעמט צו נעהמען, בעת אַ פריץ האָט עס איהם געוואָלט אָבשרייבען במתנה.

איז סטאַרשעווע געווען דער צווייטער הכנסת-אורחים פאַר דער פאַמיליע, נאָר שוין אַ'ערגערער פון יוכבד'ס הכנסת-אורחים. בהמות האָט זי קיין סך נישט געהאַט, און אַז עס איז אָנגעפאָהרען די פאַמיליע האָט איהר נישט געסטייעט קיין מילך און קיין פוטער. עסען פלייש איז דעמאָלט גאָר אין מאָדע נישט געווען, אויסער שבת; און אויך אויף שבת איז עס שווער אָנגעקומען. אגב האָבען דעם עולם שטאַרק געצויגען צו יוכבד'ס מלינטשיקעס. יוכבד האָט זיך אויסגעלערנט זיי צו מאַכען ביי איהר שוויגער ביילע-ראַשע, וואָס איז שוין געווען מיט דעם מפורסם. דאָס זענען געווען וואונדערליכע מלינטשיקעס, וואָס הייַנט זעהט מען שוין נישט מעהר אַזעלכע.

מיין ליעבער פאָטער, וואָס איז געווען דער עלסטער אין דער פאַמיליע, האָט גאַנץ וועניג בעזוכט די דאָזיגע הכנסת-אורחים'ס. ער האָט געהאַט זיינע רעיונות. ווידער איז ער געווען פאַר די יונגע צו-פרום, צו-געלאַסען, הגם זיי האָבען איהם זעהר ליעב געהאַט; און אַז ער האָט זיך אַמאָל בעוויזען ביי יוכבד'ן אין שטוב, איז דאָס גע-

ווען ביי אלעמען א מין יום-טוב, ווי א רבי קומט צופאהרען אין געסט צו זיינע חסידים. אין זיין געזעלשאפט האבען אלע קאקעטירט מיט רוהיגקייט און געלאסענקייט, קיין געשרייען, קיין געלעכטער, קיין שטיפען. אלע פלעגען איהם ארומרינגלען און ער פלעגט זיי וואס דערצעהלען אדער זאגען א קלוגען וויץ, ווי זיין שטייגער איז שטענדיג געוועזען, און אלעמענס אויגען פלעגען אויפשטראהלען.

ווינטער האט יוכבד געזעצט גענז צו דרייסיג אויף אמאל און געפרעגעלט שמאלץ און גריבענעס; האט זיך אנגעהויבען א סדרה מיט יוכבד'ס גריבענעס. די גענז האט זי איינגעזאלצען אין א פעסעלע, און א חודש צייט האט מען געגעסען געניזינס און גריבענעס. דערצו האט זי נאך יעדערן מיטגעגעבען א פארציע אהיים. עס האט זיך געטהאן א וועלט מיט יאכע'ס גריבענעס. זי האט אויך געפאשעט ענדיקעס און יעדען פון דער פאמיליע האט זי געטיילט אויף פסח ענדיקעס.

א בריה איז זי געוועזען א גרויסע, סיי אין שטוב און סיי אין הויף. זי האט פון אלץ געוואוסט, אומעטום געוועזען, האט געהיט די בהמות, קעלבלעך, פערד און דעסגלייכען. א גאנצען טאג איז זי געוועזען פערנומען. פלעגט אויפשטעהן זעקס א זייגער אין דערפריה. סיי זומער, סיי ווינטער, האט זי זיך א גאנצען טאג געפארעט, נאר מעשה-חוואט, לייכט, ווי די אמת'ע בריה. זי האט זיך אומעטום געמישט, האט אלץ בעווארענט, און ווינטער פלעגט זי אפט שטעהן א גאנצען טאג אין שייער ביים דרעשען די תבואה... דער בעקוועמליכקייט פון די געסט האט עס אבער גארנישט געשאדט. באלד אין דער-פריה האבען אלע געסט געהאט הייסען טהיי פון סאמאוואר מיט די גוטע סליוועקעס און געבעקסען.

געוועזען ביי איהר אבער א שוואכקייט, — פארט א אשה! — וואס פלעגט טיילמאל גאנץ שווער ווירקען אויף די געסט: זי האט זיך ליעב געהאט צו בעריהמען פאר אלעמען, אז זי איז א גרויסע בריה,.. און בעריהמען זיך נישט קורץ, נאר לאנג, מיט נייַן מאס רייד. האט זי דערצעהלט פון איהרע ארבייטען, פון איהר קאכען, באקען, פון בקיאות אין געשעפטען, פון קאנען אויפנעהמען א גאסט, פון קאנען פערציר'ען א געוואלד-ריס א. אז. וו., און האט אפטער אלעמען פערדרעהט דעם

קאָפּ מיט די דאָזיגע װײַבערשע בעריהמערײַען. אין די דאָזיגע נײַן מאָס רײד איז אָבער צומאָל געלעגען אַ שטאָך, געציעלט אין איהר מאַן, וואָס איז כּלומרשט אַ גאַנצער פּריץ, מחמת זי טהוט פאַר איהם. ער איז אַ פּריץ, זי איז שטענדיג פערטהאָן אין אַרבײַט. ער קומט צו אַלעם פאַרטיגען, זי דאַרף דרעהען מיט'ן קאָפּ. אָבער אַ בּריה איז זי פאָרט געװען אַ גרויסע, און די שוואַכקײַט איהרע האָט מען איהר געקענט מוחל זײַן.

אין די ימים־נוראים־טעג, ווען אַלע ישוב'ניקעס קומען אין שטאָדט אַרײַן אויף ראש־השנה, יום־כּפּור, איז זיך אונזער פאַמיליע צונויפגעקומען אין קאַמעניץ. צום זיידען אָבער איז מען נישט פערפאָהרען, הגם אין קאַמעניץ איז בײַ איהם געשטאַנען לײדיג אַ גרויסע וואוינונג. יעדערער האָט זיך געדונגען אויף ראש־השנה און יום־כּפּור אַ דירה. דער זיידע פלעגט אויך קומען מיט זײַן װײַב און צוויי „טעכטער”.

זײַן אײַנגאַנצען, דערווײַטערט פון זיידען האָט דאָך נישט געפּאַסט, און אַז מען איז געקומען פון דאַוונען, פלעגען די גרעסערע קינדער געהן אָבגעבען גוט־יום־טוב דעם זיידען און באַלד אַהײם געגאַנגען. פאַר'ן גאַנצען טאָג איז מען שוין מעהר צום זיידען נישט געגאַנגען, און די שטוב האָט אויסגעזעהן דעם ערשטען ראש־השנה, נאָך דער באָבע'ס טויט, ווי אַ חרוב־געוואָרענע שטאָדט. נאָר אויב עס האָט זיך דאָך עטוואָס גערודערט אין דעם זיידענס שטוב ראש־השנה־צײַט — זענען דאָס געווען די געסט, וואָס פלעגען קומען צו זײַנע שטיעף־טעכטער.

מײַן טאַטע איז געווען ראש־השנה בײַם רבי'ן אין סלאָנים.

דעם פעטער מרדכי־ליב'ן האָט זעהר פערדראָסען זײַן ברודער'ס חתונה, האָט ער זיך אויך דערווײַטערט פון איהם. ער האָט איהם אַפילו גאָרנישט געזאָגט וועגען דעם, נאָר בײַ זיך האָט ער עס געהאַלטען פאַר אַ גרויס פערברעכען און פאַר אַ מאוס'ע גראָבקײַט, און אַזוי אַרום האָט ער זיך ביסלעכווײַז אָבגערוקט פון זײַן ברודער. דער זיידע פלעגט שוין קומען צו מרדכי־ליב'ן, נישט ווי אַמאָל, מיט יענער ברייטקײַט און פרײַקײַט. דער קלוגער זיידע האָט גרויסאַרטיג פערשטאַנען דעם ברודער'ס שטומען ברוגז און האָט זיך געסטאַרעט צורײַבען עס ווי עס איז. אַזוי. למשל, האָט ער אָנגעהויבען קומען

אָפּט צום כּרודער, אָנשטאָט דעם, וואָס פריִהער פלעגט יענער קומען צו איהם.

די נאַכט צו ערב יום-כּפּור, וואָס האָט געהאַט אַזאַ חן בײַם ײַדען אין שטוב, איז איצט אַוועק זעהר שטיל און אומעטיג. דער שוחט איז טאַקי געקומען קודם צו אהרן-לײזער'ן, אָבער די בעלי-בתּים האָבען נישט אַרײַנגעשיקט זײערע כּפּרות צום ײדען אין שטוב. אַלע קינדער, ווידער, האָבען זיך אָבגעשלאָגען די כּפּרות בײַ זיך און אַרײַנגעשיקט צום ײדען די כּפּרות פאַרטיגע, „אָבגעשלאָגענע”, נישט ווי פאַר-אַ-יאָהרען.

נאָר די נאַכט פון ערב יום-כּפּור זענען די גרעסערע קינדער אַוועק צום ײדען. עס איז געווען דערזעלבער גרויסער רײַכער טיש מיט די פערשיעדענע אײַנגעמאַכטס און טאָרטען און פּירעשקעס, און לעקעכער און ניס און זיסע בראָנפענס, אָבער וואו איז די שמחה? וואו איז די פרײַנדשאַפט, די ברידערשאַפט, די גרויסע ליעבע? אַלץ וואָכעדיג, קאַלט, מרה-שחורה'דיג, פערשלאָפען, נישטאָ דאָס רוישען פון די פיעל קלײניטשקע און גרעסערע אײניקלעך. נישטאָ די שטראַהלענדיגע בליקען. אַלע האָבען זיך ביסלעכווײַז צורוקט, צעוואָרפען, פערבאָרגען. און דאָס בענטשען ערב יום-כּפּור איז שוין אויך נישט דאָס, ווי פאַר-אַ-יאָהרען, בעת אַלע האָבען געוואַרט אײנע אויף די אַנדערע, קײנער איז נישט אַוועקגעגאַנגען אַלײן. אַלע האָבען צוזאַמען געווײנט און די געוויינערײַ מיט דער יאָמערײַ סײַ פון די גרויסע און סײַ פון די קלײנע זענען דערגאַנגען ביז'ן זיעבענטען הימעל.

דער פעטער בעריל-בענדעט, וואָס פלעגט שטענדיג פערפאָהרען מיט זײַן גאַנצער פאַמיליע קינדער און אײניקלעך צום ײדען אויף ראָש-השנה און יום-כּפּור, איז הײַנט פערפאָהרען צו זײַן פאָטער זעליג אַנדאַרקעס... נאָר אײן זאַך איז אפשר געווען מעהר ווי פאַר-אַ-יאָהרען: שטילע, דערשטיקטע טרעהרען...

נאָך יום-כּפּור זענען זיך אַלע צופאָהרען אין די הויפען און אַלץ איז אַוועקגעשוואומען. עס איז געווען קלאָר, אַז די גרויסע שיף איז צובראָכען געוואָרען, און יעדער שווימט אַוועק בעזונדער אויף אײנציגע העלצלעך און ברעטלעך, וואָס זענען געבליבען פונ'ם גרויסען שיף...

## צווייטעס קאַפּיטעל.

מיין טאַטענס אומעט. — זיין בענקשאַפט. — די נויט צו דאַווענען מיט מתנגדים. — זיך פערבענקט נאָכ'ן רבי'ן. — דער היזק. — אַמאָליגע חסידישע שמחות. — ר' אברהמ'עלע. — זיין אָנפּאָהר קיין קאַמעניץ. — דער פּאַראַד. — חסידים קאָכען, באַקען, אויפ'ן אַמעריקאַנער שטייגער. — די באָד. — דעם רבינ'ס לכו נרננא. — די מאָלצייטען. — דעם רבינ'ס זיפצען. — שריים. — ר' ישראל וויל נישט זינגען. — דעם רבינ'ס מאַכט. — ר' יחזקאל גט זיך מיט זיין פרוי. — חסידישע שפּיעלעכלעך. — מען שמייסט מיין טאַטען. — איך וויין. — עס איז פרעהליך.

דער טאַטע האָט, זייענדיג אין דאָרף, אָהן די חסידים און אָהן ר' ישראל'ן, פערלאָרען זיין שטיל-פרעהליכע מינע, וואָס איז שטענדיג געלעגען ביי איהם אויפ'ן פּנים. איהם האָט קענטיג, אינוועניג, אין האַרצען, געצויגען און געריסען צו זיינע חסידים, און דאָ איז ער געוועזען „אַליין ווי אַ שטיין".

איבערהויפּט האָט אויף איהם באַנג געטהאָן אין די שבתים. אַ רחמנות געוועזען צו קוקען. ער האָט זיך אפילו פרייטאָג-צו-נאַכט משמח געווען מיט זיינע קליינע קינדער, מען האָט אָנגעצונדען אפשר אַ דרייסיג

ליכט אין שטוב, ער האט געזונגען און האט צוגעגעבען אלעמען מוטה, אבער דאס איז געווען אז-אך-און-וועה. איך האב אפילו איהם געהאלפען זינגען, איך האב געקענט, געדענק איך. א סך חסידישע נגונים (מען האט מיך דערמיט זאגאר פערלויבט ביי מיינע מחותנים, ווען איך בין א חתן געווען. צווישען מיינע שבחים האט מען אנגעגעבען אויך דאס, אז איך קען אפשר צוויי הונדערט נגונים זינגען). אבער נישט אלעמאל האב איך געקענט זיין ביי איהם און נאך דער חתונה, ווערענדיג אויס חסיד, האבען מיר שוין די אלע חסיד'ישע נגונים'לעך נישט געשמעקט, אויסער ר' ישראל'ס, וואס האבען שטענדיג אויפגעוועקט אלע סטרונעס פון מיין הארצען.

איך האב דעם טאטען געהאלפען זינגען די חסיד'ישע נגונים אהן חשק, און כדי איך זאל זינגען מיט מעהר טעם, פלעגט ער אומישנע זינגען ר' ישראל'ס נגונים. אבער די שמחה זיינע, ווי געזאגט, איז געווען א געמאכטע, ווי דער עהרליכער יוד עסט די מרור ביים סדר. אזוי האט מען זיך „משמח געווען" ביז א זייגער צוועלף ביינאכט.

געדאווענט האט דער טאטע שבת אויך אין דערהיים, חאטש אלע ישובים פון א ווארסט, צי פון צוויי ווארסט ארום, קלויבען זיך אויף, לויט דער טראדיציע, צו איין ישובניק דאווענען שבת מיט א מנין. אין אזא מנין לייענט מען אויך די תורה, ווי עס פיהרט זיך אומעטום: צוויי ישוב ניקעס, גבאים, רופען אויף צו דער תורה. עס איז אויך דא שנאה, קנאה פאר עליות. יעדערער וויל די פעטערע עליה, און די גבאים קענען קיינמאל נישט יוצא זיין. טיילמאל קומען דערפון ארויס גרויסע מחלוקת'ן ביז מסר'ן אדער ביז אויסדינגען ביי יענעם זיין קרעטשמע, צי זיין פאקט.

דער טאטע האט קיינמאל נישט געוואלט דאווענען מיט די ישוב'ניקעס מתנגדים, נאר אז עס האט געפעהלט צום מנין, פלעגט ער מוזען קומען. אבער ער פלעגט ביי זיך נישט קענען פועל'ן צו דאווענען מיט זיי בציבור. ער פלעגט שוין דעמאלט האבען אנגעגרייט ביי דעם ישוב'ניק א מדרש אדער א זוהר און פלעגט בעת'ן דאווענען קוקען אין די ספרים. געדאווענט האט ער אין דערהיים פאר זיך. שטיל האט ער שטענדיג געדאווענט און אין זיין פערקנייטשטען שטערען און די פערטהונענע אויגען האט זיך ארויסגעזעהן זיין כונה.

נאָכ'ן דאַוונען, געקומען אין שטוב אַריין, געזאָגט דעם גרויסען „גוט-שבת", אַריינגעגאַנגען צו דער מאַמען אין צימער, וואָס איז געזעסען אָדער ביים סידור אָדער ביים צאינה וראנה און אָבגעגעבען איהר בעזונדער גוט-שבת. דערנאָך קומט דער קידוש, דערנאָך לעקעך און קיכעל מיט הערינג, און ברוסט-פלייש, קאַלטע פון נעכטיגען צימעס. דאָס האָט געמוזט זיין. דערנאָך איז מען געגאַנגען עסען. עס האָט געמוזט זיין פיש, ציבעלע מיט אייער און שמאַלץ.

אין מיינע יונגעלשע יאָהרען האָט ער מיר איינמאָל דערצעהלט, אַז דער לעכוויטשער האָט געזאָגט, אַז עס איז פאַרהאַן אַ בעזונדער אבר ביי אַ יודען, וואָס האָט נאָר הנאה פון ציבעלע אום שבת...

נאָך דעם אַלעם פלעגט מען דערלאַנגען טשאָלענט, קאַרטאָפעל, קאַשע, צוויי סאָרטען קוגלען, פלייש א. א. וו. דאָס עסען האָט געדויערט אַ שעה צוויי, דריי, מען האָט געזונגען זמירות און געגעסען, געזונגען און געגעסען, אָבער אויפ'ן טאַטענ'ס פנים איז געלעגען אַ בעהאַלטענע מרה-שחורה, וואָס ער איז פערשטויסען געוואָרען פון שטאָדט, פון זיין חסידים-שטיבעל, וואו עס איז געווען באמת פרעהליך און האַרציג, וואָס ער איז פערשטויסען געוואָרען פון זיינע סעודות און פון זיין ר' ישראל'ן און פון דעם גאַנצען כולל חסידים, און ער האָט ווירקליך אויסגעזעהן ווי אַ פייגעלע, וואָס איז פערטריבען געוואָרען פון זיין נעסט...

נאָכ'ן עסען איז ער געגאַנגען שלאָפען, ווי דער שטייגער איז. נאָכ'ן שלאָף—געלערנט חומש, מדרש, זוהר און זיך מיט אַלע כחות געסטאַרעט צו דערשטיקען דעם אומעט.

אָבער איך האָב איהם שוין גוט געקענט און אַרויסגעלעזען דעם אומעט פון זיין יעדער בעוועגונג. וואָלט איך האָטש געווען אַ חסיד, וואָלט ער דאָך פערגעניגען געהאַט, וואָלט געווען מיט וועמען צו פערברייגגען אין חסיד'ישע תורות און נגונים. אָבער דאָס איז ניט בעשערט געווען, און זיין זוהן איז געווען ווייט פון איהם כרחוק מזרח למעריב. — אויסערדעם, האָט איהם נאָך געגעבערט אין מוח, טאָמער, חלילה, ווער איך נאָך אַנ'אפיקורס אויך, א קשיה אויף אַ מעשה. אַ שם פאַר אַ חקרן האָב איך סיי-ווי-סיי, און ווער ווייס וואָס עס קען

אַרויסקומען פון די גרויסע חקירות — און דאָס האַרץ האָט איהם שטאַרק געשראָקען.

איך האָב אויף איהם גרויס רחמנות געהאַט. מיר האָט עס ממש דערנומען דאָס לעבען, און איך האָב געוואָלט פּלענער ווי איהם צו בערוהיגען. איך וועל זיין אַ מתנגד, אָבער אַ הייסער יוד. אַ הייסער יוד וועל איך זיין. אָבער וואָס איך האָב מיך נישט געסטאַרעט, האָט עס אַלץ נישט געהאָלפען. ביי איהם איז אויסגעקומען, אַז וויבאַלד איך האָב געקענט דורך די ויכוחים אַראָבגעהן פון די גלייכע חסידישע וועגען, טאָ ווער ווייס צו וואָס איך קען נאָך דערגעהן מיט די דאָזיגע ויכוחים און חקירות! אפשר לייקענען אינגאַנצען אין בורא יתברך. אודאי האָט ער מגזם געווען מיין כח אין ויכוחים.

וואוינענדיג אין פּאַסעקי, האָט זיך דער טאַטע איינמאָל, אַרום ראש-השנה, פ ע ר ב ע נ ק ט נאָכ'ן רבי'ן. אָברייסען זיך פון דערהיים אין אַט דער צייט איז כמעט אונמעגליך פאַר אַ פּאַסעסאָר: די גאַנצע פעלד-אַרבייט ווערט קאָנצענטרירט אַרום ראש-השנה, מען דאַרף גראָבען קאַרטאָפּעל און בעהאַלטען אין גריבער; מען דאַרף דרעשען קאָרן, מען דאַרף פערהאַקערן און פערבראָנעווען די פעלדער; מען דאַרף צוגרייטען תבואות צו פערזייהען אויפ'ן קומענדיגען יאָהר, מען דאַרף דעם צווייטען מאָל שניידען היי א. אַז. וו., א. אַז. וו.

דעם טאַטען האָט זיך אָבער פערבענקט נאָכ'ן רבי'ן — זאָל גאָט היטען. אַ גאַנץ יאָהר האָט ער געהאָרעוועט, גע'תכלית'ט, גע'עסק'ט מיט גוים, פון וואָס עס האָט איהם ממש געאיבעלט. אַ קלייניגקייט, האָבען אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָהר אַנ'עסק מיט פויערים, מיט גוים.

נישט אָנזעהן אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָהר אַ חסידישע קהלה. איהם האָט פּשוט פערקלעמט דאָס האַרץ, ווי ביי אַ קינד, ווען די מוטער איז אַוועקגעגאַנגען. און נישט קוקענדיג דערויף, וואָס עס ברענט די אַרבייט, וואָס איין אַרבייט יאָגט די צווייטע און, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די צייט איז אַ געדריקטע און אַ הונדערטער איז פּשוט אַנ'עולם ומלאה, איז ער דאָך אַוועקגעפאָהרען קיין סלאָנים, איבערלאָזענדיג די גאַנצע אַרבייט אויף אַ פויער. אין סלאָנים האָט ער פערבראַכט גאַנצע אַ כ ט טעג. געקומען איז ער אַהיים פאַר יום-כפור און האָט געפונען ביי זיך אין הויף זעהר אַ שענע אָרדנונג.

דעם האָבער (עס איז געווען אַ שפּעטיגער זומער) האָט מען געשניטען נישט אין דער צייט, האָט ער זיך צושאָטען אין פעלד; די קאַרטאָפעל האָט מען נישט אַרייַנגעלעגט אין די גריבער, איז מעהר ווי אַ העלפט צופוילט געוואָרען; דאָס קאָרן האָבען די דרעשער געדראָשען נישט פון טאָג, נאָר פון שאָק, האָבען זיי טאַנדעטעוועט אין דער אַרבייַט, איבערגעלאָזט אין יעדען זאַנג נישט ווייניגער פון אַ פיער קערנער און דעסגלייַכען.

אַזוי האָט דער טאַטע געהאַט היזק פון זייַן סלאָנימער רבי בייַ אַ פינף—זעקס הונדערט רובל, אויסער רייַזע־קאָסטען.

וויסענדיג דעם טאַטענ׳ס געדריקטע לאַגע, האָב איך מיך נישט געקענט פאָרשטעלען, אַז דער טאַטע זאָל זיך בעשליסען אויף אַזאַ שאָדען צוליעב זייַן סלאָנים.

— איז דאָס אמת, טאַטע, — האָב איך איהם אייַנמאָל אַ פרעג געטהאָן. — פינף הונדערט רובל היזק האָסטו געהאַט?

— היזק האָב איך געהאַט אַרום זיבען הונדערט רובל, — האָט דער טאַטע שטיל געענטפערט.

זיבען הונדערט רובל!

— טאַטע! — האָב איך מיך אייַנגעשטעלט — צו וואָס האָסטו עס בעדאַרפט? וויל מען פאָהרען, קלייַבט מען אויס אַ בעסערע צייַט.

דער טאַטע האָט מיט אַ מאָדנער טריבער פערבענקטקייַט אַ קוק געטהאָן אויף מיר.

— דו ביזט קיינמאָל קיין חסיד נישט געווען, ווייסטו נישט וואָס הייסט פאָהרען צום רבי׳ן. נישטאָ קיין גרעסערער תענוג, דער רבי גיט כחות צו לעבען...

און דער טאַטע איז שטיל געבליבען און אויף זייַן פנים האָט זיך בעוויזען אַ מינע, פונקט ווי עמיצער וואָלט איהם אַ שטאָך געטהאָן בייַם האַרצען.

איך בין אויך אַנטשוויגען געוואָרען.

ווי קומט מייַן טאַטע צו לעבען אויפ׳ן דאָרף, צווישען גוים! דער יוד, וואָס האָט אַזוי ליעב געהאַט יודישען פרומען טומעל, יודישע שמחה, יודישען טאַראַראַם און אפילו דעם ריח פון אַ יודען... טייַלמאָל פלעגט דער טאַטע פערזונקען ווערען אין זייַנע זכרונות—

דער אײנציגער תענוג און אײנזאמקײט. עס איז אויך געװען װאָס צו געדענקען. דער טאַטע האָט געשפּילעט ניט קײן קלײנע ראָלע צװי־שען חסידים, און ער פלעגט זיך פערגינען אויפנעהמען אויף עטליכע טעג אַ רבי מיט זײן גאַנצער כנופיא, װאָס דאָס האָט אַ היבש ביסעל געלד געקאָסט. איך געדענק נאָך, װי איצט, דעם פּאַראַד, װאָס די קאַמעניצער חסידים האָבען געמאַכט זײער גרויסען גאַסט—דעם סלאָ־נימער רבי.

דער סלאָנימער רבי, ר׳ אברהם, איז געקומען קײן קאַמעניץ דאָ־נערשטאָג פריה, אין אַ בויד מיט דרײ פערד. צוזאַמען מיט איהם זע־נען געזעסען דרײ משמשים, אײנער אַן׳עלטסטער און צװײ געהילפען. נאָך זײן בויד זענען נאָכגעפאָהרען פיער בעל־עגלה׳שע פוהרען מיט עטליכע און צװאַנציג בריסקער חסידים. די קאַמעניצער חסידים, װידער, אַרום דרײ מנינים יודען, זענען אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגען אין בריס־קער גאַס, מקבל־פנים זײן דעם רבי׳ן, און אַז דער פוהרמאַן פון רבינ׳ס בויד האָט דערזעהן פון װײטען די חסידים געהען, האָט ער אָנגעהויבען צו פאָהרען פּאַמעלעך. די קאַמעניצער חסידים, װידער, אַז זײ האָבען פון װײטען דערזעהן דעם רבינ׳ס בויד, האָבען זײ אָנ־געהויבען צו זינגען זײער חסידיש נגונ׳דיל, װאָס דער סלאָנימער רבי האָט בעזונדערס ליעב געהאַט. איך בין דעמאָלט אויך מיטגעגאַנגען מיט די חסידים. דער טאַטע האָט מיר געװאָלט אָנטהאָן אַ נחת רוח און אַט, װי איצט, הער איך דאָס זיסע נגונ׳דיל און, װי איצט, זעה איך די מחנה חסידים, װאָס געהט פון שטאָדט בעגעגענען דעם רבי׳ן.

אַך, װי פרעהליך עס איז געװען.

אַז די חסידים זענען צוגעקומען צום רבי׳נס בויד, האָבען זײ די בויד אַרומגערינגעלט און מען האָט אויסגעזונגען אַ פרעהליכען שלום־עליכם, װאָס אונזער טײערער ר׳ ישראל האָט פערפאַסט, לויט מײן טאַטענס בקשה.

די ערשטע האָבען דערלאַנגט דעם רבי׳ן שלום־עליכם מײן פאָ־טער מיט ר׳ אהרעלע׳ן, װעלכע דער רבי האָט אַרײנגענומען צו זיך אין בויד אַרײן.

אַז די גאַנצע צערעמאָניע פון שלום־עליכם־אָבגעבען האָט זיך

געענדיגט, און געדויערט האָט עס נישט ווייניג, האָט דער פוהרמאַן אַ שמייץ געטהאָן די פערדלעך. די חסידים'לעך האָבען גענומען פער־חאַפּען ערטער אויף די פוהרלעך. מען האָט געחאַפּט וואָו ווער עס האָט געקאָנט. פאַר די בעסטע ערטער זענען געהאַלטען געוואָרען די הינטער־ברעטער פון דעם רבי'נס פוהר'ל. בכלל האָט מען זיך אויסגעזעצט אַ חסיד אויף חסיד, פונקט ווי אַ וואָגען גענז, און עס איז געגעבען געוואָרען אַ קאָמאַנדע:

— געפאָהרען זאָל ווערען!...

— וויאָ! — האָבען די בעלי־עגלות אַ קנאַל געטהאָן מיט די בייטשען.

מיך האָט דער טאַטע אַריינגענומען אין בויד אַריין צום רבי'ן.

— דאָס איז מיין זוהן...! — האָט מיך דער טאַטע פאַמעליך פאָרגעשטעלט.

— דיין זוהן, — האָט דער רבי פון דער זייט אַ קוק געטהאָן אויף מיר — וועט זיין אַ וואַרימער חסיד...

דער טאַטע האָט זיך געפרייהט.

מען האָט געטריבען די פערד און די חסידים האָבען געזונגען הויך אויפ'ן קול. און אַ זייטיגער, אַ קריסט, למשל, וואָלט זיכער גע־קאָנט מיינען, אַז דאָס פאָהרען די סאַמע גליקליכסטע מענשען אין דער וועלט. נישט מעהר, די מלבושים זענען נישט זעהר רייך...

אַז מען איז געקומען אין שטעדטיל אַריין, האָט מען שוין האָ־פּערדיג אונטערגעבראָמט אונטער דער נאָז, און די התפעלות איז גע־ווען גרויס, פונקט ווי מען וואָלט איינגענומען אַ פעסטונג.

אַזוי איז מען געקומען צו אונזער שטוב. דער טאַטע האָט צו־געגרייט פאַר'ן רבי'ן אַ גרויס צימער און געשיקט צו דוד־יצחק'ן לייה־הען דעם גרויס־פאָטעל פאַר'ן רבי'ן. חסידים האָבען דעם רבי'ן אַרויס־גענומען פון בויד, אַריינגעפיהרט איהם אין בעשטימטען צימער, וואו מען האָט איהם איבערגעלאָזען צוזאַמען מיט'ן עלטסטען משמש. די איבעריגע צוויי משמשים האָבען זיך צושטעלט ביי די טהירען, ווי אַ שטרענגע וואַך פון סאָלדאַטען. די חסידים האָבען זיך צושאָטען אין די איבעריגע חדרים. באַלד איז דער עלטסטער משמש אַרויס פון רבי'נס חדר און אָנגעזאָגט, אַז ער, זאָל לעבען, האָט זיך צוגע־

לעהענט אויף דער קאנאפע, זאל זיין שטיל... זענען אלע חסידים, ווי איין מענש, געווארען אזוי שטיל, אז מען האט געקאנט הערען א פליעג אויפ׳ן וואנד. מען האט מורא געהאט א ווארט אויסצוריידען.

דערנאך האבען זיך די קאמעניצער חסידים גענומען צו דער ארבייט. מען האט צוגעגרייט א שבת פאר א פאר הונדערט מאן. אלע האבען געארבייט, און די פרעמדע חסידים, די אורחים, האבען זיך צולעגט אויף די בענק. די גרויסע סטאדאלע אונזערע האט מען יום־טוב׳דיג צוגערוימט, אויסגעשאטען מיט זאמד און ארום די וענד האט מען הויך אויסגעלעגט מיט היי פאר די חסידים אויף צו שלאפען. די פוהרען מיט די פערד, מיט דעם רבי׳נס בויד האט מען אוועקגע־שיקט צו זעליג אנדארקעס אין סטאדאלע.

מיט א וואך פריהער האט דער טאטע מיט די חסידים געמאכט א חשבון, וואס מען דארף צוגרייטען אויף שבת פאר אזוי פיעל אורחים. דער חשבון האט לאנג געדויערט. מען האט בעדארפט צוגרייטען פיש און פלייש, וויין און בראנפען, פוטער, אייער, שמאלץ, צימערינג, פיי־גען, מאנדלען, חלות, בולקעס, ברויט און נאך און נאך. דאס איז אנ׳ארבייט גארנישט קיין קליינע.

ר׳ ישראל, וידער, איז געשטאנען און נאכאנאנד געלערנט מיט זיינע תלמידים־זינגער די נגונים, וואס ער האט צוגעגרייט. צווישען די זינגער בין איך אויך געוועזען. ר׳ ישראל איז געווען פערשוויצט, האט געפאכט מיט די הענד, געטופעט מיט די פיס, קאמאנדעוועט, געדרעהט מיט׳ן פינגער און געמאטערט אונזערע זכרונ׳דלעך, מיר זאלען פערנעהמען די נייע נגונים. קאלט און ווארים האט ער, נעבעך, פון אונז געהאט. דער עולם האט זיך נישט זעהר אויסגעצייכענט מיט א גוטען געהער, און ר׳ ישראל האט זיך ממש געבאדען אין שוויים.

ר׳ ישראל האט דא געהאט איין אויפגאבע: אויסלערנען אונז זינגען, זינגען אליין און מיט אונז צוזאמען פאר׳ן רבי׳ן, האט ער נישט געוואלט. דאס איז געווען א פרעמדער רבי... ווי א גוטער חסיד, האט ער זיך נאר מתחייב געווען צו שאפען נגונים פאר דעם פרעמדען רבי׳ן!.. זינגען נאך אליין — דאס איז שוין געווען איבער זיינע כחות, און ביי דער גאנצער שמחה האט ער זיך געפיהלט, ווי אנ׳ארימער און שטאלצער יוד, וואס וויל אוועקגעהן און מוז דאך פערבלייבען...

דער טאַטע האָט קאָמאַנדעוועט מיט די עסען-גרייטער, ער האָט די אַרבייט צוטיילט אויפ'ן אַמעריקאַנער שטייגער: די גרופּע האָט געמאַכט פיש, יענע גרופּע איז געווען פערטהאָן מיט'ן געבראָטענס, אַנדערע האָבען צוגעריכט דעם שנאַפּס, מאַנכע האָבען זיך גלאַט געבאָמבעלט ווי אויף אַ גביר'ישער חתונה און עס איז געווען ליהודים!

צו דער סעודה האָט מען געקוילעט אַ בהמה, קעלבער, געגנז און היהנער.

פרייטאָג האָבען די חסידים געבעטען די מלמדים, זיי זאָלען בעפרייען די חסיד'ישע יונגלעך פון חדר צוליעב דעם רבי'ן. איך אָבער, ווי אַ פּאָלקאָווניק'ס אַ זוהן, בין בעפרייט געוואָרען נאָך דאָנערשטאָג, און אַז די יונגלעך זענען געקומען פון די חדרים, האָט מען זיי אויך מכבד געווען מיט אַרבייט. עס איז געווען גענוג וואָס צו טהאָן.

חסידים האָבען ליעב אין אַלץ אַריינצוטראָגען פרעהליכקייט, און בשעת מען האָט געמאַכט די פיש, פלעגט, אַ שטייגער, אַ חסיד נעהמען אַ העכט אין האַנד און דערמיט אַ פּאַטש טהאָן דעם צווייטען חסיד סאַמע אין פּנים אַריין. איז געוואָרען אַ געלעכטער. אייגענטליך האָט מען מעהר געשטיפט ווי געאַרבייט. דעם האָט מען אונטערגעגאָסען אַ קענדעל קאַלט וואַסער אונטער'ן קאָלנער. אַ צווייטען האָט מען געגעבען צו האַלטען אַ גרויסען פּאָלומעשאָק פיש. האַלט ער מיט ביידע הענד דעם פּאָלומעשאָק און יעדער ציהט איהם דערווייל פאַר'ן באָרד, פאַר דער פּאה, פאַר'ן אויער, פאַר'ן נאָז... און ער האַלט. נעבעך, דעם פּאָלומעשאָק און קען זיך קיין עצה נישט געבען. לאַכט ער אויך מיט אַלעמען. וואָס זאָל ער טהאָן?

מיך האָט דער טאַטע אויך צוגעניצט. און שטיל, אויפ'ן אויער, האָט ער מיר איינמאָל אָנגעזאָגט:

— פאַר אַ רבי'ן דאַרף מען דרך-ארץ האָבען, פּונקט ווי פאַר'ן מלך...

דאָנערשטאָג האָט דער טאַטע געשיקט רופען דעם בעדער און איהם אָנגעזאָגט, אַז די באָד זאָל ער אויף מאָרגען צוגרייטען מיט אַ פּאָר שעה פריהער; אַז עס וועט זיין צוגעגרייט, זאָל ער גלייך שיקען

אָנזאָגען, דער רבי דאַרף געהן אין באָד אַריין. די מקוה זאָל אויך זיין צוגעגרייט. זאָל דער בעדער האַלטען גרייט אַ קעסעל הייס וואַסער, ווען קומען מאָרגען אין דער־פריה די חסידים און אַריבערגיסען דאָס הייסע וואַסער אין מקוה אַריין פאַר'ן רבי'נס וועגען. פאַר דעם אַלעם וועט דער בעדער קריגען אַ פיינע מטבע.

אויף מאָרגען זענען אַוועקגעגאַנגען פיער חסידים אין באָד און איבערגעגאָסען דאָס הייסע וואַסער אין מקוה אַריין. אַרום עלף אַ זייגער איז שוין געווען גרייט די באָד. מען האָט געבראַכט די בויד און עס האָט זיך אַריינגעזעצט דער רבי מיט'ן משמש און דער טאַטע מיט ר' אהרעלע'ן, מיט נאָך עטליכע פון די בכבוד'ערע חסידים — אַ מנין דאַרף זיין, און מען איז אַוועקגעפאָהרען אין באָד אַריין. דער טאַטע האָט מיך אויך גענומען: לויט זיין מיינונג, דאַרף איך מיך געפינען וואָס נעהנטער צו חסידים און נאָכמעהר צ'ם רבי'ן.

אַ מנין חסידים זענען אַריין מיט'ן רבי'ן אין באָד. דער עולם האָט זיך מיט גרויס יראה אויסגעטהאָן און זיך אויסגעזעצט אין שוויץ־באָד אַרום רבי'ן מיט די שעפעלעך וואַסער. מען האָט זיך, ווי איך געדענק, גאָרנישט געוואַשען. מען האָט נאָר געקוקט אויפ'ן רבי'ן, אויף זיין נאַקעטע לייב, געקוקט מיט פחד און נייגיריקייט צוזאַמען, פונקט ווי קינדער קוקען אויף אַ גרויסע וואונדערליכע צאַצקע.

דער רבי האָט זיך פאַמעלעך געוואַשען און געקרעכצט בעת מעשה מיט פערגלאָנצטע אויגען. אין דער דונקעלער לופט פון באָד האָט מאָדנע געבלייכט דעם רבי'נס לייב. און מיר, אַ קליין יונגעלע, האָט זיך געדאַכט, אַז זיין נאַקעטער קערפער וואַקסט ווייל־עווייז אין דער ברייט און אין דער לענג.

דערווייל האָבען זיך אַריינגעגנב'עט נאָך אַ צעהנדליג חסידים, עזות־פנים'ער, וואָס וואָלטען זיך דורכגעריסען צום רבי'ן אפילו דורך אייזען. זיי האָבען זיך אויסגעזעצט נעבען טהיר מיט שעפעלעך און אויך געקוקט אויפ'ן רבי'ן. ביי זיי איז געווען אַ קרן חאָטש פון ווייטען זעהן אַ שטיקעלע נאַקעטע לייב דעם רבי'נס...

אַז דער רבי האָט זיך אַרומגעוואַשען, איז ער געגאַנגען אין מקוה מיט מיין טאַטען און ר' אהרעלען. איך האָב מיך אויך נאָכגע־

שלעפט נאָך זיי. דער רבי האָט זיך געשטעלט ביז׳ן האַלז אין וואַסער, און די באָרד זיינע האָט זיך אָנגעפילט מיט ליכטיגע בלישטשענדיגע טראָפּען. עס איז געווען משונה: דער רבי, א יוד מיט אַ גרויסער באָרד, שטעהט אין אַ מקוה וואַסער.

פון מקוה איז דער רבי אַרויס מיט זיין געוועהנליכען קרעלץ און איז אַוועק אָנטהאָן זיך. די חסידים נאָך איהם. דאָס אַלץ איז צוגעגאַנגען זעהר לאַנגזאַם. עס פערשטעהט זיך, אַז די חסידים האָבען פון דער באָד גופא קיין הנאה נישט געהאַט. אַלע מאָל, געוועהנליך, האָט מען זיך געוואַשען און געפּארעט. דאָסמאָל אָבער איז מען נאָר געווען אָנגעפילט מיט׳ן הייליגען פּחד פאַר׳ן רבי׳ן. דעם רבי׳נס פּנים האָט אויסגעדריקט אַ צופריעדענהייט, וואָס ער האָט זיך מקדש ומטהר געווען צו עבודת הבורא, און די חסידים האָט יעדע תנועה זיינע בעגייסטערט.

דער עולם האָט גיך אַרויפגעחאַפּט אויף זיך דאָס העמד מיט די הויזען און אַלץ נישט אָבגעריסען די אויגען פון רבי׳ן, און לאַנג האָט געדויערט זיין אָנטהאָן זיך. פּאַמעלעך און רוהיג האָט ער אַלץ געטהאָן. אַ זייגער איינס איז מען, גאָט צו דאַנקען, אַרויס פון באָד, און אַז מען איז געקומען אַהיים, האָט מען איהם באַלד דערלאַנגט אַ ביסעלע זיסען בראָנפען, אַן׳אייער-קיכעל מיט אַ שטיקעלע פיש...

פרייטאָג איז געקומען דער גאַנצער בריסקער כולל חסידים, און די שטוב איז געווען פול געפּאַקט מיט יודען, קאָפּ אויף קאָפּ.

צו קבלת-שבת האָט דער רבי געדאַווענט פאַר׳ן עמוד. איידער ער איז צוגעגאַנגען צום עמוד, איז געוואָרען אַ שטיל-שווייגעניש, און די חסידים האָבען מיט גרויס יראה געוואַרט. באַלד האָט דער רבי אַרויס-געזאָגט לכו נרננה מיט אַזאַ הויכען קול, אַז אויף אַלע חסידים איז געפאַלען אַ גרויסע אימה. נאָר תיכף האָבען פון אַלע ווינקעלעך די דאַוונער ווי איין מענש אָבגעענטפערט מיט געזאַנג דעם רבי׳ן, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די וועגד דאַוונען אויך. חאָטש איך בין אַ יונגעל פון צעהן יאָהר און פערשטעה וועניג, פונדעסטוועגען האָט זיך מיר אויך איבערגעגעבען דער הייליגער פּחד פון די חסידים. אַז עס איז געקומען צו דעם אָרט פון זוהר: כגונא דאינון, האָט ער געגע-בען אַזאַ געשריי, פונקט ווי אַ מחנה חיל וואָלט מיט אַמאָל אין שטעד-

טיל אריין, און אלע האבען זיך א צאפעל געטהאן. נאך איצט שטעהט מיר דער קול פאר די אויערן, און פונקט ווי איין מענש האבען אלע ארויסגעשאסען פון די העלזער מיט מאיום׳דיגע קולות:

— כגונא דאינון...

— גוט שבת! גוט שבת! האט געגומען רוישען אין אלע ווינקעלער, אז מען האט געענדיגט דאוונען.

באלד נאכדעם איז מען איבערגעגאנגען אין דער גרויסער עס-שטוב. דער רבי האט אנגעהויבען זאגען שלום-עליכם און אלע חסידים האבען צוגעברומט, און איבער׳ן שטוב, וואס איז היינט געווען שטארק בעלויכטען, האט זיך צוגאסען א זיסער געזאנג, א זיסער, נישט קיין שרייענדיגער, און א הארציגער, און עס האט זיך געפיהלט, אז די שבת׳דיגע מנוחה האט אלעמען פערחאפט און די נשמה טרייסעלט אראב פון זיך דעם אנדערוואכענדיגען יאך.

דערנאך האט דער רבי געמאכט קדוש. אויג און אויערן זענען אויסגעשטעלט. יעדער חסיד פערזוכט פון רבי׳נס כוס. נישט אלע חסידים אבער האבען געקאנט פערזוכען פונ׳ם וויין, און די דאזיגע שלים-מזל׳ס האבען געהאט, נעבעך, גרויס צער דערפון.

דעם טאטען האט ער שוין גערופען בעל-הבית און נישט משה, ווי אלע מאל, און דעם טאטענס אויגען האבען געלויכטען.

דער עולם איז מעהר געשטאנען אויף די בענק, ווי געזעסען. עס זענען געווען מעהר ווי דריי הונדערט חסידים. אזוי פיעל ערטער איז נישט געווען. ווידער, האבען חסידים ליעבער צו שטעהן אויפ׳ן באנק: מען קאן בעסער זעהן דעם רבי׳ן.

די ארדנונג ביים עסען איז געווען אזא:

די חסידים, וואס זענען געזעסען, האט מען דערלאנגט איין טעלער פאר צווייען און די, וואס זענען געשטאנען, האט מען געגעבען איין טעלער פאר דרייען.

עס פערשטעהט זיך, אז דער רבי אליין האט בעקומען מאוים׳-דיגע פארציעס פון יעדערן מאכל, כדי ער זאל קאנען איבערלאזען דערפון שיריים פאר די חסידים. איך האב איינגעזעהן, אז דער רבי האט ליעב ביי יעדער געלעגענהייט צו קרעכצען מיט פערגלאנצטע אויגען. האט ער געגעסען פיש, האט ער געקרעכצט, האט ער גע-

געסען פלייש — ווידער געקרעכצט מיט פערגלאָנצטע אויגען, פונקט ווי ער וואָלט נישט קאָנען אַראָבשלינגען דעם ביסען.

און איינמאָל האָט ער אַרויסגעלאָזט אַזאַ „אוי, רבונו של עולם!", אַז מיר האָט זיך געדאַכט, דער סופיט האָט געפּלאַצט. איך האָב אָבער אויך איינגעזעהן, אַז די דאָזיגע קרעכצענישען און אויקענישען האָבען צוגעגעבען מעהר אַפּעטיט די חסידים.

אַז ער האָט אָבגעגעסען, האָט ער אַ רוק געטהאָן דעם טעלער פון זיך, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס זענען שיריים. איז געוואָרען אַ שרעקליכע חאַפּעריי. די, וואָס זענען געשטאַנען ווייט, האָבען געבעטען ביי די גליקליכע, מען זאָל זיי חאָטש געבען אַ ברעקעל צו פערזוכען. נאָר דער עולם איז געווען מורא'דיג צוהיצט און פערשמאַיעט, און ענאָאיסטיש. די בעטער האָבען וועניג גע'פּועל'ט.

צווישען די געריכטען האָט מען געזונגען. מיט נגונים האָט מען איינענטליך קאָנקורירט. יעדער האָט אויסגעזונגען אַ נגון, און אויב דער דאָזיגער נגון איז געפעלען געוואָרען, איז ער אָנגענומען געוואָרען אויף אַ געוויסער צייט, ביז ער איז דערעסען געוואָרען. געדויערט האָט דאָס עסען אַ שעה פינף.

נאָכ'ן עסען איז מען געגאַנגען שלאָפען אין סטאָדאָלע. דער רבי איז מיט גרוים פּאראַד אָבגעפיהרט געוואָרען צו זיך אין חדר.

אויף מאָרגען האָט מען זיך געשטעלט דאַווענען צעהן אַ זייגער אין דער פריה און צוועלף איז שוין געווען אָבגעדאַוועגט. מען איז געגאַנגען עסען, און דער רבי האָט ווייטער אָבגעקרעכצט מיט גרויסע פערגלאָנצטע אויגען. עס האָט זיך איבערגע'חזר'ט דאָסזעלבע וואָס נעכטען, נאָך מיט מעהר פרישקייט. עס זענען געווען פינף סאָרטען קוגלען: אַ לאָקשענער, אַ טרוקענער, אַנ'איינגעמאַכטס-קוגעל, אַ רייז-קוגעל און נאָך עפּיס אַ קוגעל.

דערנאָך האָט מען דעם רבי'ן דערלאַנגט אַ גרויס שטיק אינדיק, ביי וועלכען דער רבי האָט שטאַרק געקרעכצט. וויין און בראָנפען איז געווען לרוב.

אַ זייגער פיער נאָכ'ן עסען האָט מען געחאַפּט אַ טענצעל, וואָס האָט זיך אַוועקגעצויגען ביז מנחה און באַלד ווידער געזונגען. נאָר דער

בּעסטער זינגער, ר' ישראל, האָט נישט געזונגען. ער איז געווען אַ קאָצקער חסיד, און דער רבּי האָט געשיקט אַ חסיד בּעטען איהם צום טיש. ר' ישראל איז געקומען, אָבּער דעם גאַנצען שבּת איז ער געזעסען אַ שטומער. דאָס איז געווען נישט זײַן יום-טוב, נישט זײַן רבּי און עס איז געווען אַ רחמנות אויף איהם. צו שלש-סעודות האָט זיך דער רבּי געווענדט צו איהם:

— ישראל, זינג עפּיס.

ר' ישראל האָט אַראָבּגענומען די הענד פון האַרצען, האָט זיך אַרומגעקוקט און אָנגעהויבּען... נאָך קיינמאָל האָט ער אַזוי נישט געזונגען... אַפּנים, אַז אין איהם האָט דעמאָלט געזונגען די בּענקשאַפט נאָך זײַן רבּי'ן...

און די חסידים זענען געבּליבּען פערגאַפט.

נאָך שבּת איז געוואָרען שיטערער. אַ סך זענען זיך צופאָהרען, און דינסטאָג האָט דער רבּי געגעסען דעם לעצטען מיטאָג אין קאַמעניץ. עס זענען שוין געווען נישט פיעל מענשען בּײַם טיש, און די קאַמעניצער חסידים זענען געווען זעהר צופרידען, וואָס זיי האָבּען איצט פרײַע ערטער אַרום רבּי'ן.

איצט וועלען זיי קענען זעהן די שכינה, וואָס רוהט אויפ'ן רבּי'נס שענעם פּנים און וועלען הערען דעם רבּי'נס תורות, וואָס מלאכים און שרפים ציטערען דערפאַר.

און דער רבּי איז עפּיס געווען זעהר פרעהליך און גערעדט בּײַם עסען מיט אַלע חסידים.

אַוועק אַלע פרעמדע חסידים, זענען די קאַמעניצער געווען אויפ'ן זיבּענטען הימעל.

דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, דער לעצטער מיטאָג אין קאַמעניץ. נאָך מיטאָג איז דער רבּי אַוועקגעפאָהרען צו איינעם אַ ישוב'ניק און בּײַ אונז אין שטוב און אין שטעדטיל איז געוואָרען שטיל, פּונקט ווי אַ רוישיגער ים וואָלט אָבּגעפאַלען און די חוואַליעס וואָלטען מיט אַמאָל אַנטרונען געוואָרען. דאָרטען, אין דאָרף, האָט, נעבּעך, דער רבּי געהאַט אַ מאוס'ען פּסק. *)

---

*) זעה מײַן ערשטען טהייל.

אז איך רייד שוין וועגען דעם סלאָנימער רבי, ר׳ אברהם, קומט מיר אַרויף אויפ׳ן זכרון אַ פאַקט, וואָס האָט דעמאָלט אויפגערודערט די גאַנצע משפחה אונזערע און וואָס חאַראַקטעריזירט אויסגעצייכענט דעם רבי׳נס מאַכט איבער זיינע חסידים׳לעך. דער עולם האָט איהם געפאָלגט אין פייער און אין וואַסער.

געשעהן איז עס מיט מיין שוואָגער יחזקאל, דעם קאַמעניצער רב׳ם זוהן.

ביי דעם דאָזיגען יחזקאל׳ן האָבען זיך נישט געהאַלטען קיין קינדער און דבורה, זיין טאָכטער, דאָס ווייבעל, וואָס דער מחותן איז אַוועקגעשטאָרבען אין דער נאַכט פון איהר חתונה, האָט אויך ווייניג געלעבט. און ר׳ יחזקאל מיט זיין ווייב הדס זענען אויף די עלטערע יאָהרען געבליבען אָהן קינדער.

ר׳ יחזקאל פלעגט אַלט—ניין מאָנאַטען אין יאָהר אומפאָהרען פון סלאָנימער כולל נאָך ארץ־ישראל געלד און די איבעריגע צייט איז ער געזעסען ביים רבי׳ן. ער איז געווען די ערשטע האַנד פון רבי׳ן.

איינמאָל פורים, זיצט ער אַזוי נעבען רבי׳ן, ביי דער סעודה. גיסט דער רבי אַליין אָן צוויי כוסות וויין: פאַר זיך און פאַר ר׳ יחזקאל׳ן. טרינקען ביידע לחיים. דערביייאיגע חסידים קוקען מיט קנאה, ווי זיי טרינקען. נאָר נאָכדעם, ווי דער רבי גיט אַזופּ, זאָגט ער:

— לחיים, לחיים, יחזקאל. אם ירצה השם איבער־אַ־יאָהר מיט אַ בן זכר...

חסידים האָבען אויסגעשטעלט מויל און אויערן און נישט געקאָנט פערשטעהן דעם רבי׳נס רמז. וואָרום יחזקאל מיט זיין ווייב קאָנען שוין קיין קינדער נישט האָבען.

ר׳ יחזקאל איז אָבער געווען אַ קלוגער חסיד און באַלד פערשטאַנען דעם רבי׳נס ברכה. גאָר פשוט: אָב׳געט׳ן דאָס ווייב און נעהמען אַן׳אַנדערע, אַ יונגערע... מיט הדס׳ן האָט ר׳ יחזקאל אָבגעלעבט עטליכע און פיערציג יאָהר, געלעבט ווי טויבען. ער איז געווען אַ פרעהליכער מענש און אַ גרויסער בעל־מדה. דאָסזעלבע איז געווען זיין פרוי. ביידע זענען געווען וואונדערליך גוטע מענשען. דערצו

איז זי געווען זעהר א ציכטיגע, און א גרויסע בריה, א גרויסע בעל־הבית'טע, און א ליעבע היימליכקייט האט געוועהט ביי זיי אין שטוב. און ביידע, זעכציג־יעהריגע, האבען זיך שטענדיג אנגעקוקט, ווי יונגע ערשט־פערליעבטע קינדער.

דער רבי האט אבער מרמז געווען...

פערווירקליכען דער רבי'נס רמז איז אנ'עגין זעהר א שווערער. אבער א חסיד איז ווי א גוטער סאלדאט. הייסט דער רבי, דארף מען פאלגען. און יחזקאל האט לאנג געטראכט און האט הרס'ן אנגעשריבען א בריעף. אין בריעף האט ער געשריבען, אז זיי מוזען זיך... גט'ן. אזוי מיינט דער רבי. און קוים מיינט אזוי דער רבי, איז דאס מסתמא נגזר געווארען מן השמים און מען דארף עס אננעהמען פאר ליעב. און זי זאל נישט מיינען, חלילה, אז זי קען דאס איבערמאכען; ניין. ווארום אזוי ווי דער הימעל קען קומען צו דער ערד, אזוי קען זי שוין זיין פון היינט אן זיין ווייב! און ער גיט איהר טויזענד רובל כתובה־געלד, און דאס געלד גיט דער רבי. ווארום אליין האט ער קיין געלד נישט. און זי קאן נאך אם־ירצה השם קריגען א שענערן יודען פאר איהם. זי קאן נאך חתונה האבען, און בכן... א. אז. וו.

דאס ווייב האט איבערגעלייענט דעם בריעף און... גע'חלש'ט. איז אנגעלאפען די גאנצע פאמיליע און מען האט אויפגעהויבען א ויצעקו.

— מ'טייטש, וואס וויל ער, דער גזלן! אבקוילענען דיך מיט א מעסער וויל ער! א יוד האט אבגעלעבט מיט א ווייב באלד פופציג יאהר, געהאט מיט איהר זעקס קינדער און איצט וויל ער זי גט'ן. וואס מיינט ער זיך, וואס?

און מען האט זי אויסגעריכט קיין סלאנים צום רבי'ן און צום מאן. זאל זי זיי דארט מאכען שווארץ ווי די ערד.

אבער ר' יחזקאל איז שוין געווען אוועקגעפאהרען נאך ארץ־ישראל־געלד, און האט איבערגעלאזען ביים רבי'ן א פארמעלען גט.

האט זי אנגעהויבען שטארק צו וויינען און צו טענה'ן האטש פאר'ן רבי'ן, אבער דער רבי האט זי איבערגעשלאגען:

— אשה, קיין קינדער קענסטו שוין נישט האבען, פארוואס

זאָלסטו שטערען דײַן מאַן דערין? וואָס ווילסטו, דײַן מאַן זאָל קײַן תקומה נישט האָבען אויף יענער וועלט? ער קאָן נאָך נעהמען אַ בת-בנים... געדענק, וועסטו מיך פאָלגען, וועסטו מאריך ימים זײַן און איבער הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר אַרום וועסטו האָבען אַ ליכטיגען גן-עדן...

דערהערענדיג אַזוינע רייד, האָט הדס ווידער געחלש'ט. אָבער מיט'ן חלש'ן האָט זי דאָך נישט געקאָנט אָבהאַלטען דעם גט. דער רבי האָט זיך האַרטנעקיג געהאַלטען בײַ דאָס זײַניגע.

און זי האָט נישט-ווילענדיג גענומען דעם צוגעגרייטען גט...

דערנאָך האָט איהר ר' יחזקאל געגעבען געלד און זי איז אַ דערשלאָגענע אַוועק קײַן קיעוו.

שפּעטער האָט יעדער אײַנער פון דעם דאָזיגען פּאָר'ל, וואָס האָבען זיך אַזוי ליעב געהאַט, בעזונדער חתונה געהאַט...

אין קיעוו, וואוהין זי איז אַוועקגעפאָהרען, האָט זיך איהר גע־מאַכט זעהר אַ געראָטענער שדוך מיט אַ שענעם יודען, מיט געלד, מיט כבוד א. אַז. וו. האָט זי חתונה געהאַט און צו דעם נײַעם מאַן איז זי אויך געווען ווייך, טדײַ און איבערגעגעבען, און זײַ־טיגע האָבען געזאָגט אויף זײַ, אַז זײַ לעבען, ווי טײַבעלעך. אודאי איז עס נישט געווען קײַן גוזמא.

ר' יחזקאל, ווידער, האָט גענומען אַ מיידעל פון צוויי-און-צוואַנציג יאָהר... פאַר דער דאָזיגער כלה זײַנער איז ער אויף אַזאַ אופן עלטער געווען סך הכל מיט אַ פיערציג יאָהר...

מיט דעם נײַעם ווײַב האָט ער געהאַט צוויי מיידעלעך... דער רבי האָט נישט געטראָפען. מיט פרנסה איז ער געווען בעזאָרגט. דער סלאָנימער רבי האָט איהם צוגעזאָגט שיקען גענוג צום לעבען, און ר' יחזקאל איז אַרויסגעפאָהרען קײַן ירושלים. און אַ מאָדנער צופאַל: הדס מיט'ן מאַן זענען אויך אַרויסגעפאָהרען קײַן ירושלים, און הדס'ן איז געווען בעשערט דאָרט צו וואוינען אין אײַן גאַס מיט איהר אַמאָ־ליגען מאַן. עס פלעגט זי זעהר קלעמען, וואָס ער האָט אַ יונג ווײַב מיט צוויי קינדער. פון צער איז זי אפילו אײַנמאָל קראַנק געוואָרען.

ר' יחזקאל האָט זיך דאָרט געפיהרט חסידיש, ווי בײַ זיך אין דערהיים, און האָט געהאַט זעהר אַ שענעם נאָמען.

מאַנכע פלעגען קומען צו איהם נאָך אַ ברכה. אָבער ער פלעגט

אַרױסטרײַבען פון שטוב מיט דער דאָזיגער „כלה״:

— גאָט זאָל אײַך בענשען...

אַ סוף האָט ר׳ יחזקאל געהאַט אַ שלעכטען. אײנמאָל, פרײַטאָג צו־נאַכט, בעת ער איז געשטאַנען בײַם טיש און געמאַכט קדוש, איז אַראָבגעפאַלען אַ שטיק סופיט און געטראָפען איהם אין קאָפּ אַרײַן. ער איז אויפ׳ן אָרט דער׳הרג׳עט געוואָרען.

אַז הדס האָט דערהערט, וואָס מיט איהר געװעזענעם מאַן האָט געטראָפען, האָט זי געטהאָן דאָס איהריגע: זי האָט גע׳חלש׳ט און גע׳חלש׳ט...

אָט אַזוי האָט דער רבי צושײדט צװײ נשמות, נאָכדעם װי זײ האָבען אָבגעלעבט צוזאַמען קאַרגע פופציג יאָהר. האָט ער עס גע־האַט אַ מאָכט, דער רבי!

מיט דעם דאָזיגען יחזקאל׳ען זענען גלאַט פאָרגעקומען מאָדנע זאַכען. װי געזאָגט, האָט ער געהאַט זעקס קינדער און אַלע זענען זעהר יונג געשטאָרבען. געבליבען איז איהם נאָר אַ אײן טאָכטער דבורה. ציטערנדיג פאַר איהר לעבען, האָט מען זי חתונה געמאַכט צו פופ־צעהן יאָהר. די חתונה איז געװען אין קאַמעניץ. דער מחותן איז גע־װען, געדענק איך, זעהר אַ דיקער און אַ שענער יוד, „אַנ׳אָסאָבע״, בלויז האָט איהם געשפּריצט פון פּנים. ער איז אײנגאַנצען עטליכע און דרײַסיג יאָהר אַלט געװען. נאָך דער חופּה האָט ער געזאָגט, אַז ער פיהלט זיך נישט גוט און איז אַװעק צו זיך אויפ׳ן סטאַנציע — צוזע־גען זיך עטװאָס.

— איך בין מיעד פון װעג און פון דער גאַנצער חתונה־צע־רעמאָניע — האָט ער געזאָגט.

די חתונה איז געװען בײַם רב אין שטוב. מען האָט געשפּיעלט און געטאַנצט און געהוליעט אויף װאָס די װעלט שטעהט. די גאַנצע שטאָדט איז געקומען משמח זײַן דעם חתן מיט דער כלה. בײַ אונז איז געװען אַ מאָדע צו שטעלען אַ חופּה פאַרנאַכט. פאַר דער חופּה טאַנצען מײַדלעך, װײַבלעך; נאָך דער חופּה טאַנצען מאַנסביל און מען איז זיך משמח ביז עלף—צװעלף בײַנאַכט. דערנאָך איז אַ װעטשערע. נאָך דער װעטשערע טאַנצט מען װײַטער ביז זיבען—אַלט אין דער־פריה.

דער עולם האָט זיך שטאַרק פינאַנדערגעטאַנצט און מען האָט פערגעסען, אַז דער מחותן פעהלט. אַ צוויי שעה נאָך דער חופה האָט מען זיך דערמאָהנט אָן מחותן. איז מען אַוועק נאָך איהם. אָבער ווי צוטומעלט, דערשראָקען איז מען געוואָרען, אַז מען האָט געפונען דעם מחותן אַטויטען. ער איז געלעגען אָהן אָטעם אויפ'ן בעט. האָט מען אויפגעהויבען אַ גוואַלד, איז מען געקומען צולויפען פון שטעדטיל און פון דער חתונה.

קענטיג, אַז דער מחותן איז נאָר-וואָס געשטאָרבען, וואָרום ער איז נאָך געוועזען אַ וואַרימער. דער עולם איז געשטאַנען אַ צומישטער, אַ צוטומעלטער און האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טהאָן: צי וויינען נאָכ'ן געשטאָרבענעם, צי פרעהען זיך מיט דער חתונה. דער רב האָט אָבער געזאָגט, אַז חתן-כלה טאָהרען נישט וויינען אין דעם טאָג פון חתונה. האָט מען געהאַפט שנעל דעם טויטען מחותן און אַוועקגעלאָפען מיט איהם אויפ'ן בית-עולם. באַלד האָט מען פאַרטיג געמאַכט אַ קבר און מען האָט איהם בעגראָבען. צעהנדליגער יודען האָבען זיך מתעסק געווען מיט דער מצוה, כדי עס זאָל נישט אויסקומען חתן-כלה צו וויינען. עס האָט נישט געדויערט קיין צוויי שעה, און ער איז שוין געווען אַ בעגראָבענער... אָקאָרשט האָט געלעבט אַ מענש — און אַט ליעגט ער שוין אין דער ערד.

חתן-כלה זענען געווען אַ ווײַלע אויפ'ן בית-עולם. באַלד האָט מען זיי געבראַכט צוריק און עס האָט זיך אָנגעהויבען די וועטשערע. קיינער האָט נישט געטאָרט וויינען. דערנאָך האָט דער עולם געטאַנצט... די קעפּ אַראָבגעלאָזען, דערשלאָגען, אין די אויגען — נישט אויסגעוויינטע טרעהרען, נאָר די פּנים האָט מען מיט געוואַלד געהויבען: מען טאָר דעם חתן נישט לאָזען וויינען נאָך זיין טאַטען... דאָס איז עפּיס געווען שרעקליך.

אַז דער גרויל און דער צער פונ'ם אָקאָרשטיגען טויט האָט דאָך מנצח געווען די געמאַכטע פרעהליכקייט און די פּנים זענען געבליבען שטעהן אין מיטען טאַנצען, האָט דער רב געהייסען טאַנצען קליינע קינדער. מען מוז משמח זיין חתן-כלה. האָט מען גענומען זעקס — אַכט-יעהריגע יונגלעך מיט מיידלעך און געהייסען זיי טאַנצען.

די כלי-זמר האָבען געשפּיעלט. איך בּין דעמאָלט אַלט געוועזען זעקס יאָהר און מען האָט מיך אויך איינגעלאַדען טאַנצען, אָבּער איך בּין נישט געגאַנגען.

— נאַרעלע, גיה טאַנצען, — האָבען מיך אַלטע ווייבּער צוגע-רעדט.

איך האָבּ נישט געפאָלגט...

... דאָס חסיד'ישע הוליען און שטיפען האָט גאָר קיין שיעור און קיין גרעניץ נישט געהאַט. און טאָמער האָבען זיך אויסגענומען די אַלטע שפּיצלעך, האָט מען אויסגעטראַכט נייע. איינמאָל איז געקו-מען צו אונז יאָסעלע דער חסיד און גערופען דעם טאַטען אין שטי-בּעל אַריין. מען דאַרף איהם דאָרט נויטיג האָבען. אז מען איז גע-קומען רופען, דאַרף מען געהן. ווי קאָן זיך דאָס אַ חסיד אָבּזאָגען? דער טאַטע האָט מיך אויך גענומען.

אין שטיבּעל האָבען זיך געפונען אַלע חסידים, און אַז מיר זע-נען אַריינגעקומען, האָט דער עולם געלאַכט מיט פערפלאָמטע פּנים'ער. איך בּין דעמאָלט אינגאַנצען אַלט געוועזען אַ דריי-פיער יאָהר און האָבּ נישט פערשטאַנען, וואָס דער עולם לאַכט, וואָס ער צאַפּעלט זיך פון געלעכטער. דאָס איז אָבּער בּאַלד קלאָר געוואָרען. גאָר אַ פּשוט'ע זאַך: דער עולם חסידים האָט בּעשלאָסען אָבּצושמייסען די סאַמע פיינסטע און יחסנ'ישע חסידים, כדי זיי זאָלען געדענקען אויף שטענדיג, אַז אַ מענש דאַרף זיך נישט האַלטען גרויס בּיי זיך, דאַרף נישט האָבען קיין סימן פון גאוה אין זיך. אמת טאַקי, איצט פיהרען זיך אויף די יחסנ'ישע חסידים אָרענטליך, פיין, אָהן גאוה. אָבּער אַז מען ווערט געראַכענט פאַר אַ פיינעם חסיד, איז דאָס שוין אויך אַ טריט צו דעם חסרון, און דעריבּער דאַרף מען פער-כאַפּען פריהער און אַריינקאַטשען, כדי עס זאָל גאָר קיינמאָל צו דעם חסרון נישט קומען.

דער אָרט שמייסען דאַרף אויך צוגעהן פּשוט: אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש מיט'ן פּנים אַראָבּ, פערקאַטשעט די קאַפּאָטע און — שמיט!

צוערשט האָט מען געוואָרפען גורל, ווער זאָל זיך לעגען דער ערשטער.

דער גורל איז געווען אויף אַזאַ אופן: מען האָט אויפגעעפענט

א סידור און אז דער ערשטער אות פון בלאט האט אנגעוויזען דעם ערשטען אות פון א נאמען, איז יענער, מחילה, זיך געגאנגען לעגען...

אז איך האב דערזעהן, ווי א בערדיגער יוד האט זיך אוועקגע־לעגט אויפ'ן טיש און חסידים האבען מיט אלע כחות גענומען פאט־שען אין א בעשטימטען ארט, איז מיך בעפאלען א געוואלטיגע שמחה.

— אט איז א גוט שפיעל! — האב איך אנגעקוואלען.

דער בערדיגער יוד האט געלאכט און געאויקעט צוזאמען.

אבער אז עס איז געקומען צו מיין ארימען טאטען, אז מען האט איהם ארויפגעלעגט אויפ'ן טיש מיט'ן פנים אראב, און א מחנה חסידים האבען אויפגעהויבען די הענד מיט פערפלאמטע געזיכטער, האט זיך מיר עפיס אבגעריסען אין הארצען און איך האב גענומען וויינען מיט אזוינע קולות, פונקט ווי מען וואלט מיך וועלען קוילען.

איך האב געוויינט מיט אלע כחות. די חסידים זענען אבי־הענדטיג געווארען, די האנד האט זיך זיי אראבגעלאזט, און אויף אזא אופן האב איך „אבגעראטעוועט" מיין ארימען טאטען. שווער, הייסט־עס, צו שמייסען פאר א וויינענדיג קינד אין די אויגען.

— אי, משה, — האט א חסיד פערדראסיג געשאקעלט מיט'ן קאפ און צוגעלעגט א פינגער צום נאז, — צי האסטו אמאל נישט גע־בראכט אומישנע דיין יונגעל?.. דאס וועט וויינען און מיר וועלען דיך נישט קאנען שמייסען...

נאר מיין טאטע האט געלאכט. ער האט געמעגט לאכען, ווארום ער האט נאך דעמאלט קיין בארד נישט געהאט און איז אודאי אלט געווען א יאהר זיבעצען—אכצעהן... אין זיינע יאהרען איז נישט אזוי שרעקליך געשמיסען צו ווערען, בפרט נאך אז ער קאן שמייסען אויך אנדערע. ער האט אבער שוין געהאט א קינד און דאס קינד האט געשטערט...

אבגעגאלטען האט נאר מיין טאטען אליין. ווייטער האט מען געקאטעוועט אויף וואס די וועלט שטעהט.

אז עס איז געקומען צו ליב קרוהעלער, א גרויסער שטיפער און זעהר א געזונדטער יונג, האט ער זיך נישט געלאזט נעהמען. איהם האבען, אפנים, נישט אזוי געשראקען די שמיץ, ווי עס איז איהם געווען אנגענעהם דאס ראנגלעניש, אוועקשטויסען פון זיך,

נישט לאָזען זיך חאַפּען. איז ער אומגעשפּרונגען אויף בענק און אויף טישען, דאָ האַלט מען איהם פעסט און דאָ רײַסט ער זיך אַרוים און שטעהט שוין מיט אַ פולען מויל געלעכטער אויף אַ ווײַטער באַנק, אויף אַ טיש. און ער האָט שטאַרק פערמאַטערט דעם עולם. עס האָט אַלעמען אָבגעגאָסען מיט אַ שווייס. אָבער אַ כלל איז פאָרט שטאַרקער און מען האָט איהם געפּאַקט. עס פערשטעהט זיך, אַז ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצען, דער האָט איצט געשאָטען מוראדיגע פּעטש. מיט דעם דאָזיגען ליב קרוהעלער האָט זיך געענדיגט דאָס שפּיעל. ער איז געווען דער לעצטער.

באַלד זענען אַנידערגעשטעלט געוואָרען אויפ'ן טיש עטליכע פלעשער שנאַפּס. עס האָט זיך בעוויזען אַ גרויסע חלה מיט הערינג און דער מיעדער עולם האָט געטרונקען דעם פרעהליכען לחיים. נאָכ'ן טרינקען איז מען אַוועק אַ טענצעל. אַקסעל צו אַקסעל, האַנד צו האַנד, פּנים'ער פערשוויצט, רויט, בעגײַסטערט און צו דעם גרויסען רעש פון די טריט איז בעהעפט געוואָרען אַ לעבעדיגער, אַ חוואַטישער חסידישער נגון.

אָט אַזוי האָבען זיך געפרעהט חסידים.

די שמחה פון שמײַסען פרעמדע האָט באַלד פערלאָשען אין מיר דעם צער פון דעם, וואָס מען האָט געוואָלט שמײַסען מײַן טאַטען, און פון דעם דאָזיגען חסידישען שפּיעל בין איך אַ לאַנגע צײַט אַרומגעגאַנגען אַ בעגײַסטערטער.

און שפּעטער האָב איך מיך בערימט פאַר מײַנע חדר-חברים:

— האָט מען דאָס געשמיסען גרויסע טאַטען... איך האָב אַליין געזעהן... אַי, האָט מען געשמיסען... איך האָב אַליין געזעהן...

— וואו? — האָבען זיי מיט קנאה געפרעגט.

אין שטיבעל... האָב איך מיט גאוה אַ טרויסעל געטהאָן מיט'ן האַנד.

און מײַנע חדר-חברים האָבען מיר נישט פערגונען דאָס גליק... אַ קלײניגקײט, זעהן ווי מען שמײַסט גרויסע טאַטעס.

## דריטעס קאַפּיטעל.

ווידער בילדונג. — אָבגעגאַרט. — מײַן נסיעה קיין בריסק. — האַלבערשטאַם. — דער ליגען. — איך פאָהר קיין ביאַליסטאָק. — די נסיעה. — „אַכט פאַרשווינדלעך". — דער בעל־עגלה. — מיר ווערען דערשטיקט. — איך ווייס נישט, וואו איז מיין פוס. — די בלאָטע. — געפּלאַצט אַ ראָד. — „אָבאָטניקעס". — שיער נישט געשטאָרבען. — ביאַליסטאָק! — די מוהמע. — אַ בריעף. — מיין שוואַכקייט. — איך פאָהר אַהיים. — גאָרנישט. — צוריק אין דערהיים. — וואַנדערן ווילט זיך. וואַרשוי. —

צו דער צייט איז ביי מיר פערבליבען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז איך מוז „אָוועקוואַרפען" מיין ווייב מיט'ן זוהן און אַוועקפאָהרען שטודירען.

דאָס איז אפילו אַ שווערע זאַך פאַר מיין ווייב. זי איז אַ יתומה, אָהן אַ מוטער און אָהן אַ פאָטער, מיט אַ קינד אויפ'ן האַנד. ווי קען איך זי איבערלאָזען ביי מיינע עלטערן, וואָס די מאַמע אינטערעסירט זיך מיט קיינעם נישט, נאָר מיט איהר חובות הלבבות און דער טאַטע איז צו איהר אינגאַנצען אָבגעקיהלט געוואָרען.

דאס איז ביי מיר געווען א גרויסע פראגע, און איך האב מיך א סך געפייניגט. צו קיין געשעפט טויג איך נישט, ווייל איך בין ביי זיך יחסנ׳דיג, הייסט עס, אז געשעפט פאסט מיר נישט. ווידער בין איך „דער גרויסער” עהרליבער מאן און קען נישט שווינדלען, איז אויף אזא אופן דאס גלייכסטע — שטודירען, וואס מיר האט זיך זעהר געוואלט נאך פון פריהער. דורך בילדונג, ווידער, וועל איך מפרנס זיין מיין ווייב.

מיר האט זיך געדאכט, אז פון מיר קען ארויסקומען א רעכט־געבילדעטער מענש, וואס וועט קענען בכבוד מפרנס זיין ווייב און קינד. קוים וועל איך זיך נעהמען דערצו, וועל איך אין א דריי־פיער יאהר ארום געוויס ענדיגען מיין שטודיום, און איך בין א בע־ווארענטער מענש. אום צו ווערען א רב, צום ביישפיעל, דארף מען הארעווען א צעהן — צוועלף יאהר און דערנאך קען מען ערשט קיין שטאדט נישט געפינען. אויך איז מיר פון דער פראקטיק געווען בע־קאנט, אז דער, וואס האט נאר עפעס געענדיגט, איז ער שוין גע־ווען בעווארענט מיט פרנסה, און מיין בעשלוס האט אין מיר געוואק־סען און געוואקסען. ווארום אויפ׳ן דארף, האב איך נישט אהן גאוה געטראכט, וועלען מיר אלע פערגרעבט און פערפאלען ווערען. נאר איין מאל פאר אלע מאל יעבור עלי מה, אלץ אין דער וועלט וועל איך ליידען, הונגער, נויט, דחקות, אבער נישט פערגרעבט צו ווע־רען. מיין ווייב האט אויך איינגעשטימט מיט מיר, אבער נאר לפנים וועגען. אין הארצען, האב איך פערשטאנען, וואלט זי שוין בעסער געוואלט ווערען א ישוב׳ניצע אדער א גוטע קרעטשמערין, אדער א גו־טען פאקט האלטען, וואס דאס האט אונז אייגענטליך געקענט אנקומען גאנץ גרינג דורכ׳ן זיידען. זי האט אבער אויך פערשטאנען, אז ביי די דאזיגע זאכען וועל איך מיך לאנג נישט קענען האלטען.

און דערפאר האט זי איינגעשטימט.

מאכען אנ׳אנהויב איז דאך געווען זעהר שווער. ווי לאזט מען פארט דאס ווייב ביי שווער און שוויגער? דארט וועט איהר זיין או־מעטיג און נישט גאר גוט. קיין אנדער ארט — עפעס א בעסערן האב איך נישט געפונען. וואס טהוט מען אבער? מען מוז דאך פארט אוועקפאהרען, און ביי מיר איז געבליבען זי אבנארען (צוליעב ביל־

דונג מעג מען ...) , אויסטראַלטען עפּעס אַ נסיעה'לע און אַוועקפאָהרען אויף אַ פּאָר וואָכען, דערבײַ זאָל איך קענען נעהמען אַ ביסעל זאַכען מיט זיך. פאָהרען וועל איך, למשל, קײַן בריסק, וואו מײַן אַלטער בעקאַנטער משכיל וועט מיר אָנווײַזען ווי אַזוי און אויף וואָס פאַר אַנ׳ אופן איך זאָל זיך נעהמען דערצו.

דאָס איז געווען מײַן צווייטע רײַזע קײַן בריסק מכּח בילדונג.

געווען איז בײַ מיר אין דערזעלבער שטאָדט אַ רײַכע מוהמע, אַ מכנים-אורח׳טע, און אויך אַ חבר מײַנער — שמואל מאַירימ׳ס, מיט וועלכען איך פלעג אָפט פילאָזאָפירען. געווען איז ער אַ יונגעל אַנ׳עלוי און אַ קלוגער און אַנ׳אָריגינעלער חקרן. און דערבײַ פלעגט ער אויפ׳ן אַמאָליגען שטײַגער פאַסטען שובבי״ם ת״ת, אַלע פרײַטאָג און עשרת ימי תשובה. נאָך דער חתונה אָבער איז ער געוואָרען אַ משכּיל, זעהר אַ פרײַער און אַ אויפגעקלערטער, און האָט באַלד געקראָגען אַ שם פאַר אַנ׳אפיקורס. דער דאָזיגער שמואל האָט מיר אויך עקסטרע צוגערעדט, איך זאָל שטודירען, וואָס ער האָט אַלײַן זעהר געוואָלט און נישט געקענט צוליעב זײַן טוך-קראָם. ווי אויף צו להכעיס איז זײַן טוך-קראָם אַוועק גאָרנישט שלעכט.

— איך וואָלט געוואָלט זײַן בעסער אַ קבצן נאָר אַ געשטודירטער, — האָט ער זיך מיט אַנ׳אמת געקלאָגט.

געבליבען איז בײַ מיר מיט איהם, איך זאָל פאָהרען קײַן ביאַליסטאָק, וואָס איז דעמאָלט געווען אין אונזער סביבה דער ערשטער פּונקט פון השכּלה. אָן דער שפּיץ פון דער ביאַליסטאָקער השכּלה איז געשטאַנען זאַבלודאָווסקי׳ס אַנ׳אײַדעם — אליעזר האַלבערשטאַם, אַ בערלינער משכּיל, וואָס האָט זיך גענומען צו בילדען אַלע ביאַליס-טאָקער יונגע-לײַט. טויזענדער רובל׳ס האָט עס איהם געקאָסט אַ יאָהר. ער האָט אויך געקראָגען צו דעם צוועק גרויסע סומעס געלד פון זײַנע בעקאַנטע משכּילים און סוחרים, און חאָטש אַלײַן איז ער געווען אַ טוך-פאַבריקאַנט, האָט ער זיך דאָך אָבגעגעבען מעהר מיט השכּלה, אײדער מיט דער פאַבריק. דאָס געשעפט האָט געפיהרט זײַן ווײַב, אַ פרוי — אַ בריה, און ער האָט זיך געטהאָן זײַנס: אָבגערעדט יונגע-לײַט פון בית-המדרש און געבילדעט זיי. קײַן געלט, ווי געזאָגט, האָט מען נישט געקאַרגט.

אין אָט דער צייט, אין האַלבערשטאַמ׳ס צייט, זענען געווען אין ביאַליסטאָק צעהנדליגער גט׳ן צווישען מאַן און ווייב. די שווער׳ס האָבען אָבגעג׳גט זייערע איידעמס, וואָס זענען גענומען געוואָרען אַלס לומדים און פרומע לייט און זענען דערנאָך פערוואַנדעלט געוואָרען אין „אַפּיקורסים״. אין ביאַליסטאָק איז געווען אַנ׳אמת׳ע איבערקעהרעניש, און די שטאָדט האָט געקראָגען אַ שם פאַר אַנ׳אַפּיקורס׳ישע שטאָדט, אַ שטאָדט פול מיט השכלה און בילדונג.

אַ צווייטער בעקאַנטער מיינער, אויך אַ משכיל, איינער אַ בערנזאָהן, האָט מיר געגעבען אַ בריעף צום ביאַליסטאָקער ראַבינער, אויך אַ משכיל, טאַקי האַלבערשטאַמ׳ס אַ ידיד. אין בריעף איז געווען געשריבען, אַז איך קען נאָך גאָרנישט קיין רוסיש. אויסער תּלמוד — קען איך גאָרנישט. נאָר, לויט ווי איהם שיינט, קען פון מיר אַרויסקומען אַ גוטער משכיל. וואָרום, שרייבט ער, אַ יונגערמאַן פון אַ דאָרף, וואָס קען האָבען דאָרט פּרנסה, רייסט זיך אַזוי צו השכלה און „ליכט״, מסתמא זיצט אין איהם אַ גרויסער גייסט... לכן דאַרף מען איהם שטיצען און בעהילפיג זיין א. אַ. וו., א. אַ. וו.

איצט, אַז ביי מיר איז שוין געווען קלאָר דער פּלאַן, ווי אַזוי איך זאָל געהן צו מיין ציעל, בין איך געפאָהרען אַ היים, און, פאָהרענדיג, האָב איך אָבגעקלערט, ווי אַזוי אָבצונאַרען מיין ווייב. איך וועל איהר זאָגען, אַז איך דאַרף פאָהרען קיין ביאַליסטאָק אויף אַ פּאָר וואָכען צייט, און דערביי האָב איך פערפאַסט זעהר אַ גרויסען און אַ לאַנגען ליגען: היות ווי מיין מוהמע פון ביאַליסטאָק, דער מוטער׳ס שוועסטער, אַ נגידה, האָט געבעטען איהר מאַנ׳ס אַ שוואָגער, וואָס איז געפאָהרען קיין בריסק, אַז ער זאָל אַראָבפאָהרען אין וואַלכנאָוויטש און זעהן, צי איך בין דאָס טאַקי אַזאַ וואוילער יונגער-מאַן, ווי מען לויבט מיך,— אויב יאָ זאָל—ער מיך מיט-נעהמען קיין ביאַליסטאָק, וואו זי, די מוהמע, וועט שוין פאַר מיר קריגען זעהר אַ׳אָנשטענדיגע שטעלע, ביי וועלכער איך וועל זיין גליקליך. אָט דעם שוואָגער, וואָס האָט זיך געקליבען קיין וואַלכנאָוויטש, האָב איך גראָד געטראָפען אַקוראַט אין בריסק. איך בין איהם געפעלען געוואָרען און ער האָט מיר געהייסען פאָהרען אַהיים נאָך מיינע זאַכען און קומען גלייך קיין ביאַליסטאָק...

דער ליגען איז גרוס און פערפלאָנטערט. מיר איז, דעם אמת געזאָגט, זעהר שווער געווען צו זאָגען דאָס ערשטע מאָל אין לעבען א ליגען. דאָס איז ביי מיר געווען ערגער ווי דער טויט. מיין פּנים איז מיר שוין רויט געוואָרען, ווען איך האָב נאָר געטראַכט וועגען דעם, זיצענדיג אויפ׳ן פויערשען פוהר׳ל.

האָב איך דעם גאַנצען וועג זיך געראַנגעלט און געפּייניגט: צי זאָל איך זאָגען אַזאַ גרויסען ליגען מיין ווייב און ווערען דערפאַר אַ געבילדעטער מענש, אָדער בלייבען אַ ישוב׳ניק אין דאָרף צווישען די פויערים מיט די חזירים?

אָבער איך האָב זיך איבערגעשטאַרקט און בעשלאָסען פעסט אויסצופיהרען מיין אויבענדערמאָהנטען פּלאַן.

געקומען צופאָהרען אַהיים, האָב איך באַלד אָבגעטאָקט דעם ווייב די גרויסע בשורה: אַזוי און אַזוי, געשעפט, גליקליך, געטראָפען פּלוצלונג דער מוהמעס שוואָגער אין בריסק, געפעלען געוואָרען איהם, און אַז. וו.

די "גוטע בשורה" האָט געמאַכט אַנ׳איינדרוק אויפ׳ן ווייב און מיר איז נאָך ערגער געוואָרען אויפ׳ן האַרצען, זעהענדיג, ווי דאָס ווייב ווערט, נעבעך, אומזיסט איבערראַשט פון דער דאָזיגער בשורה, וואָס איז נישט געשטויגען, נישט געפלויגען.

עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב איהר צוגעזאָגט אַראָבצונעהמען קיין ביאַליסטאָק, אַ שטאָדט זעהר אַ שענע, פול מיט לומדים און משכילים און מיט נאָך גוטע זאַכען. דאָס ווייב איז געבליבען בערוהיגט און צופרידען.

און אַזוי אַרום האָב איך מיך לעגאַל צוגעגרייט אין וועג אַריין, גענומען די אַלע נויטיגע זאַכען, פערפּאַקט, און — — — אַוועקגעפאָהרען.

דעם גאַנצען וועג האָבען זיך ביי מיר געגאָסען טרעהרען, געגאָסען און געגאָסען, און מיר האָט שטאַרק באַנג געטהאָן אויף מיין ווייבעל, וואָס איז אויסגענאַרט און איבערגעלאָזט געוואָרען אַליין.

אין בריסק האָב איך מיך געזעהן מיט מיינע משכילים און באַלד געדונגען קיין ביאַליסטאָק, אַכטצעהן מייל פון בריסק, אַ בעל-עגלה

מיט אַ בויד און מיט דריי פֿערד. דער מקח פֿון אַ פּאַרשוין איז געווען אַ רובל פֿופֿציג קאָפּיקעס.

מיין נסיעה קיין ביאַליסטאָק איז אָבער געווען אַזאַ טשיקאַווע און דערביי אַזאַ שווערע — אַמאָליגע יאָהרען — אַז עס לוינט זיך צו בעשרייבען זי לענגער. אַז איך האָב געפֿרעגט דעם בעל-עגלה, וויפֿיעל פּאַרשוינען וועט ער נעהמען אין בויד, גיט ער זיך אַ זאָג:

— אַכט פּאַרשוין . . .

אַכט פּאַרשוין — אויסער סחורה, ווי: אייזען, פּעקלעך, פּעסלעך, זעקליך און נאָך אַזעלכע זאַכען! האָב איך איהם צוגעזאָגט דריי רובל „האָנאָראַר", און זאָל ער נעהמען ווייניגער נפֿשות. וואָרום אַניט וועט מען דערשטיקט ווערען. מיין בעל-עגלה האָט איינגעשטימט.

באַלד ווי מען איז אַרויסגעפֿאָהרען, זענען אין בויד געזעסען אַרום זעקס נפֿשות. דערצו אַ ים מיט סחורה — קאָן שוין וועגען בעקוועמליכקייטען גאָר קיין רייד נישט זיין. אגב פֿיהל איך שוין, אַז איך ווער דערשטיקט. הויב איך מיך אָן קלאָגען:

— ס'טייטש, איך גיב דאָך אייך דאָפּעלט געלד, דאַרפֿען דאָך פֿאָהרען ווייניגער נפֿשות? איהר האָט דאָך געזאָגט, אַז מען וועט פֿאָהרען זאַלבעפֿיערט?

— איז וואָס ווילט איהר — ענטפֿערט ער מיר נישט גאָר געלאַסען, — מיט אייערע עטליכע רובל זאָל איך שפּייזען מיינע דריי פֿערד מיט אַ ווייב און זעקס קינדערלעך, להבדיל?...

שווייג איך שוין. זענען מיר אָבגעפֿאָהרען אַ וויאָרסט וועג, זענען צוגעקומען נאָך אַ פּאָר פּאַרשוינען און ביז ווימאָקע, זעקס מייל פֿון בריסק, זענען שוין, גאָט צו דאַנקען, געזעסען צוקוועטשטע אין בויד גאַנצע צעהן נפֿשות, אַלטע יודען, יודענעס, ווייבלעך, מיידלעך, בחורים... פֿון ווימאָקע, ווידער, האָט געשטיגען אויף צוועלף פּאַרשוין... איז מען געזעסען איינער אויפֿ'ן צווייטען, דער האָט געשריען: אוי, דער פֿוס, דער — די הענד. קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו די פֿיס זיינע זענען און דער בעל-עגלה טהוט נאָר און שרייט:

— וויאָ, וויאָ!... ער האָט, אַפּנים, געהאַט משא, אויסער פּאַסאַזשירען, אַרום הונדערט פּוד. דערצו איז נאָך אָסיען-צייט, עס

רעגענט, נאס. די „פערד" קענען נישט געהן, א בלאָטע, ווי א געדיכ־טע קאשע. נעהמען די פערד נישט דעם וואָגען, שמייסט ער די שקאַ־פּעס, שלאָגט, שרייט, וויאָקעט — ביז זיי בלייבען שטעהן אינגאנצען. שטעהען זיי. הייסט דער בעל־עגלה, מיר זאָלען אלע ארויסגעהן פון בויד.

— די בלאָטע... איהר זעהט נישט — ווארפט ער זיך מיט דער בייטש צו אונז און צו די פערד.

הויבען מיר אָן ארויסצוקריכען איינציגווייז כסדר. איז געוואָרען א געשרייערייי, אלע האלטען אין איין פילדערן און איצט האָט מען אָנגעהויבען צו פיהלען די פיס מיט די הענד, מיט אלע אברים. אָבער, גאָט מיינער, זיי טהוען וועה! די האָבען פערשלאָפען די פיס, און די — אָבגעלעגען א האנד, און יענע — א זייט, און דער בעל־עגלה שרייט:

— גיכער ריהרט זיך, יחסנים, פריצים, אייך ווילט זיך פון בויד נישט ארויס!!...

אָבער אז אלע זענען שוין ארויסגעקראָכען ווי עס איז פון בויד, זענען די פערד אלץ געשטאנען, קענען נישט געהן. שרייט דער בעל־עגלה ווידער:

— עולם, שטופט א ביסעל אונטער דעם וואָגען, ראטעוועט! וואָרום אניט וועלען מיר דאָ האלטען שבת...

איך בין געווען דער ערשטער, וואס איז געגאנגען שטופען די בויד, נישט קוקענדיג דערויף, וואס איך האב שוין פאר'ן מעת־לעת קיין פיס און קיין הענד נישט געפיהלט. איך בין אפילו געווען א גע־זונדטער יונג, אָבער אלע ביינער ברעכען מיר. נאָר ס'איז קיין תירוץ נישט, מען דארף העלפען שטופען. גאָט צו דאנקען — די פערד זענען ארויסגעקראָכען פון דער בלאָטע.

— נו, אין וואָגען אריין! — האָט א קאָמאנדעוועט געטהאָן דער בעל־עגלה — מיר פאָהרען.

אָבער איצט האָט זיך אָנגעהויבען א נייע צרה: יעדער וויל פער־כאפען א בעסערן אָרט אין בויד. האָט מען זיך גענומען רייסען צווישען זיך, איז געוואָרען א גרויסע קריגערייי מיט א געשילטערייי, אז מען האָט געקענט פערטויבט ווערען.

מיר האט זיך שוין גארנישט געוואלט קריכען אין בויד. וואלט געווען ביי־טאג, טראכט איך, וואלט איך שוין בעסער געגאנגען צו־פוס. עס איז דאך אבער נאכט און איך ווייס נישט דעם וועג און מיינע זאכען זענען שווערע. שטעה איך און ווארט ביז אלע וועלען זיך אבקריגען און זיך איינזעצען, וועל איך מיך פארט דערנאך ווי עס איז זיך אנטשעפען אן בויד און „פאהרען”.

אבער צו די קריגעריינען האט נישט געגומען קיין עק. אלץ העכער און העכער שטייגען די קולות, ביז דער בעל־עגלה האט אנגעהויבען שרייען מיט א קול פון א וואלד־גזלן:

— אין וואגען אריין! די מינוט אין וואגען אריין!

און באלד עטוואס ווייכער, נאר מיט א בייזען חוזק צוגעגעבען:

— מיינע שענע פריצים, זעצט זיך שוין אריין אין בויד, ווארום איך גיב, ווי איהר קוקט מיך אן, א טרייב די פערד, וועט איהר דא בלייבען ליגען אין בלאטע. וואס קריגט מען זיך, פריצים מיינע! ווי מען זיצט — זיצט מען.

דעם בעל־עגלה׳ס געשרייען האבען געהאלפען. דער עולם האט זיך ווי עס איז איינגעזעצט און איך בין ארויפגעקראכען אויף די קאזלעס, נעבען בעל־עגלה, און זיך דארט אנידערגעזעצט, די פיס אראבגעהאנגען און מיט די הענד זיך שטארק אנגעהאלטען, איך זאל נישט אראבפאלען. חלילה, ווען מען פאלט אראב, איז דאס אויף טויט דער׳הרג׳עט ווערען. איך בין אזוי אבגעפאהרען עטליכע ווייארסט. עס פערשטעהט זיך, אז איך בין געבליבען אהן הענד און אהן פיס און דורך און פערנעצט; אין בויד וואלט חאטש נישט גערעגענט אויף מיר.

זענען מיר אזוי געקומען אין א דארף, פערפאהרען אין קרעטשמע, דא איז געווארען א געקרעכצערײ, ווי אין א שפיטאל צווישען געפעהרליך־קראנקע...

— אוי, די הענד... אוי, די פיס... אוי, דער קאפ!...

אין קרעטשמע איז נאס און פינסטער, עס ברענט א קליין אייל־לעמפעל. ארום גרויסען טיש זיצען פויערים מיט פויערטעס, מען טרינקט פלעשלעך בראנפען און מען בייסט־צו מיט שווארצען ברויט. אויף די לאנגע, גרויסע בענק ליגט מען און מען חראפעט.

דאָ אַ יוד, אַ יודענע, דאָ אַ גויע. ס'איז נישטאָ וואו צו־צושפּאַרען זיך, וואו צו־צולעגען זיך. דער גרויסער אויווען איז אויך פערנומען.

נאָר די בעל־הבית'טע מיט אַ מויד זענען אויף. קומט אַריין דער בעל־עגלה און גיט אַ געשריי (ריידען שטיל האָט ער, אפנים, גאָרנישט געקאָנט):

— גוט נ'אָווענט. האָט איהר, בעל־הבית'טע־לעבען, עפּיס עסען פאַר מיר מיט מיינע פּאַרשוינען!

— וואָס ווילט איהר? — פרעגט בתמימות די בעל־הבית'טע.

— וואָס הייסט, וואָס ווילען מיר! — פערהילכט די שטוב דער בעל־עגלה מיט זיינע געוואַלדען, — זאָגט אָקאָרשט, וואָס האָט איהר און לאָמיר פרעגען דעם עולם, וואָס זיי ווילען! איך האָב דאָ אַ גאַנצע חאַליאַסטרע אויסגעמישטע פּאַרשוינען. אַנדערע זענען „אָבאָדראַנצעס", אָבער אַנדערע, ווייזט אויס, זענען היבשע בעלי־בתים, לייטישע יונגעלייטלעך (אַ ווייז אויף מיר מיט'ן האַנד). וואָס ווילט איהר, יונגער־מאַנטשיק? — קעהרט ער זיך אָן צו מיר. די דריי רובל, וואָס איך האָב איהם אומזיסט געגעבען, האָבען דאָך געהאַט אַ ווירקונג.

— טהיי וואָלט איך ווען — זאָג איך.

דערווייל האָבען זיך די אַלע „פּאַסאַזשירען" אונזערע צולעגט, ווער אויף דער ערד, ווער אויף אַ שטיקעל באַנק.

די מויד האָט נעמאַכט פייער אין אויווען, און מען האָט צוגעשטעלט אַ גרויסען קרוג וואַסער אויף טהיי.

דער בעל־עגלה האָט געקאָמאַנדעוועט מיט זיינע פּאַרשוינען. און אַז ער האָט דערלאַנגט אַ געשריי:

— עולם, געהט עסען!

איז מען זיך גע גאַנגען וואַשען צום עסען. עס איז אָבער קיין וואַסער נישט געווען. האָט ער געהייסען איינעם פון זיינע אָרימערע פּאַרשוינען, וואָס האָבען וועניגער געצאָהלט פאַר דער נסיעה, ער זאָל ברייננגען וואַסער אַנגראָ מיט דער מויד. באַלד איז געבראַכט געוואָרען וואַסער. איז אָבער קיין פרייער טיש נישט געווען. פּויערים מיט פּויערטעס האָבען דאָרט גע'שכור'ט און געזונגען. גיט דער בעל־עגלה אַ געשריי צו דער בעל הבית'טע:

— אַ טיש זאָל זיין!...

וואו זאָל זי אָבער נעהמען א טיש. באלד איז מען געפאַלען אויף א פּלאַן: אַרויפלעגען אַ ברעט אויף א פאַס, וועט עס טויגען פאַר א טיש. האָט ער גלייך געהייסען די אָרימערע פּאַרשוינעז ברענגען דאָס פּאַס מיט אַ פּאָר ברעטלעך, און עס איז געוואָרען א טיש.

אָבער נישט אַלע האָבען געקענט עסען. די הערינג זענען געווען געזאַלצען און האָבען שלעכט געשמעקט. עס זענען קיין לעפעל נישט געווען צו די געבאַקטע אויער, מען האָט געוואַרט איינע אויף די אַנדערע, פערשמאַכטע און פערמוטשעטע.

נאָר איך איינער האָב גאַרנישט געגעסען. עס איז מיר האַלז נישט געקראָכען. מיר האָט זיך נאָר געוואָלט טהיי. טהיי, ווידער, איז נישט געווען, נאָר הייס וואַסער מיט בעזים-בלעטלעך.

אַז מען האָט זיך ווי עס איז אונטערגעלעהנט דאָס האַרץ, האָבען זיך אַלע פּאַרשוינען ווידער א לאָז געטהאָן צום בויד-פערהאַפען אַ גוטען אָרט. ווידער קריגערייַ, שטופּעריי, און וועז נישט די מורא פאַר'ן בעל-עגלה, וואָלט מען זיך זיכער געשלאָגען מכות רצח. איך קריך ווידער אויף די קאָזלעס, ווי פריהער, אָבער איך טהו א קוק — עס איז שוין דאָ א נייער פּאַרשוין, וואָס האָט פערכאַפּט מיין אָרט. האָב איך, הייסט עס, שוין גאַרנישט וואו צו-צושפּאַרען זיך. פאַר איין ברירה בין איך געגאַנגען אויס'טענה'ן זיך מיט'ן בעל-עגלה:

— ר' יעקב, איהר האָט דאָך ביי מיר גענומען דריי קאַרבען און געזאָגט, אַז מען וועט פאָהרען זאַלבעפיערט. זאָל שוין זיין אַכט-צעהן, הונדערט, טויזענד נפשות, אָבער גיט מיר חאָטש א שטיקעלע פּלאַץ, וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרען!

דאָסמאָל האָט דער בעל-עגלה רחמנות געקראָגען אויף מיר, האָט ער א קאָמאַנדעווע געטהאָן:

— עולם, מאַכט אַנ'אָרט פאַר דעם יונגעמאַנטשיק. איהר מעגט אַלע די כפרה ווערען פאַר איהם!... דריי קאַרבען האָט ער מיר געגעבען!...

און האָט פּראָסט גענומען רייסען יעדערן פאַר די הענד און פיס, נישט קוקענדיג, צי אַ יוד, צי אַ יודענע, צי א ווייבעל, צי א מויד.

דער עולם האָט זיך אָבער נישט אונטערגעגעבען. פערקעהרט,

עס איז געוואָרען אַ מהומה. אַלע האָבען אָנגעהויבען צו שרייען:

— זעה נאָר דעם יחסן, דעם זיידענעם יונגענמאַנטשיק. מען זיצט אין דער-היים, אַז מ'איז אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק!...

עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ „בונט" אויפ'ן נאַטשאַלניק, אויפ'ן בעל-עגלה. מען האָט איהם פשוט געסטראַשעט, אַז מען וועט איהם אויף פיצלעך צוטראָגען.

— וואָס נעהמסטו אָן אַזוי פיעל פאַרשווינען! — האָט מען זיך געריסען צו איהם — האָסט דאָך נישט קיין אָרט פאַר זיי. און נעהמסטו פאַרשווינען, טאָ נעהם נישט קיין יחסנים, קיין זיידענע יונגעלייטלעך, וואָס דער מאַמעס מילך ליעגט זיי נאָך אויף די ליפען...

דערהערענדיג די זידלערייען, זאָג איך צום בעל-עגלה:

— וועל איך בעסער געהן צופוס...

דער בעל-עגלה האָט מיך אָנגעקוקט מיט שפּיציגע חוזק'דיגע אויגלעך:

— כ'לעבען, — זאָגט ער, — איהר זענט אַ קלוגער יונגערמאַן... טאַקי בעסער געהן צופוס, איידער צו זיין פערדריקט אין בויד ווי אַ הערינג... גראָבע יונגען פאָהרען דאָ... גלייכער צופוס...

די „פריינדליכע" עצה האָב איך נישט ווילענדיג געמוזט אָננעהמען. בין איך מיר געגאַנגען נעבען בויד. איך בין געווען שווער אָנגעטהאָן, איז מיר געווען שווער צו געהן באַרג אַרויף, און פון אויבען האָט גערעגענט, בין איך געוואָרען נאַס. און געהענדיג איבער אַ הרעבלע, האָט זיך פערטשעפּעט דער אָבצאַס אויף אַ קאָרטש. האָט זיך ביי מיר אָבגעריסען דער אָבצאַס מיט דער פאָדעשווע צוזאַמען. געה איך שוין אַ באָרוועסער אויף די קאָרטשעס. דאָס איז אָבער אונמעגליך. עס שטעכען מיר די פיס. האָב איך שוין אָנגעהויבען כמעט ווי צו וויינען און בעטען, מען זאָל מיר מאַכען עפּעס אַנ'אָרט אין בויד. האָט דער בעל-עגלה מיט די פאַרשווינען רחמנות געקראָגען, דער עולם האָט זיך איינגעקאָרטשעט און מען האָט געמאַכט פאַר מיר אויך עפּיס אַ שטיקעל אָרט אין בויד. פאָהרען מיר אָב אַ פּאָר וויאָרסט, ליעגען מיר אַזוי אויפגעקאָרטשעטע, איינגעדריקטע, ווי די הערינג און מיר האָפען יעדער ביי זיך, אַז באַלד וועט מען קומען אין אַ קרעטשמע, וואו דער בעל-עגלה וועט פאַשען די פערד און מיר וועלען חאָטש אַ פּאָר שעה

קענען אויסציהען אונזערע אײנגעקארטשעטע פערגליווערטע בײנער.

העלפט אבער דער אויבערשטער און פלוצלונג צוברעכט זיך א ראד פון בויד. מיר גיבען זיך א קעהר איבער און מיר פאלען אלע ארויס פון בויד אײנער נאכ'ן אנדערן. א נס, וואס די בלאטע איז דארט געוועזען זעהר גרויס. מיר וואלטען אפשר דער'הרג'עט געווארען.

פאלען מאנסביל און װײבער, און פערקעהרט, און מען שרײט, א מהומה, א יללה. אויף מיר איז ארויפגעפאלען א פארשוין מיט'ן קאפ אראב. האט ער זיך צושלאגען דעם קאפ און איך דאס הארץ. די װײבער האבען געװײנט, מאנסביל האבען אבגעקרעכצט. דער בעל-עגלה, ווידער, האט בעזונדער געקרעכצט אויף זײן ביטערן שאדען. ער האט איבערגעוואַרט ביז דער עולם האט זיך א ביסעל בערוהיגט און זאגט שוין מיט א װײכען טאן:

— עולם, איך בעט אײך, העלפט מיר אראבנעהמען דעם צובראכענעם ראד פון בויד. פעררינכטען דארף איך עס אוועקטראגען... אין נאהנטען דארף...

קלאגען די פארשוינען:

— מיר זענען פערמאטערט, צובראכען פון פאהרען און פון פאלען, נישט קײן געזעסענע, נישט קײן געטרונקענע, מיר האבען נישט קײן כח צו העלפען.

בעט זיך דער בעל-עגלה מיט תחנונים:

— האט רחמנות, איך וועל ערשט דארפען זײן איבעריגע צײט אין וועג מיט דרײ פערד. איך האב מורא, אז איך וועל שוין נישט קענען קומען צוריק אהײם אויף שבת.

מילא, וואס זאל מען טהאן. האבען מיר זיך אלע גענומען פאר'ן ראד. אבער עס איז שווער. קענען מיר זיך קײן עצה נישט געבען. האט דער בעל-עגלה געראטען ארויסשלעפען די שטאבעס אײזען מיט אלע שווערע משאות, אײנציגוויזע, וועט דערנאך זײן גרינג אראב-צונעהמען דעם ראד. האבען מיר אזוי געטהאן. און דער בעל-עגלה איז אוועק מיט'ן ראד און אונז איבערגעלאזען אין מיטען וויסטען וועג מיט דער בויד, מיט די פערד, ווי ראבינזאהן אויפ'ן אינזעל.

בלײבען א גאנצע נאכט אין פעלד, בעת עס איז קאלט און פינס-טער, אהן עסען, אהן טרינקען, ווי אין א מדבר, איז נישט פון די

געשמאַקע זאַכען. שוין דער דריטער מעת-לעת אַז מיר פאָהרען! און די פאַרשוינען — אַ מישמאַש, שטימען נישט איינע מיט די אַנדערע, אַנ׳אויסגעמישטע קראָם. מיר קענען זיך איינער מיט׳ן אַנדערן נישט אומקוקען.

די נאַכט האָט אויסגעזעהן אַזוי לאַנג, ווי דער יודישער גלות. ביסלעכווייַז, ווי איבער געוואַלד, האָט גענומען טאָגען, אָבער דער בעל-עגלה מיט׳ן ראָד איז נישטאָ. אין קול ואין עונה. דאָ האָב איך זיך אָנגערופען:

— יודען, וואָס וועלען מיר דאָ זיצען אין בויד נישט געגעסען און נישט געטרונקען. ווער געהט מיט מיר זוכען דעם בעל-עגלה.

האָבען זיך אַרויסגעכאַפּט „אָלאָטניקעס” און מיר זענען אַוועק אינ׳ם דערבייאיגען דאָרף. פרעגען מיר, צי עס איז דאָ נישט געוועזען אַ בעל-עגלה מיט אַ ראָד? זאָגען זיי, אַז דער שמיד איז נישטאָ אין דער־היים, איז דער בעל-עגלה געגאַנגען אין אַנ׳אַנדער דאָרף.

האָבען מיר זיך אויך אַוועקגעשלעפּט אַהין און, גאָט צו דאַנקען, איהם דאָרט געקראָגען בייַם שמיד. ערשט פיער אַ זייגער פאַרנאַכט איז פאַרטיג געוואָרען דער ראָד. זענען מיר געקומען צו דער בויד, איז געוואָרען אַ געוויין פון די עלטערע יודען מיט די ווייַבער: זיי חלש׳ען עסען. שוין מעהר פון אַ מעת-לעת נישט געהאַט אין מויל — נישט עסען, נישט טרינקען! אַ זעקס נפשות דערשלאָגען פון אַזוינע צרות, האָבען זיך גאָר צו-פוס אַוועקגעשלעפּט קיין ביאַליסטאָק — אַ מייל פינף. נאָך גרויסע צרות און פּיין האָבען מיר זיך אויך, ענדליך, קוים דערשלעפּט. די ליעבהאַרציגע נסיעה האָט ביי אונז צוגענומען איבער פיער מעת-לעת צייַט!...

איך בין געקומען צו דער מוהמען אַ צובראָכענער. קיין איין גאַנצען אבר האָב איך אין מיר נישט געפיהלט. די מוהמע האָט זיך דערשראָקען. זי האָט געמיינט, אַז איך בין קראַנק.

— וואָס פעהלט דיר, חאַצקעלע, — האָט זי שיער נישט פערבראָכען מיט די הענד, — איך וועל אַרייַנרופען אַ דאָקטאָר.

זאָג איך:

— מען דאַרף נישט קיין דאָקטאָר, איך בין געזונד. אָבער, מוהמינקע, די נסיעה האָט מיר פערשאַדט...

איך האָב אָבער אויסגעזעהן ווי אַ שד. די מוהמע, זעהר אַ גוט־

הערציגע, האט געהאט פון מיר גרויס עגמת־נפש. צוויי טאג בין איך אבגעלעגען אין בעט, א צובראכענער, אהן איין גאנצען אבר.

אז איך האב מיך עטוואס „פאפראוועט”, האב איך דערצעהלט דער מוהמען מכח מיין קומען קיין ביאליסטאק, אז איך וויל, זי זאל מיר שאפען עפעס אנ׳עסק, אז איך וויל מיר איינארדנען דא און אז זי קען מיר, מיין איך, דערין זעהר פיעל פערהעלפען. וועגען דעם, אז איך וויל מיר איבערגעבען צו השכלה האב איך גאר פערבארגען.

באלד נעהמען שיסען מיט השכלה פאר אזא פרומער יודענע, וואלט געווען נאריש. געבילדעטע מענשען האט מיין גוטע און פרומע מוהמע געהאלטען פאר עכטע גוים און רשעים.

די מוהמע האט מיר אויפמערקזאם געמאכט, אז אין אזוינע ענינים פאהרט מען נישט ארויס פלוצלונג. פריהער, פיהרט זיך, שרייבט מען אן א בריעף און מען פרעגט זיך אן, צי עס לוינט זיך צו קומען, צי עס קען זיין עפעס א געשעפט. אבער איצט, פערשטעהט זיך, איז שוין פערפאלען.

— אז דו ביזט שוין דא—זאגט זי—זיי ביי מיר, און רוה זיך אוים, און מכח א געשעפט איז דערווייל ביטער. ווארום פאר געשעפט דארף מען האבען עטליכע טויזענד רובל, האסטו דאס נישט. א שטע־לע, ווידער, איז אויך שווער צו קריגען. דו ביזט א יונגערמאן, נאר־וואס פון דער גמרא. קיינער קען דיך נישט און דו קענסט קיינעם נישט. אגב קאנסטו נישט—ניט קיין רוסיש, ניט קיין פויליש. סיידען עפעס א קליינע שטעלע, טויג דאס דען פאר דיר! נאר ניש׳קשה, פאל נישט אראב, גאט וועט העלפען...

מיין מוהמה האט לאנג גערעדט, אבער איך האב מיר גע־טראכט גאר פון אנדערע זאכען.

נאך זונטאג, געדענק איך, בין איך מיר אוועקגעגאנגען צום ראַ־בינער מיט בערנזאהנ׳ס בריעף. איבערלעזענדיג דעם בריעף, האט ער מיך העפליך אויפגענומען און געבעטען קומען צו איהם דינסטאג. ער דארף איבעררייד׳ען מיט האלבערשטאמ׳ן און ער פערהאפט, אז איך וועל קומען צו מיין ציעל. בין איך שוין געגאנגען אהיים א פרעה־ליכער.

דינסטאג בין איך פון דאס ניי געקומען צום ראבינער. ער האט

מיר באלד איבערגעגעבען די גוטע בשורה, אז האלבערשטאם איז גרייט מיך צו שטיצען ביז איך וועל ענדיגען מיין שטודיום, און האט מיך פערבעטען צו זיך. אז ער וועט זיך בעקענען מיט מיר פערזענליך, וועלען מיר זיך בעראטען ווי איינצואָרדנען מיין בילדונג. מען קען זיך פאָרשטעלען, ווי גרויס איז געווען מיין שמחה. האב איך, הייסט עס, באלד דערגרייכט צו מיין ציעל!

קום איך צו דער מוהמען א צוהיצטער פון שמחה. ביי מיר איז שוין פערבליבען, איך זאָל געבען דער מוהמען אָנצוהערעניש, אז איך נעהם זיך צו קענטניש, וואס איז איהר טריף ווי חזיר.

— ניש'קשה, — טראַכט איך, — אז איך וועל ענדיגען מיין שטודיום, וועט זי אויך זיין צופרידען. פאַנאַטישע יודען שעצען דאָך די געענדיגטע דאָקטוירים, אדוואָקאטען, אינזשענערן. נאָך ווי שעצען! זיי זענען זיי אפילו מקנא. זיי האָבען נאָר פיינט געבילדעטע קבצנים, וואס האָבען נישט קיין דיפּלאָמען. אזוינע האַלטען זיי פאר אפיקורסים און פאר אַלץ אין דער וועלט.

און איך האָב איהר פשוט דערצעהלט, ווי אזוי איך האָב מיך בעקאנט מיט'ן ראַבינער און וואס איך מיין מיט דער בעקאנטשאפט, און אז דער רבינער האט מיך פאָרגעשטעלט פאר א היגען גביר א משכיל, וואס וועט מיר שטיצען און וויזען א וועג צו קענטניש א. אז. וו.

די בשורה האט איהר געטראָפען ווי א קויל אין האַרצען.

— אהא! — האט זי זיך א האפּ געטהאָן — דער ראבינער מיט האלבערשטאַמ'ן וועלען דאָס דיר העלפען! זיי, די ליידאַקעס, די אפיקורסים, וואס האָבען אַלע יונגעלייט אראָבגעפיהרט פון וועג, גע-מאַכט א חורבן פון ביאַליסטאָק. איי, איי, געוואַלד געשריען!...

און זי האט געשאָטען און געשאָטען. שבת, ווידער, דערהאַלט איך פון מיין ווייב זעהר א טרויעריגען בריעף, אז דער טאַטע איז אויף איהר בייז, וואס זי האט מיך געלאָזען פאָהרען קיין ביאַליסטאָק, אנ'-אפיקורס'ישע שטאָדט, און ער האט זעהר מורא, אז איך זאָל דאָרט נישט אראָבגעפיהרט ווערען פון דרך הישר. איהם האט זעהר געשראָ-קען דאָס האַרץ. ער איז אַרומגעגאַנגען ממש א צומישטער. האט ער

שוין צוגערעדט מײַן װײַב, אַז זי זאָל מיך אַראָבריײַנגען צוריק קײַן װאָלאָװיטש.

און ער האָט זאָגאַר גענומען צו הילף מײַן מאַמען, װאָס מיט איהר האָט ער זיך קײנמאָל אין קײן זאַך ניט בעראַטהען. איהם איז אײַנגעפאַלען, אַז מיט דער מאַמעס הילף װעט ער אױספיהרען, אַז דאָס װײַב מײַנס זאָל מיך אַראָבריײַנגען פון ביאַליסטאָק אַהער אין דאָרף אַרײַן. ער האָט דערצעהלט דער מאַמען מכח דעם דאָזיגען האַלבערשטאַם, „דעם גרויסען אפיקורס", װאָס שיט מיט גאָלד, כדי צו מאַכען אַלע ביאַליסטאָקער יונגע לײַט פאַר אפיקורסים. הונדערטער גט'ן זענען שוין דערײַבער פאָרגעקומען. לכן האָט ער זעהר מורא פאַר חאַצקלען, ער זאָל קײן אפיקורס ניט װערען.

— דו קענסט דאָך איהם, חאַצקלען — האָט ער איהר גענעבען צו פערשטעהן — ער האָט דאָך אַלץ ליעב צו פרעגען קשיות אפילו אין אַזעלכע הויכע ענינים װי אמונה. דאַרף מען מעהר ניט, אַז ער זאָל זיך בעקענען מיט האַלבערשטאַם'ן! חאַצקעל איז שוין הײַנט אויך אַ האַלבער אפיקורס, אַ חקירה'ניק, און האַלבערשטאַם זוכט טאַקי אַזעלכע װי חאַצקעל. שולדיג איז זײַן װײַב. זי איז אַ יחסנ'טע געװאָרען. איהר װילט זיך ניט האַלטען אַ קרעטשמע, ציי אַ פאַקט. מיר ציטערט זעהר דאָס האַרץ. מען טאָר ניט אַװעקלאָזען אַ יונגענמאַן אין אַנ'אפיקורסישע שטאָדט. דאָס איז סם. מען טאָר ניט.

דאָס רעדט ער, פערשטעהט זיך, אומישנע אַזוי, װײַל ער האָט צו טהאָן מיט אַ יודענע.

— לכן, איז מײַן עצה, דו זאָלסט אָנדריקען מעהר אויף זײַן יונג װײַבעל, װעט זי שוין איהם אַראָבריײַנגען צוריק. נישקשה, אַז אַ װײַב װיל, קען זי פועל'ן.

בעגנעהן זיך גראָב מיט דער שנוהר, האָט מײַן אײדעלער טאַטע ניט געקענט. האָט ער איצט, צוליעב אמונה און יודישקײט, דאָס שטיקעלע אַרבײַט איבערגעגעבען מײַן מאַמען. און מײַן מאַמע, אַ ליכטיגען גן-עדן זאָל זי האָבען, האָט זיך טאַקי צוגעסטאַרעט...

עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב באַלד געקראָגען אַ גרויסען בריעף, אין װעלכען מײַן װײַב האָט באַריכות בעשריבען איהר פײַן און צרות, װאָס זי האָט אויסצושטעהן אינדערהײם.

אויף מיין נאַריִשען שכל האָט דער בריוו אַ גרויסען רושם געַ־מאַכט. איך בין בלאַס געוואָרען, אַז די מוהמע האָט זיך שוין דער־שראָקען. זי האָט געמיינט גאָט ווייס וואָס. איך האָב איהר געגעבען דעם בריוו, און אַז זי האָט איהם איבערגעלייענט, האָט זיך אַ שמייכעל בעוויזען ביי איהר אויפ'ן פנים. זי האָט פערשטאַנען, אַז אין דעם בריוו ליעגט פערבאָרגען אַזאַ פראָשעק, וואָס וועט מיך דאַרפען טרייבען פון ביאַליסטאָק צוריק אַהיים.

און אָט דער בריוו האָט צושטערט מיין האָפנונג, מיין איינציגען ציעל. איך בין געוועזען זעהר יונג און זעהר נאַריש, און האָב באַלד האָפערדיג בעשלאָסען, אַז איך מוז אַוועקוואַרפען אַלע מיינע שענע פאַנטאַזיעס, מיט מיין בילדונג, מיט קענטעניש, מיט דיפּלאָמען. זאָל געהן ווי ס'געהט. ס'איז פערפאַלען. איך קען נישט און טאָהר נישט הרג'ענען אַ מענשען. מיין ווייב וועט דאָרטען אויסגעהן. איך מוז קומען צוריק אַהיים; איך וועל מיך שוין מעהר נישט זעהן מיט'ן ראַבינער און מיט האַלבערשטאַמ'ן.

יאָ, איך פאָהר אַהיים.

האָב איך אָנגעשריבען צום ראַבינער אַ בריוו אין לשון-קודש... היות, ווי איך האָב ערהאַלטען אַ בריוו, אַז מיין פאָטער איז זעהר קראַנק (ווידער אַ ליגען), מוז איך וואָס גיכער אַוועקפאָהרען און האָב נישט קיין צייט אַפילו זיך זעגענען מיט איהם. איך דאַנק איהם זעהר פאַר זיין גוט הארץ און איך וועל איהם קיינמאָל, קיינמאָל נישט פער־געסען.

נאָך אָט דעם בריוו, ווידער, האָט זיך אין מיר אָנגעהויבען אַ רעאַקציע: מיט וואָס וועל איך קומען אַהיים? און ווידער האָט מיר באַנג געטהאָן אויף מיינע האָפנונגען, אין ווידער האָב איך מיך דער־פיהלט שרעקליך צובראָכען. אַ צובראָכענער, איז מיר פראָסט פיזיש שווער געוועזען צו פאָהרען גלייך אַהיים. די מוהמע האָט געזעהן מיין צושטאַנד און האָט מיך טאַקי אָבגעהאַלטען.

— רוה זיך אוים, — האָט זי מיר געקוקט אין די אויגען אריין אַ צופרידענע מיט'ן סוף—רוה זיך אוים... דערנאָך וועסטו פאָהרען... בין איך געבליבען זיצען ביי דער מוהמען און זיך צוגעהאָרכט צו איה־רע מעשיות—אַמאָליגע מעשיות מיט אַ קראָם, וואָס איז געשטאַנען אין

רעֶלטען מיטען מארק, מיט אַ מאַן, זעהר אַנ׳עהרליכען, מיט אַנגעפּאַה־רענע רבנים, וואָס פלעגען קומען אין געסט צו איהר און יעדערן האָט זי געבעטען צו זיך אויף אַ מיטאָג, וואָס פלעגט זיין כיד הגבירים,— פון דעם האָט זי הנאה געהאַט. און זי איז שוין געווען קלאָר אין אַלע רבנים און אין אַלע זייערע ענינים, וועגען וועלכע זיי פלעגען קומען קיין ביאַליסטאָק.

איינמאָל קומט אַריין די מוהמע מיט אַ געוויין. ווער איך דער־שראָקען:

— מוהמע, וואָס איז דאָס?

— ס׳טייטש, — וויינט זי — ר׳ אייזיל, דער סלאָמינער רב איז דאָ אין ביאַליסטאָק, בין איך ביי איהם געווען און געבעטען איהם צו זיך אויף אַ מיטאָג, האָט ער מיר אָבגעזאָגט... ס׳טייטש, איך, ר׳ לייזער גראָדנער׳ס טאָכטער, אַ קליינינקייט אונזער יחוס, ר׳ הלל׳ס איי־ניקעל, ר׳ יחזקאל, ר׳ זלמן, ר׳ חיים וואָלאָזשינער... איי, איי, איי— פּאַסט איהם נישט קומען צו מיר אויף מיטאָג!...

נישט קענענדיג צוזעהן איהר צער, האָב איך געזאָגט, אַז איך בין אַ בעלן געהן פרעגען ר׳ אייזילען, פאַרוואָס וויל ער צו איהר נישט קומען. דאָס איז איהר געפעלען געוואָרען.

— אדרבה, געה, מיין קינד!...

בין איך געגאַנגען און געפרעגט, פאַרוואָס האָט ער בעליידיגט ר׳ לייזער׳ס טאָכטער און זיך אָבגעזאָגט צו קומען צו איהר אויף מי־טאָג.

ענטפערט מיר דער רבי געלאַסען:

— זי איז טאַקי אַ בת־קדושים און זעהר אַ קלוגע, פרומע פרוי, אָבער איך געה נישט צו קיינעם עסען מיטאָג. דאָרט וואו איך שטעה איין, דאָרט עס איך.

— אָבער, אַז אַ פרוי — זאָג איך — קען אַזוי פיעל בעריהרען אייער נישט קומען ביז צום וויינען...

האָט ער אָנגעהויבען צו שמייכלען און זאָגט:

— ווייבער, מיין קינד, האָבען אַ גרויסען כח. מיט זייער וויי־נען פיהרען זיי אוים אַלץ ביי די מאַנסבּיל. זי וויינט טאַקי? נו, טאָ זאָגט איהר, אייער מוהמען, זי זאָל נישט וויינען. איך וועל קומען צו

איהר מאָרגען אויף אָוועגד-ברויט.

איך האָב דער מוהמען אָנגעזאָגט די בשורה, און זי האָט נישט געוואוסט וואָס צו טהאָן מיט מיר פאַר שמחה. דער גרויסער ר' אייזעל סלאָנימער וועט קומען!

נאָך פריהער, פאַר מיין ווייב'ס בריעף, האָט די מוהמע אוועק-געשיקט אַ בריעף צו אונזערן אַ קרוב. אין דעם בריעף האָט די מוה-מע נאָכגעפרעגט, צי עס איז נישטאָ פאַר מיר עפּיס אַ שטעלע. באַלד איז אָנגעקומען אַן ענטפער. דער קרוב האָט געשריבען, אַז ער דאַרף האָבען אַ בוכהאַלטער, און ער פרעגט זיך אָן, צי איך קען בוכהאַל-טעריע. אויב איך קען—זאָל איך גלייך קומען; אויך וועט ער דאַרפען אַ געשעפטס-פיהרער אין דריי חדשים אַרום. דער געשעפטס-פיהרער זיינער פאָהרט אַרויס.

לעזענדיג דעם בריעף, האָב איך איינגעזעהן, אַז קיין שטעלע קען איך נישט אָננעהמען, וועגען דעם דאַרף איך גאָר אויפהערען צו קלע-רען. אויב איך קען נאָך טויגען צו עפּיס — איז עס צו אַרענדע אין אַ הויף. אָבער אַן אַרענדע פאָדערט היבש געלד—מוז איך דינגען אַ קרעטשמע אָדער אַ פאַקט און שטאַרבען אַ ישובניק אין דאָרף...

בקצור, איך פאָהר אַהיים. דער מוהמען איז אפילו איינגעפאַ-לען, איך זאָל פאָהרען קיין וואַרשוי. וואַרשוי איז אַ גרויסע שטאָדט. דאָרט האָבען מיר אַ פעטער, דעם זיידען ר' לייזער'ס אַ ברודער, איי-נער אַ ר' יהושע סעגאַל, אַ מענש אַ בעוואוסטער און אַ גוטער.

ער וועט מיך זיכער איינאָרדנען. ווייטער האָבען מיר דאָרט נאָך קרובים.

— אַזאַ פאַמיליע אָהן עין-הרע, לויטער גרויסע יחסנים, — זאָגט די מוהמע — וואָלסט בעדאַרפט, האַצקעל, פאָהרען אַהין. אַזוי איז מיין עצה.

זאָג איך, אַז פריהער מוז איך פאָהרען אַהיים צו דער ווייב און מיט איהר זיך מישב זיין. לאָמיר הערען, וואָס זי וועט זאָגען.

— אדרבה, אדרבה, פאָהר זיך מישב זיין מיט'ן ווייב—האָט די מוהמע גערן צוגעשטימט.

די מומע האָט מיך נישט געוואָלט לאָזען פאָהרען צוריק אַהיים מיט די בעלי-עגלות.

— מיט דער פּאָסט וועסטו פאָהרען, חאַצקיל. מיט דער פּאָסט פאָהרען די גבירים און עס איז לייכט.

אַזוי איז געווען. זי האָט שוין אויסגעזוכט איינעם אַ פּאָדריאַד־טשיק און מיר זענען ביידע געפאָהרען. געצאָהלט האָבען מיר צו צוועלף רובל פון אַ פּאַרשוין. אין אַ מעת־לעת צייט זענען מיר געקומען קיין בריסק. די מוהמע, פערשטעהט זיך, האָט מיר מיטגעגעבען אויפ׳ן וועג פון אַלע גוטע זאַכען און די איצטיגע נסיעה קיין בריסק, כנגד דער נסיעה פון בריסק קיין ביאַליסטאָק, איז ביי מיר געווען ריכטיג, ווי דער גן־עדן אַנטקעגען דעם גיהנם, לויט מיינע מלמדים האָבען זיי געשילדערט. עס איז טאַקי געווען אַ גן־עדן. נאָר אין איין פּרט איז מיר איצט געווען פיעל ערגער. פאָהרענדיג מיט׳ן בעל־עגלה, האָב איך געהאַט אַ סך זיסע האָפענונגען מכח שטודירען און אויסשטודירען, און איצט פאָהר איך אָהן האָפנונג און אויפ׳ן הארצען איז וויסט, און לעער, ווי אין אָסיען אויף די פעלדער.

געקומען קיין וואָלנאָוויטש בין איך אַרום צוועלף אַ זייגער ביי־נאַכט. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טהיר. דעם טאַטענס שלאָפצימער איז געווען נעהנטער צום טהיר. אַז דער טאַטע האָט דערהערט מיין קול, האָט ער ניכט געוואָלט געהן עפענען, און אַז איך האָב אָבער לאַנג געקלאַפּט, האָט ער אויפגעוועקט מיין שוועסטער און געהייסען, אַז יענע זאָל אויפוועקען מיין ווייב — און מיין ווייב זאָל עפענען. איך האָב דאָס אַלץ געהערט אונטער׳ן טהיר, און עס איז מיך בעפאַלען עפּיס אַ מאָדנע פיינליכקייט.

דאָס ווייב האָט מיר געעפענט די טהיר און תיכף אויסגעבראָ־כען מיט אַזאַ גרויסען געוויין, אַז איך האָב מיר גאָר דערשראָקען. דאָס איז געווען אַ דאָפּעלט געוויין: אויף דעם, וואָס איך בין ניט געווען און דערויף, וואָס זי האָט מיך ערשט דערזעהן. אַ געוויין פאַר שמערץ און אַ געוויין פאַר שמחה.

כדי אָבצופאַרטיגען זיך מיט איהרע טרעהרען, האָב איך איהר אָנגעהויבען דערצעהלען ווי דער מוהמעס שוואָגער האָט מיך אין בריסק „אָבגענאַרט״ און געזאָגט, אַז ווען איך וועל קומען, וועט מיר די מוהמע געבען אַ געשעפט, בעת זי, די מוהמע, האָט מעהר ניכט געזאָגט, אַז זי וואָלט מיך סתם געוואָלט זעהן. זי האָט ניכט קיין

צייט אָבּצופאָהרען פון דערהיים, וואָלט זי געוואָלט, איך זאָל קומען צו איהר. זי וועט מיר אומקעהרען די הוצאות. דערמיט האָט זיך אויסגעלאָזט די גאַנצע רייזע מיינע. אז מיין ווייב האָט זיך עטוואָס בערוהיגט, האָב איך איהר דערצעהלט, אז מיין מוהמע ראָט מיר פאָה־רען קיין וואַרשוי. מיר האָבען דאָרט אַ גרויסע פאַמיליע פון יחסנים, וואָס וואָלטען מיר בעהילפיג געווען, און איך וואָלט מיך געקאָנט דאָרט איינאָרדען א. אַז. וו.

אַזוי האָב איך געשמועסט מיט'ן ווייב.

דער טאַטע, וואָס איז געווען זעהר צופרידען דערפון, וואָס איך האָב פערלאָזט די אפיקורסי'שע שטאָדט, האָט זיך בעצויגען צו מיר בעסער. ער האָט, אפנים, בעשלאָסען אויפצופיהרען זיך מיט מיר גאָר אַנדערש. ביז אַהער איז ער געווען אַלץ פון וויטען מיט מיר, איצט האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז דאָס טויג לחלוטין נישט. און ער האָט אָנגעהויבּען זיך דערנעהנטערן — גאָר אַנ'אַנדער טאָן, גאָר אַנ'אַנדער מי־נע, פריינדליכער, ווארימער, בעהאַרצטער.

— דו דאַרפסט עפּעס זעהן אַ געשעפט — האָט ער געזאָגט — אַ פאַקט, אַ קרעטשמע, צי וואָס.

— אָבער, טאַטע — האָב איך מיך עטוואָס געוועהרט — בין איך דען בטבע אַ געשעפטס-מאַן? קען איך דען טויגען פאַר אַ דאָרף־עסק? מיר ווילט זיך וואַרשוי, טאַטע. אין וואַרשוי, וועל איך מיר איינאָרד־נען. אַזוי פיעל קרובים.

גרויסע שטעדט האָבען געשראָקען דעם טאַטען, און ער האָט מיר באַלד נישט געגעבען זיין הסכמה דערויף. ער האָט זיך מישב געווען מיט'ן זיידען. דער זיידע האָט סתם געראָטען, איבּערוואַרטען ביז זומער, ביז יאָהאַן-צייט. דעמאָלט מאַכט מען קאָנטראַקטען אויף מאַיאָנטקעס, וועט זיך אפשר מאַכען צו דינגען אַ קליין מאַיאָנטיקעל. עס וועט אפילו צו-פעלען געלד, נאָר מען וועט זיך מוזען אַנ'עצה גע־בען.

בין איך פערבליבען אין וואָלנאָוויטש. איך האָב זיך אָנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט'ן טאַטען'ס הויף, אַוועקגעוואָרפען מיינע ביכער מיט די חקירה־ספרים, וואָס איך פלעג שטענדיג לייענען בשתיקה, ווען דער טאַטע איז געווען פערנומען. און אַזוי זענען אַוועק עטליכע חדשים.

איך בין דעם טאטען זעהר צוניץ געקומען; ער האט שוין אנגעהויבען צו פאהרען אפט קיין קאמעניץ, א ביסעל זיך דורכשמועסען מיט זיינע חסידים און דערוויילע איבערגעלאזען אויף מיר די גאנצע ארבייט פון הויף. מיט מיין ארבייט איז ער געווען זעהר צופרידען. איך האב מיך געפלייסט און געמאכט אין הויף נייע ארדנונגען. וואלט ער צו דעם הויף נישט געהאלטען קיין שותף, וואלט ער מיך שוין נישט אפגעלאזען. דער שותף ר' יעקב, א יוד א גביר, אפילו א פראסטער מענש, אהן תורה, נאר זעהר אנ'עהרליכער מאן, האט אריינגעלעגט א היבשע סומע געלד אין הויף, און זיינע זיהן און איידעמ'ס האבען זיך אנגעהויבען שטארק מישען אין די הויף-ענינים. דאס איז געווען נישט זעהר בעקוועם. אגב האב איך שוין צוליעב דעם קיין ארט נישט געהאט. די יונגעלייט האבען אנגעהויבען צו זאגען גרויסע דעות, און איך האב אבגעטראטען. דער טאטע „אלס זעהר א גוטער געשעפטס-מאן" האט מיך דערפאר געלויבט... איך בין, הייסט עס, א רוהיגער מענש און קען אבטרעטען דעם וועג למען השלום. די יונגעלייט האבען אפילו פערשטאנען וועניגער פאר מיר און האבען זאגאר א קלענערן חלק געהאט פאר אונז, נאר איך האב איינגעזעהן, אז ווען איך זאל ארבייטען מיט זיי צוזאמען, וועט מען זיך מוזען קריגען.

צו „יאהאן-צייט" איז דער זיידע אומגעפאהרען צו אלע זיינע בעקאנטע פריצים זוכען א קלייון מאיאנטיקעל פאר מיר — און האט נישט געפונען. דערוויילע איז אוועק דער זומער. עס איז שוין גאט צו דאנקען ר"ח אלול און קיין הויף פאר מיר איז נישטא. דער זיידע האט מיר אפילו געזאגט, אז אנ'אנדערער אויף מיין ארט וואלט געדונגען א גרעסערען הויף, נישט קוקענדיג אויף זיין קליינעם קאפיטאל, ווי אלע יודען טהוען; נאר איך האב באין אופן נישט געוואלט באלד, לכתחילה, נעהמען א געשעפט אויף שווינדעל. האב איך זיך דערפון אבגעזאגט. ווינבאלד אז אזוי, האב איך אנגעהויבען ווייטער צו ריידען מכח פאהרען קיין ווארשוי... אין מיר האט זיך געגומען ערוואכען דער גלות-יוד: וואנדערן, וואנדערן, וואנדערן...

דער טאטע האט דאך איינגעוויליגט. איך מעג פאהרען קיין ווארשוי. ער האט זיך געשטיצט אויף אונזערע יחסנ'ישע קרובים. יענע וועלען מיך היטען, נישט לאזען אראב פון גלייכען וועג.

דעמאלט זענען שוין געווען צוויי באהנען ביי אונז: ווארשוי־פעטערבורג און ווארשוי־טערעספאל. פון בריסק קיין ווארשוי האט געקאסט דריי רובל באהן־געלד. פטור געווארען פון די בעלי־עגלות. איך האב זיך אויסגעקליבען אין וועג אריין חצי אלול און בין געווען זיכער, אז דער טאטע וועט שוין איצט א ביסעל מקרב זיין מיין ווייב. איך פאהר דאך מיט זיין וויסען און ער האט קיין מורא נישט פאר ווארשויער אפיקורסות; די קרובים, די קרובים!...

## פירטעם קאפיטעל.

אין וועג. — דער צוג. — דער ערשטער „אוראק". — מיין פעטער ר' יהושע. — זיין הויז. — איך זוך פרנסה. — עס האלט ביי מלמדות. — ווארשוי. — חברה ש"ס. — חברה שומרי שבת. — ליטוואקעס. — דעם פעטער'ס קינדער. — איך ווער א מלמד. — א מלמד זאל נעהן איבער'ן גאס אין מיטען טאג. — ווידער אין וועג ארײַן. — מאקאראָווצי.

איך בין געפאָהרען קיין ווארשוי א ביסעל רוהיגער ווי קיין ביא-ליסטאק. פון מיין סטודיום האב איך זיך מיאש געווען. דאס איז שוין מיר אינגאנצען ארויס פון די געדאנקען. אין ווארשוי, האט זיך מיר געדאכט, וועל איך געפינען נעבען דער פאמיליע עפיס א פרנסה.

דער צוג, נייע מענשען, נייע קליידער—דאס אלץ איז פאר מיר געווען גאר אונבעקאנט, און טאקי אין צוג זיצענדיג, האב איך בעקו-מען דעם ערשטען „אוראק" פון א גרויסער שטאדט. אנטקעגען מיר אין צוג איז געזעסען א יוד, שען געקליידט מיט א בריליאנטענעם רונג אויפ'ן פינגער. ער האט מיך געפרעגט, וואו איך פאהר.

— אין וואַרשוי, — זאָג איך.

ער האָט, אפּנים, פערשטאַנען אָן מיר, אַז איך בין אַ „פּריץ״, אַ בית־מדרש־יונגעל, האָט זיך איהם פערוואָלט אַ ביסעל חוזק מאַכען איבער מיר, פרעגט ער:

— וואָס איז אייער פאָהרען קיין וואַרשוי?

זאָג איך:

— זוכען געשעפט.

זאָגט ער:

— איהר האָט דאָרט עפּעס אייגענע קרובים?

זאָג איך:

— אַ פעטער.

— ווער איז אייער פעטער?

— ר׳ יהושע סעגאַל...

— ווי, זאָגט איהר, ר׳ יהושע? אַ רוח אין זיין טאַטען׳ס טאַטען אַריין!

און האָט זיך גראָב צולאַכט. דעמאָלט האָב איך פערשטאַנען, אַז אויף דער וועלט מוזען זיין נאָך אַנדערע מענשען, גאָר נישט ענה־ליך אין די גוטע נאַאיווע קאַמעניצער און בריסקער יודעלעך און אַז מען דאַרף זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט זיי.

פערפאָהרען בין איך אין וואַרשוי צום פעטער, טאַקי צום זעל־בען ר׳ יהושע׳ן, וועמען מען האָט געשאָלטען אין טאַטען אַריין. איך קום אַריין און שטעל מיך פאָר: פון קאַמעניץ בין איך, ר׳ לייזער, גראָדנער מורה־הוראה׳ס אַנ׳אייניקעל. דער פעטער ר׳ יהושע, אַנ׳אַל־טער מאַן, גיט מיר שלום און בעט מיך זיצען, און פרעגט ביי מיר, וואָס מאַכט זיין ברודער, דער קאַמעניצער רב, וואָס איז, ווי איך האָב שוין געשריבען אין מיין ערשטען טייל, געשטאָרבען אין דער גרויסער האָלעריע אין 65־טען יאָהר, דאָס הייסט מיט צוויי יאָהר צוריק.

איך האָב איהם נישט געוואָלט מצער זיין וועגען זיין ברודערס טויט און האָב איהם אָבגעגעבען אַ הייסען גרוס פון קאַמעניצער רב, פאַר וועלכען איך האָב פאָרגעלייענט, כדי ער זאָל נישט בלינד וועי־דען אויף זיינע אויגען. דעם פעטערס הויזגעזינד, וואָס האָט געוואוסט

פון דעם רב׳ס טויט, איז מיר זעהר דאנקבאר געווען פאַר מיין „גו־טען״ ליגען. מען האט מיך ווארים אויפגענומען.

דעם פעטערס הויז איז מיר זעהר געפעלען געווארען. דער פעטער אליין, א יוד א חכם, האט זיך אפט בעשעפטיגט מיט בוררות. די גרעסטע גבירים, מיליאנערען, וועלכע האבען געהאט צווישען זיך סכסוכים, פלעגען קומען צו איהם זיך אויסגלייכען, נישט ווי דער שטייגער איז, אז יעדער בעל-דבר נעהמט זיך צו איין בורר און די ביידע בוררים קלויבען אויס א שליש, אז יענער זאל מכריע זיין צווי־שען די ביידע, — דער פעטער פסק׳ענט אליין.

דער פעטער פלעגט אויך פערדיענען פון שדוכים. ער איז גע־ווען א גרויסער לאנד-שדכן. געשטאנען איז ביי איהם אנ׳אייזערנער קאסטען מיט א געוואלטיגער סומע געלד — פאפירען און גאלד וואס ר׳ זימעל עפשטיינ׳ס קינדער האבען ספעציעל בעהאלטען ביי איהם, מחמת זיי האבען זיך זעהר געקריגט צווישען זיך נאך ר׳ זימעל׳ס טויט. זייער משפט איז דערגאנגען ביז פעטערבורג, הוצאות אויפ׳ן קריג איז אוועק מעהר פון הונדערט טויזענד רובל. אז מען האט זיך אבער צו קיין טאלק נישט דערשלאגען דערנאך, זענען זיי צוגעפאלען צו ר׳ יהושע׳לען, ער זאל זיי אויסגלייכען. איז ער געזע־סען מיט זיי אין פעטערבורג און האט זיי „אויסגעגלייכט״. פאר דאס שטיקעל ארבייט האט ער גענומען פינף טויזענד רובל און אלע זע־נען געבליבען צופרידען.

א סך מענשען פלעגען קומען צו איהם נאך עצות. גבירים האָ־בען נישט געשלאסען קיין שותפות אהן איהם. ביי איהם האט מען געפרעגט א מיינונג וועגען געשעפט און זיי זענען געווען זיכער, אז קוים האט ר׳ יהושע מסכים געווען אויף דער שותפות, וועט דאס האלטען אויף לאנג. און אזוי איז טאקי געווען.

שבת-צו-נאכט פלעגען זיך אויפקומען צום פעטער גבירים, וואס האבען גאנץ רוהיגע קעפ, און האבען פערבראכט אין וועלט-זאכען. ער איז געווען, ווי די מאדע איז, א גרויסער פאליטיקער און איז געווען קלאר אין אלע גבירים, גרויסע סוחרים, האט אויסגעצייכענט געוואוסט יעדענ׳ס כאראקטער בעזונדער און האט געקענט פאראויסזאגען, וועל־

כּער סוחר וועט שטייגען אַלץ העכער און פעסטער און וועלכער וועט גיך פאַלען.

קיין שלעכטס האָט ער דאָס רוב אויף קיינעם נישט גערעדט. מען דאַרף היטען די צונג, האָט ער געהאַלטען.

געווען איז ער אויך קלאָר אין ש״ס און פּוסקים, און אין זיינע לשון-קודש-בריעף איז געלעגען אַ סך חכמה און וויץ. דערצו נאָך איז ער געווען אַ מזג-טוב און האָט ביי זיך קיינמאָל קיין געלד נישט געטאָרט האַלטען. און האָט ער געהאַט ביי זיך עטליכע הונדערט רובל און עמיצער איז גראָד בעת-מעשה געקומען צו איהם מיט אַ קרומער מינע, האָט ער געקענט יענעם דאָס געלד אַוועקגעבען.

אַז ער האָט געהאַט ביי זיך געלד, האָט זיין ווייב, ווי דער שטייגער איז, שטאַרק אַכטונג געגעבען אויף איהם... זי האָט איהם געקוקט אויף די הענד, אָבער שען, שטיל און דיפּלאָמאַטיש.

ביים פעטער איז די ערשטע פרוי געשטאָרבען, ווען ער איז נאָך אַ יונגערמאַן געווען. מיט דער ערשטער פרוי האָט ער געהאַט אַ זוהן מיט אַ טאָכטער. זיין צווייטע פרוי איז געווען דעם וואַרשויער סופר׳ס אַ טאָכטער. זי, דאָס צווייטע ווייב, האָט איהם געאירצט דאָס גאַנצע לעבען פון דער חתונה אָן.

— זאָל ר׳ יהושע׳לע געהן עסען... זאָל ר׳ יהושע׳לע דאָס, יענץ...

די קינדער פון ביידע ווייבער זענען געגאַנגען פאַר איהם אויף די שפּיץ פינגער. האָט ער גערעדט, זענען אַלע קינדער געשטאַנען ווי חסידים פאַר׳ן רבי׳ן. זיינע צוויי טעכטער, פרייליינס, זענען געווען זעהר פיין ערצויגען, און עס איז געווען זעהר אָנגענעהם מיט זיי צו פערברענגען.

די עטליכע וואָכען, וואָס איך בין אָבגעווען ביים פעטער אין הויז, זענען מיר טיעף פערבליבען אין זכרון. איך האָב מיך געפונען ווי אין אַ גן-עדן, צווישען שענע, גוטע מענשען. איך האָב שטענדיג געמיינט, אַז איך בין לפי ערך אַן׳אַיידעלער יונגערמאַן; אין דעם הויז אָבער האָב איך דייטליך געזעהן, וואָס הייסט איידעלקייט, פיינקייט.

ביי דעם פעטער׳ס פאַמיליע האָב איך געהאַט חן. זיי האָבען

געהאט קרענקונג, וואס איך בין נישט איינגעאָרדענט, וואָס איך האָב נישט קיין בעשעפטיגונג.

איינמאָל האט דער פעטער געזאָגט:

— איך ווייס נישט, צי חאַצקעל וועט טויגען פאר סוחרות. ער האָט צופיעל תמימות פאר סוחרות. ביז עס וועט זיך וואס געפינען, וואָלט איך איהם געראַטען נעהמען זיך צו מלמדות... אין ווארשוי נויטיגט מען זיך שטאַרק אין ליטווישע מלמדים. אין ווארשוי קאָן מען גאַנץ פיין לעבען פון מלמדות...

און דער פעטער האָט פאָרזיכטיג אַ קוק געגעבען אויף מיר.

אין מיין פנים האָבען זיך געביטען די פארבען: איך פיהל, ווי עס ווערט ווייס און רויט, ווייס און רויט.

— מלמדות!... — האָט מיר אַ זעץ געטהאָן אין קאָפּ, — וועה איז מיר...

דער פעטער האָט באַלד אָנגעהויבען דערצעהלען מעשיות פון פיעל מלמדים, וואָס זענען אין ווארשוי גרויס געוואָרען און זענען אַיבערגעגאַנגען פון מלמדות צו גרויסע געשעפטען, גרויסע פאַבריקען א. אַז. וו. פיעל פון זיי זענען היינט גרויסע גבירים. ענערגישע מענשען ווערען אין ווארשוי נישט פערפאַלען, נאר שלים־מזל'ניקעס בלייבען אויביגע מלמדים. אַ מלמד — אַ מענש „שעצט" מען היע און עס איז זיך נישטאָ מיט וואס צו שעמען.

אָט אַזוי האָט דער פעטער פערגלעט דעם שווערען איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט, מיט זיין מלמדות. דערביי האָט ער מיך ווידער פאָרזיכטיג אָנגעקוקט.

עס איז אָבער געוועזען אַ פערפאַלענע זאַך. ווארום קוים האָט דער פעטער געזאָגט, אַז מלמדות איז גוט, האָב איך געמוזט מרוצה ווערען... די נאַכט אָבער האָב איך נישט געקענט איינשלאָפען. איך האָב אַלץ געקלערט וועגען דעם: ווערען אַ מלמד, ווערען אַ מלמד... אָבער דער פעטער זאָגט, אַז עס איז גוט, העלפט נישט.

— פעטער, — האָב איך איהם אָנגעזאָגט, — ווער איך אַ מלמד...

— זיי רוהיג, — האָט ער געענטפערט — דיין כבוד וועט דיר נישט געמינערט ווערען, נישקשה.

און פלוצלונג, אין אַ שבת בײַטאָג, האָט מיר זײַנער אַ זוהן אָנגעזאָגט, אַז דער טאַטעשי וויל מיך פערהערען אין לערנען. עס וועט קומען אײַנער אַ למדן, וועט ער מיך פערהערען. דאָס האָט מיר אויך נישט געשמעקט: פערהערען גאָר. אַ יונגעלע בין איך?

אײַדעלע מענשען אָבער קענען פערגלעטען, און מען האָט מיר געגעבען צו פערשטעהן, אַז מען בעדאַרף וויסען וואָס פאַר אַ תלמידים קען איך אָננעהמען. איך האָב מיך נישט געקאָנט וועהרען און דאָס איז בײַ מיר אויך רעכט געוואָרען. אין אַ שעה אַרום איז געקומען אַ „שענער יוד”, אַן עלטערער מענש, און דער פעטער האָט מיך אַרײַנגערופען אין אַ בעזונדער צימער. מען האָט געבראַכט אַ גמרא בבא מציאה, דער יוד האָט אָנגעוויזען גלײַך אויפ'ן ערשטען פרק: שנים אוחזין בטלית, די שיטה פון עד אחד, מיט די תוספת'ן און מהרש"א. האָב איך געזאָגט פאַר אין ברירה און גאָר נישט שלעכט. ער האָט באַלד איבערגעגעבען ר' יהושע'ן, אַז איך קאָן... דער פעטער איז געווען צופרידען און מיר איז אָנגעזאָגט געוואָרען:

— דו בלײַבסט שוין אַ וואַרשויער...

אַלזאָ, מלמדות.

איצט דאַרף איך פערבלײַבען אין וואַרשוי ביז איבער סוכות. דעמאָלט איז די רעכטע צײַט פון נעהמען קינדער. בּיסלעכווײַז האָב איך פערגעסען אָן דעם אַרטיקעל „מלמדות” און געוואָרען מונטערער.

און, אַ מונטערער, פלעג איך אָפט שפּאַצירען מיט ר' יהושע'ס זוהן חיים-לייזער'ן. דער דאָזיגער חיים-לייזער האָט מיך בעקאַנט געמאַכט מיט וואַרשוי, מיט דער גאַנצער יודיש-וואַרשויער געשיכטע, מיט די אַלע היגע מנהגים, מיט די חסידים און רביים. ר' יהושע'לעס הויז, פערשטעהט זיך, איז געווען מתנגדיש. ער האָט מיר אויך געוויזען אַלע היגע בתי-מדרשים און געדאַווענט האָב איך מיט איהם אין דער ליטווישער ערשטער חברה ש"ס אויף פראַנציסקאַנער גאַס. אין דעם דאָזיגען בית-המדרש האָבען געדאַווענט אַלע אָרטאָדאָקסיש-גביר'ישע יונגע לײַט, וועלכע האָבען גענומען צו זעכציג, אַכציג טויזענד רובל נדן. אַ מאָדנעם אײַנדרוק האָבען אויף מיר געמאַכט די לאַנגע קלײדער מיט די שטרײַמעלעך און געדרעהטע פאות'לעך. יונגע-לײַט, וואָס האָבען נאָך נישט געהאַט קיין סימן פון קיין באָרד, זענען געווען בעהאָנגען

מיט שאקלענדיגע גראָבע לאַנגע פּאות'ן, וואָס האָבען אויסגעזעהן ווי לעבעדיגע חיה'לעך. רייכערע יונגע לייט זענען געגאַנגען אין אַטלעסענע לאַנגע קאַפּאָטעס מיט ווייסע זאָקען און פּאַנטאָפעל. אַזעלכע יונגע-לייט האָט מען בעגעגענט מאַסענוויי אויף די נאַלעווקעס, פראַנציסקאַנער און גזשיבאָוו; מיידלעך אָבער זענען געווען טיעף דעקאָלטירט.

אין דער דאָזיגער חברה ש"ס, אין בית-המדרש, האָט מען שטענדיג געהאַלטען אין איין קריטיקירען די חסידים. דאָרט זענען געווען די פערברענטסטע מתנגדים. די היץ פון די חסידים געגען די מתנגדים איז איבערגעוואָרפען געוואָרען אַהער צו די מתנגדים געגען חסידים. איינער, מיט'ן נאָמען אליהו, אַן'אייניקעל פון ווילנער גאון, אַ רייכער יונגערמאַן און אַ למדן, איז געווען דער גאַנצער פיהרער פון דער חברה ש"ס-לייט. געטראָגען האָט ער אַ זיידענע ריפּסענע לאַנגע קאַפּאָטע, מיט ווייסע זעקעלעך און שענע פּאַנטאָפעל. זיינע פּאות, נישט גאָר לאַנגע, נאָר געקרייזעלטע, האָבען איהם צוגעגעבען אַ בעזונדער חן. און מיט דעם דאָזיגען אויסערליכען חן האָט ער צוגעצויגען אַ סך זייטיגע מענשען.

אַ מתנגד איז ער געווען אַ פייערדיגער און האָט שטענדיג געלאַכט און חוזק געמאַכט פון די חסידים מיט די רביים. עס פערשטעהט זיך, אַז אין דעם קרייזעל בין איך שטאַרק צוניץ געקומען. איך האָב דאָך עפּעס אויך געקענט חסידים. און אַזוי איז פרעהליך אַוועק די צייט. אַלע טאָג פאַר'ן דאַוונען אין דערפריה און נאָכ'ן דאַוונען און דערהויפּט צווישען מנחה און מעריב בין איך שוין געוועזען אין רעכטען קנויל פון די יונגע לייט, און געאַרבייט מיט דער צונג אויף וואָס די וועלט שטעהט. איך בין זיי אַזוי ווי צוגעשיקט געוואָרען מן השמים, און זיי מיר אויך דאָסזעלבע. דער עולם האָט געלאַכט פון די מופתים, פון די רביים, פון אַזעלכע גוזמאות, וואָס זענען נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, און אַלע טאָג פלעגט מען ברענגען צום קריטיקירען אַן'אַנדער חסידי'שען ספר פון עפּיס אַ רבי'ן,

נאָר ס'איז געווען איין זאַך, וואָס האָט פעראייניגט די ש"ס יונגע-לייט מיט חסידים. דאָס איז געווען דער ענין פון שומרי שבת. געווען אַ חברה שומרי שבת, וואָס האָט זיך געשטעלט דאָס ציעל אָבצוהיטען יודען פון חלול שבת. געוועהנליך, האָט מען זיך געראַנגעלט מיט די

אָרימערע קלאַסען יודען—די שומרי-שבת'ניקעס האָבען אויף זיי געקענט אָנדריקען, מעהר ווי אויף די רייכערע.

די גרויסע חברה „שומרי-שבת" האָט געהאַט איהרע טהיילען אין אַלע חסידים-שטיבלעך, און יעדעס חסידים-שטיבעל האָט זיך געטהאָן זיין אַרבייט: מען האָט אויפגעקוקט דערויף, אַז מען זאָל נישט האַנדלען אום-שבת, נישט קויפען און פערקויפען א. אז. וו.

אַמאָל איז געווען נישט גאָר אָנגענעהם צו-צוקוקען, ווי אַ רייכער, זאַטער קעסט-אייזעמיל איז זיך נוקם אָן אַן אָרימער פינסטערער פשע-קופקע, פאַרוואָס זי איז אַ רגע שפּעטער געשטאַנען מיט די קאָשיקעס.

ערב-סוכות פאַרנאַכט איז אָנגעלאָפען אליהו אין בית-המדרש חברה ש"ס אַ פערסאָפּעטער, ווי עס וואָלט געברענט:

— עולם, די פשעקופקעס זיצען נאָך אין גאַס און לייזען געלד — האָט ער אויסגעשריען — גיכער לאָמיר זיי פונאַנדערטרייבען!

האָבען זיך אַלע ייַדענע יונגע-לייטלעך אַ שאָט געטהאָן אויף דער גאַס. איך בין אויך אַרויסגעגאַנגען זעהן, ווי אַזוי מען טרייבט די פשעקופקעס. דעמאָלט איז נאָך נישט געווען קיין קאַנאַליזאַציע, זיצען ווייבער אויפ'ן טראָטואַר, די פיס אַראָבגעהאָנגען אין רינשטאָק, אייינס נעבען ס'אַנדערע, איבער דער גאַנצער לענג פון גאַס און פערקויפען די רעשטלעך ווייַנטרויבען און אַנדערע פרוכטען, וואָס מען בעדאַרף צו יום-טוב. די סחורה, דעם אמת געזאָגט, איז שוין אַ ביסעל צוגע-פוילט, און וועט מען עס איצט נישט פערקויפען, וועט עס דערנאָך אַ גראָשען נישט ווערט זיין. די יונגע-לייט אָבער האָבען אויסגעשאָטען די קוישען פרוכטען אין רינשטאָק אַריין. איז געוואָרען אַ מהומה, די פשעקופקעס ווייַנען און בעטען זיך:

— אָט שטעהען דאָך סוחר'טעס, וואָס ווילען דאָס אָבקויפען, נאָר איין מינוטקעלע.

אָבער דער עולם האָט נישט געהערט.

איך האָב דאָס נישט געקענט צוזעהן, זאָג איך צו דעם אָנפיהרער:

— ר' אליהו, איהר געהט גאָרנישט אַריין אין דער לאַגע פון די אָרימע פערביטערטע פשעקופקעס און טהוט זיי אָן היזק. עס וואָלט אפשר געווען גלייכער אויפלעגען זיך צווישען זיך פיעל עס איז און בעצאָהלען די פשעקופקעס פאַר זייערע רעשטלעך, וואָס איבער יום-

טוב וועט דאָס שוין גאָר קאַליע ווערען, און שיקען זיי אַהיים. גלאַט וואַרפען, שלײַדערן — איז עפּיס נישט שען...

אָבער מיט מײַנע עטליכע ווערטער האָב איך מיך גאָר קאַליע געמאַכט אין זייערע אויגען. זיי האָבען געוואָרפען אַ חשד אויף מיר, אַז איך בין שוין אַ ביסעל געחאַפּט אין דער מעשה.

זיי האָבען אָבגעטהאָן זייער אַרבייט און אַוועק צוריק אין חברה ש״ס. דאָרט האָט מען אָבגעדאַווענט מעריב און געוואָלט מיט מיר פיהרען אַ ויכּוח מכּח דעם. דאַרף מען אָבער געהן אַהיים עסען, קעסט-קינדער, האָט מען אָבגעלעגט אונזער ויכּוח אויף מאָרגען, יום-טוב בײַטאָג. אויף מאָרגען זענען אַלע זיך צונויפגעקומען אין בית-המדרש, און עס איז אַוועק בײַ אונז אַ ויכּוח. איך האָב זיך פונאַנדערגערעדט אויף אַ האַלבע שעה צײַט און אויפגעוויזען, אַז מיט אָרימע פּשעקופּקעס קען מען זיך פאָרט אַזוי נישט בעגעהן און אַז נישט דאָס הייסט די אמת׳ע עבודת-הבּורא. מיט דער הילף פון ויכּוח האָב איך מיר צוגעצויגען אַ גרויסע פּאַרטיע, וואָס האָט אײַנגעשטימט מיט מיר, נאָר אייניגע פון די רײַכערע און בּתוכם דער ראש אליהו זענען געבליבען בײַ זייערס, אַז זיי זענען גערעכט על פּי דין און אַז איך בין שוין אַ ביסעל אַראָבגעקראָכען פון וועג... אויך די פאַנאַטישע האָבען זיך ביסלעכווייז אָבגערוקט פון מיר. די, ווידער, וואָס האָבען מיט מיר געהאַלטען, זענען געשטאַנען פאַר מיר אײַזען-שטאַרק, נאָר איך האָב מיר פאַמעלעך אײַנגעזעהן, אַז מײַן מלמדות וועט שוין לײַדען צוליעב דעם, וואָרום מיט יעדען טאָג האָט מען זיך אַלץ מעהר דערווײַטערט פון מיר. וויפיעל דאַרף מען האָבען צו אַ שלעכטען שם?... צי האָב איך עס בעדאַרפט?

און אַזוי איז טאַקי געווען. אייניגע האָבען מיר טאַקי נישט אָבגעגעבען די קינדער צוליעב דעם, און פריהער האָבען זיי עס געוואָלט.

זענענדיג אין וואַרשוי, האָב איך מיר בעקאַנט מיט׳ן האַס פון די פּוילישע יודען צו די ליטוואַקעס — אַ האַס, וואָס דערמאָהנט אָן צוויי קריגעריש פעלקער און וואָס איז מיר ביז אַהער געווען לחלוטין אונבעקאַנט. טהוט אַ ליטוואַק אַן עולה, אַזוי בעשולדיגט מען גאַנץ ליטאָ, און די פעראַכטונג צו דעם מאָגערן שטיק לאַנד, וואָס הייסט ליטאָ, איז גאָר אונבעשרײַבליך.

פריהער, פאר'ן אויפשטאנד, אין 63-טען יאהר, האט געהערשט אין ווארשוי דאס טאג-צעטעל. יעדער פרעמדער יוד, נישט קיין איינגע-שריבענער אין ווארשוי, האט געמוזט צאהלען פאר יעדען טאג פופציגהן קאפיקעס. עס פערשטעהט זיך, אז מיט א יאהר זעכציג צוריק איז פופצעהן קאפיקעס געווען א צו-גרויסע קאנטריבוציע און דעריבער זענען אין ווארשוי געקומען גאר ווייניג ליטוואקעס. אדעס איז דעמאלט געווען די איינציגע שטאדט, וואו ליטוואקעס האבען גע-זוכט פרנסה, חאטש אדעס איז פון ליטא וייטער ווי ווארשוי. אנ'אנ-דער גרויסע שטאדט, וואוהין צו פאהרען, האבען די ליטוואקעס נישט געהאט. אבער אזא ווייניגע צאהל ליטוואקעס איז אויך פערהאסט גע-ווארען ביי די פוילישע יודען, און קיין אנדער נאמען ווי ליטוואק-חזיר האבען זיי פאר איהם נישט געהאט.

נאכ'ן אויפשטאנד איז ווארשוי ברייט געעפענט געווארען פאר יו-דען, קיין קאנטריבוציע האט מען שוין נישט געצאהלט, און אזוי ווי אין יענער צייט זענען די ערשטע צוויי באהנען אין רוסלאנד — ווארשוי-פעטערבורג, ווארשוי-טערעספאל—פארביי-געפאהרען פארביי לי-טא, זענען, פערשטעהט זיך, אין א משך פון עטליכע יאהר אנגעקו-מען א היבשע צאהל ליטוואקעס, און דער האס האט זיך פערגרע-סערט.

נאר פארוואס קומט דעם ליטוואק דער נאמען חזיר? פארוואס נישט רמאי, גנב, צי עפיס אנדערש? דאס דערקלערט זיך פשוט. ליטא איז אנ'ארימע געגענד, קיין אינדוסטריע איז נישטא, די ערד איז א מאגערע, א זעמדיגע, די פריצים אויך ארימע, און אז די ליטוואקעס קומען קיין ווארשוי, לעבען זיי זעהר שלעכט, מאגער, פינסטער, און עסען עסען זיי, ברויט מיט א ציבעלע, צי מיט רעטעך, צי מיט א קנאבעל און פערטרינקען מיט קאלטען וואסער. עס האט גארנישט אויס-געמאכט, צי מען האט א סך פערדיענט, צי ווייניגער. פונ'ם ארימען ארט לעבען האט זיך דער ליטוואק נישט אבגעוועהנט, און אט דערפאר איז דער ליטוואק געקרוינט געווארען פון די פוילישע יודען מיט דעם נאמען ליטוואק-חזיר...

און דער נאמען איז איהם פערבליבען עד היום הזה, הגם די ליטוואקעס האבען שוין היינט אויך שכל גוט צו עסען און טרינקען,

און אין דעם ענין לוקסוס טהוען זיי נאך ווארשוי אות באות: האבען זעהר ליעב פוץ און טעאטער און טרענצלען געלד אויפ'ן ברייטען שטייגער.

מיט דעם פעטער'ס קינדער פלעג איך אריינקומען אין פערשיעדענע הייזער. דארט האט מען נאר געטהאן און גערעדט פון ליטוואק-חזיר, דערהויפט די פרויען. יעדע פרוי האט דערצעהלט אנ'אנדער מאוס'ע מעשה אויף די ליטוואקעס. מיט דעם איין טיטול אבער זענען נאך די ליטוואקעס נישט פארטיג געווען. זיי זענען נאך בעקרוינט געווארען מיט א שענערען טיטול—„ליטוואק צלם-קאפ". דער טיטול איז איהם געפאלען פאר זיין שטרעבען צו בילדונג. בעת די פוילישע יודען האבען געשלאפען און די גרעסטע ראליע האט ביי זיי געשפיעלט נאר דער רבי—זענען ביי די ליטוואקעס ארויסגעשפרונגען א סך משכילים מיט קלינגענדיגע באמבאסטישע נעמען, וואס האבען געוועקט די פערשלאפענע יודישע וועלט צו בילדונג.

אין ווארשוי איז אויך געווען א טייל יודען, וואס האבען זיך גענומען צו קולטור. אבער שוין דעמאלט האט אין זיי ארויסגעשפראצט דאס געלע-טויטע גרעזעל פון אסימילאציע און זיי זענען געווען אינגאנצען אבגעטיילט פון די ארטאדאקסען. זיי האבען געטראגען קורצע קליידער, די פרויען האבען נישט בעדעקט דעם קאפ מיט א פארוק, און גערעדט האבען זיי נאר פויליש, נישט קיין יודיש. די ארטאדאקסען האבען זיי א נאמען געגעבען דייטשען, א נאמען, וואס בעצייכענט זיי אײדעל פאר גוים... די ארטאדאקסען האבען שטרענג אבגעהיט אז זייערע קינדער זאלען נישט ריידען און זיך נישט בעגעגענען מיט די „דייטשישע" קינדער, אום די „דייטשען" זאלען נישט מאכען זייערע קינדער פאר גוים.

אבער די ליטוואקעס זענען אויסגעמישט. אויסערליך איז נישטא קיין שום אונטערשיד צווישען די ארטאדאקסען מיט די אינטעליגענטען. די לאנגע קאפאטע איז נישט געווען קיין שילד פאר'ן ארטאדאקס און דער פרומער יוד האט זיך געקענט געהן גאנץ אייראפעאיש געקליידט. די השכלה מיט'ן דת האבען זיך לפי ערך געבונדען. דער לאנג-געקליידעטער קען זיך זיין דער גרויסער אפיקורס און דער קורץ-געקליידעטער קען זיך זיין א גאנץ פרומער יוד.

עס פערשטעהט זיך, אז נאך דעם פוילישען אויפשטאנד זענען אנגעקומען א סך ליטוואקעס פון כל המינים און די פוילישע יודען האבען נישט געקענט אונטערשיידען צווישען די ליטוואקעס וואס ווער עס איז: צי א פרומער, צי א משכיל, צי גאר אנ׳אפיקורס. האבען זיי דעריבער שטארק מורא געהאט פאר די ליטוואקעס, אז זיי זאלען נישט קאליע מאכען די פוילישע יודען מיט זייער השכלה און אפיקורסות; דעמאלט איז ארויסגעשוואומען דער נאמען „ליטוואק צלם קאפ", אום מען זאל זיך מיט זיי ווייניג חבר׳ן.

בילדונג איז איינס. קורצע קליידער — צוויי. קורצע קליידער און בילדונג — איז גויש, איז צלם-קאפ. דאס איז דער מקור פונ׳ם צוויטען טיטול

איך האב שוין געזאגט, אז דעם פעטער׳ס זוהן איז מיט מיר אפטער געגאנגען אין גאס. און געהענדיג, פלעגט ער מיר שטענדיג קלאר מאכען אינ׳ע קאליגען ווארשויער לעבען און פלעגט מיר שטענדיג פערענטפערן מיינע פראווינציעלע קשיות, מיט וועלכע איך פלעג איהם פערוואַרפען.

איינמאל, געדענק איך, געהענדיג מיט איהם אויף די נאלעווקעס, האב איך בעגעגענט ישראל-חיים פרידבערג׳ס א זוהן, א בחור עפּיס יונגער פאר מיר. געוועזען איז ער אנגעטהאן דייטשמעריש. געוועהנליך האבען מיר זיך צוקושט און זיך פונאנדערגערעדט. ער האט מיר דערצעהלט, אז באלד נאכ׳ן אויפשטאנד איז זיין טאטע ארויס קיין ווארשא. זיי וואוינען איצט דא. דער יונגערמאן האט זיך דערפרעהט מיט מיר און געבעטען מיך געהן מיט איהם צו זיך אהיים. זיין פאמיליע איז געוועזען זעהר געטריי מיין פאמיליע.

דאס בעגעגעניש האט מיך אויך זעהר דערפרעהט, איך האב איהם צוגעזאגט צו קומען. אז מיר האבען געענדיגט אונזער איילינגען און פריידיגען שמועס, האב איך גענומען זוכען מיין קרוב. איך זוך און זוך — אבער ער איז נישטא. איך קוק אין אלע זייטען און געפין איהם נישט. פרעג איך פרידבערג׳ן:

— ווייסטו נישט, וואו דער יונגערמאן איז אהינגעקומען.

צולאכט ער זיך:

— ווייסטו דען נישט, אז ווי נאר ער האט דערזעהן, אז דו

קושט זיך מיט אַ„דײַטש", איז ער כּמעט אַנטלאָפֿן, וואו פֿעפֿער וואַקסט . . .

איך האָב עס בשום אופן נישט געקענט פֿערשטעהן. איך האָב מיר מיט פֿרידבערג'ן געשיידט און גענומען געהן אַהיים; ערשט דאָ איז צו מיר אונטערגעשפּרונגען מײַן קרוב און האָט מיר קאַטעגאָריש אָנגעזאָגט, אַז אויב איך וועל נאָכאַמאָל, געהענדיג מיט איהם אין גאַס, בעגעגענען אַ דײַטש און זיך אָבשטעלען ריידען מיט איהם, וועט ער, מײַן קרוב, מעהר מיט מיר נישט געהן; וואָרום עס איז אַ גרויסע חרפּה פֿאַר איהם צו שטעהן מיט אַ דײַטש, און אויב, זאָגט ער מיר, איך וויל אָננעהמען די מלמדות אין וואַרשוי, זאָל איך זעהן נישט צו בעגעגענען זיך מיט דײַטשען און נישט צו האָבען מיט זיי קיין מגע ומשא. אַז די בעלי־בתּים וועלען פֿון דעם געוואָהר ווערען, וועלען זיי כּמעט ביי מיר אָבנעהמען די קינדער. איך מעג מיר אפֿילו זײַן אַ גאון עולם.

דאָס האָט מיך מאָדנע אַראָבגעוואָרפֿען פֿון מוטה. מײַן גאַנץ שטרעבען איז, אַז איך זאָל זיך קענען געפֿינען צווישען משכּילים און זאָל עפּיס ערווערבען וויסענשאַפֿט, און דאָ דאַרף איך מיך גאָר אָבשיידען פֿון יענע מענשען, צווישען וועלכע איך וואָלט עס געקענט דערגרייכען. איך טאָר זיך נישט בעגעגענען מיט אַנ'אינטעליגענטען יודען.

אויף אַזאַ אופן איז דאָך מיר שוין גלייכער צו וואוינען אין דאָרף — כּאשר אבדתּי — אבדתּי, וואָס האָב איך צו טהאָן אין וואַרשוי? ווידער האָב איך אָנגעהויבען מיט ביטערניש צו קלערען, אַז איך דאַרף מיך נעהמען צו דאָרפֿישע געשעפֿטען, אַ קרעטשמע אָדער אַ פּאַכט, און אַ סוף זאָל דאָס ווערען. בעסער אין דאָרף אַ שטיקעל מענש, איידער אין וואַרשוי אַ גאָרנישט. אַלץ גלייכער ווי דאָ אין וואַרשוי צו זײַן אַ מלמד, אַ צבוע'ניק, פֿיהרען זיך פֿאַנאַטיש צווישען פֿאַנאַטישע, וואָס איך קען דאָס גאָר נישט — איך האָב דערפֿון גענוג געליטען פֿון טאַטען.

און עס האָט מיך אָנגעהויבען פּייניגען די חרטה. איך מאַטער זיך אַלץ און זוך אַ פּרנסה אין אַ גרויסער שטאָדט — צו וואָס דאַרף איך דאָס! פֿערפֿאַלען, אַ מענש קען מיט געוואַלד קיין זאַך נישט נעה-

מען, און ביי מיר איז פערבליבען, איך זאל פאהרען צוריק אהיים...

אויספיהרען עס די מינוט האב איך דאך נישט געקענט: פאר מיר איז שוין געווען צוגעגרייט א פארטיגע שטעל פון מלמדות. מען קען קיין חזיר נישט זיין, מיין פעטער האט געארבייט... מוז מען מאכען אנ׳אנהויב...

אזוי איז אוועק דער סוכות. צו פרידבערג׳ן, וועמען איך האב באמת ליעב געהאט, האב איך נישט געקענט געהן — עס האט נישט געפאסט... מיין מלמדות האט זיך שוין געשטיצט, גאט צו דאנקען, אויף זעקס גוטע יונגעלעך, וואס לערנען גמרא מיט תוספות, צו פופציג רובל א יונגעל. פאר א פראווינציעלען יונגענמאנטשיק ביי אמאליגע יאהרען איז דאס שוין געווען גאר נישקשה.

איך האב געדונגען א חדר אויף פראנציסקאנער גאס, און דינסטאג, באלד נאך סוכות, געזעצט זיך אויף דער מלמד׳ישער שטול. ניין א זייגער אין דער-פריה זענען געקומען די יונגלעך מיט די סאמעטענע היטעלעך, אין ווייסע זעקעלעך מיט לאנגע געדרעהטע פאה׳לעך און האבען זיך אויסגעזעצט ארום טיש. איך — אויבענאן, אויף א שטול. איך האב אויפגעעפענט די גמרא בבא מציעא און האב אנגעהויבען... נאר בזו הרגע האב איך מיך... פונאנדערגעוויינט. א ים מיט טרערען, מיט א פערחליפעניש — און איך האב געמוזט ארויסלויפען פון שטוב. איך האב מיך נישט געקענט אבהאלטען פון וויינען, און אז פעראינטערעסירטע פארביינעהער האבען געפרעגט, וואס וויין איך, האב איך קוים ארויסגערעדט:

— א קינד איז ביי מיר שטארק קראנק...

לסוף האב איך מיך פארט געשטארקט, אריין צוריק אין חדר און גענומען לערנען. געווען א פאר יונגלעך מיט זעהר שווערע קעפ און איך האב זיך בעדארפט גוט אבגעסען דאס הארץ, איידער איך האב זיי אריינגעשטאפט דעם עמוד גמרא אין קאפ אריין. ווי עס ווייזט אויס, האט מען מיך אבגענארט, מען האט מיר צופיעל פערלויבט די קינדערשע קעפלעך.

דאנערשטאג ביינאכט בין איך געגאנגען זיך עפים קויפען. דאס האט געדויערט א פאר שעה צייט. די יונגלעך האב איך געלאזען אין חדר און זיי געזאגט, אז אין א שעה ארום וועל איך קומען. און אז

איך בין באלד נישט געקומען, זענען די צולאָזענע יונגלעך אוועק אהיים און דערצעהלט די מאַמעס, אַז דער רבי איז אוועקגעגאַנגען באַלד אין דערפריה אין גאַס אריין „קויפען סחורה” און איז נאָך נישטאָ. אגב האָט מיך אין גאַס בעגעגענט אַ בעל-הבית'טע. דאָס איז ביי איהר מסתמא געווען דאָס גרעסטע פערברעכען: אין מיטען טאָג, אין דער צייט פון לערנען, איז שוין שנעל בעקאַנט געוואָרען ביים פעטער אין שטוב, אַז איך געה גאָר אַרום שפּאַצירען אין גאַס, איז מען דאָרט נשתּומם געוואָרען:

—ס'טייטש, אַ מלמד זאָל געהן איבער די גאַסען אין מיטען טאָג!...

דאָס איז געווען דער ערשטער שאָס אין מיין מלמדות.

אויפ'ן הארצען איז מיר געווען קאַלעמוטנע, וואָס צו אַנוועהרען האָב איך שוין סיי-ווי-סיי נישט געהאַט, בין איך אוועק צו פרידבערג'ן און האָב איהם דערצעהלט פון מיין מעמד באריכות א. אַז. וו.

—איצט בין איך, ברודערקע, אַ מלמד,—האָב איך מיך געקלאָגט—פיין אויסגעפיהרט.

פרידבערג האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט און דערנאָך אויפגעגעבען אַ גאַנצען פּלאַן. דהיינו, איך זאָל פאָהרען קיין מאַקאַראָווצי, גראָדנער אויעזד, דאָרטען וואוינט מיינער אַ קרוב, אַ רייכער בחור, וואָס איז אַ פערוואַלטער ביי אַ פריצ'טע אין די מאַיאָנטקעס. ער איז זעהר אַ גוטער מענש און אַ משכיל, און ביי איהם וועל איך מיך געוויס איינאָרדנען.

דאָס איז מיר זעהר געפעלען געוואָרען און איך האָב זיך באַלד אָבגעזאָגט פון מלמדות.

דער פעטער האָט אפילו געזאָגט, אַז דאָס איז אַ נאַרישקייט, וואָרום פיעל וואוילע יונגע-לייט וואַלגערן זיך אָב אין וואַרשוי יאָהרען-לאַנג, ביז זיי קריגען אַזאַ מלמדות.

—נשקשה, מלמדות איז אַ סחורה,—האָט ער מיט מיר איינגע'-טענה'ט,—געדענק, אַ שאַד צו לאָזען דאָס קנעלען.

אָבער מיין פאַנטאַזיע איז שוין געווען ווייט. און דעם פעטער'ס ווערטער זענען געווען אַרויסגעוואָרפען...

# פינפטעס קאפיטעל.

מיין פעטער חנא מטות. — נאר אנ'אנדער הויז. — רוהיגקייט. — סענדער ראזענבלום. — מען גיט מיר צו האפנונגען. — די פריצ'טע ליובאוויטשאווע. — ראזענבלום'ס ענערגיע. — זיין ליעבע צו דער פריצ'טע אדער פערקעהרט. — לייט לעבען דאס. — מען ארבייט. — איך בלייב אין מאקאראוויצי.

אין א שענעם צי א מאוס'ען פריהמארגען האב איך מיך אוועקגעלאזט אין גראדנער אויעזד, און אז איך בין געקומען קיין קריניק, איז מיר נישט געבליבען קיין איין גראשען אין קעשענע צו דערפאהרען קיין מאקאראוויצי, אכט וויארסט וועג. איך האב זיך ארומגעפרעגט אין קריניק אויף סענדער ראזענבליום פון מאקאראוויצי. האט מען מיר איבערגעגעבען נישט מעהר און נישט ווייניגער, אז די פריצ'טע האט זיך איינגעליעבט אין איהם. זי איז אפילו אנ'אלטע, אבער דערפאר האט זי איהם אוועקגעגעבען, אויסער ליעבע, א פערמעגען פון א הונדערט טויזענד רובל. ער, ווידער, האט מען דערצעהלט, איז א גרויסער אפיקורס, נאר זעהר א גוטער, אנ'ארענטליכער און א גרויסער בעל-צדקה.

דינג איך אַ פוהר קיין מאַקאַראָווצי, און צו בעצאָהלען דעם בעל-עגלה פאַר דער פוהר, האָב איך אין קריניק פערזעצט אַ מלבוש. אין מאַקאַראָווצי האָט מיך דער בעל-עגלה פערפיהרט צום פעטער חנא מטות, סענדער׳ס פאָטער, און מיין באָבע ביילע ראַשע׳ס אַ ברודער, וואָס האָט געוואוינט אין אַ בעזונדער הויז, נעבען הויף, מיט אַ טאָכטער אַ גרושה. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך בין ביילע-ראַשע׳ס אַנ׳איי-ניקעל און מען האָט מיך וואַרים אויפגענומען.

דער פעטער איז אַ יוד אַ למדן, אַ משכיל און זעהר אַ בעראַ-טער, אַ געלאַסענער, וואָס קען זאָגען אַ גוטען וויץ, אַז יענעם זאָל אַ שטאָך טהאָן אין דער זיבעטער ריפּ. שוין אַ פּאָר יאָהר, אַז ער איז בלינד. די פּאַרע פון דער קריניקער באָד האָט איהם איינמאָל פלוצ-לונג בלינד געמאַכט; ריידען איז אָבער מיט איהם זעהר אָנגענעהם געוועזן. די טאָכטער איז אפילו זעהר אַ העסליכע, נאָר אַ קלוגע און אַ פּראַקטישע.

אוים שטאָדט—ווידער פעלד און וואַלד און גוטע, אויפריכטיגע, פּשוט׳ע קליינשטעדטילדיגע יודען—און איך האָב פרייער אָבגעאָטעמט. איך האָב גאָר פערגעסען אָן מיינע צרות; דער פעטער, ווידער, האָט זיך בעזונדערס געפרעהט מיט מיר, וואָס ער וועט האָבען מיט וועמען צו פערברענגען די צייט. איך האָב איהם דערצעהלט וועגען וואָס איך בין געקומען.

דער פעטער האָט עס איבערגעגעבען דעם זוהן און האָט מיר געהייסען וואַרטען.

— עס וועט זיין גוט, — האָט ער מיר צוגעגעבען גרויסע האָפנונגען.

אין אָווענד זענען געקומען סענדער מיט דער פּריצ׳טע. איך האָב די אייגענע אויגען נישט געגלויבט. סענדער, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר אַכט-און-צוואַנציג, איז געוועזן ווירקליך שען, און די פּריצ׳טע, אַנ׳עלטע-רע פרוי, האָט געקוקט מיט יונגע לעבעדיגע אויגען און זיך געהאַלטען גאַנץ פּראָסט, הגם אויך חיטרע.

זיי האָבען גערעדט צו מיר פּויליש, וואָס איך האָב, ליידער, נישט פערשטאַנען. איך האָב מיר גוט צוגעקוקט צו זיי. פערבראַכט האָט מען ביי אַ שעה צייט. דער פעטער האָט זיי אַרויסבעגלייט פון

שטוב, און שטילערהייד אַ טאָפּ געטהאָן אין וואַגען וועגען מיר. דערויף האָט ער פון זיי אַרויסגעקריגען, אַז איך וועל זיי זיכער צונויץ קומען. זיי דאַרפען האָבען אַ יונגענמאַן. דער פעטער האָט מיר איבערגעגעבען די ווערטער. אין שטוב איז דאָ אַ סך מנוחה, אַ קלוגער און אַ געבילדעטער יוד, דערביי שטעהט מיר פאַר אַ גוט געשעפט — וואָס פעלט מיר נאָך?

אין די ווינטערדיגע לאַנגע אָוועגדען האָט מיר דער פעטער דערצעהלט וועגען זיין זוהן. זיין זוהן האָט געענדיגט אַ קליינע רעגירונגס-שוהל. ער איז געוועזען זעהר אַ פעהיגער בחור צו שפּראַכען און אַ פלייסיגער, האָט ער זיך אויסגעלערנט פאָלקאָם גוט די שפּראַכען: רוסיש, דייטש און פּויליש, וואָס אין בריסק איז זי געוועזען די הויפּטשפּראַך. אַז דער זוהן איז אַלט געוואָרען צוואַנציג יאָהר, האָט דער פעטער געגעבען אהרן-לייזער'ן, ער זאָל געבען דעם זוהן אַ שטעלע אין אַקציז, וואו ער האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס. דער זיידע אהרן-לייזער האָט איהם געקריגען אַ שטעלע פאַר אַנ'אויפזעהער אין אַ ברויז ביי אַ פּריץ אין אַ הויף. ער האָט דאָרט ביים פערוואַלטער נושא חן געווען. און ווען דער לעצטער איז אריבער אין גראָדנער אויעזד, האָט ער סענדער'ן גענומען מיט זיך און געגעבען אַ גרעסערע שטעלע. בעזונדערס האָט ער זיך אין קריניקער הויף, נעבען סאָמע שטאָדט, וואָס דער שליאַכטשיץ ליובאָוויטש האָט דאָס געהאַלטען אין אַרענדע. ליובאָוויטש איז געוועזען זעהר אַ רייכער מאַן, פון אַ צוויי מאָל הונדערט טויזענד רובל, נאָר זעהר אַ פּראָסטער. אַליין פלעגט ער געהן באַרוועס אין הויף, און די פּריצ'טע אויך דאָסזעלבע. פאַהרענדיג איבער די פעלדער, פלעגט ער האָבען פולע קעשענעס מיט געקאָכטען אַרבעס און עם עסען אויפ'ן וועג.

זי, די פּריצ'טע, איז געוועזען פון הויכען יחוס. איהר ערשטער מאַן איז געוועזען אָבער-רעווידאָר אין גראָדנער גובערניע. נאָר דער אָבער-רעווידאָר איז קראַנק געוואָרען אויף סוכאָטע און האָט פיער יאָהר געקרענקט. געשטאָרבען איז ער זעהר אָרים. זי האָט נישט געהאַט פון וואַנען צו לעבען. אַ פרוי איז זי אָבער זעהר אַ קלוגע, און אַז דער יוסטיץ-מיניסטער איז געוועזען אין גראָדנא, ווען דער מאַן איהרער האָט געלעבט, האָט ער ביי זיי פערבראַכט אַ פּאָר שעה צייט און האָט בע-

וואונדערט איהר שכל. ער האָט איהר צוגעזאָגט פאָרצושטעלען פאַר דער קיסרין.

זי האָט לאַנג געוואַרט אויף דעם מיניסטער׳ס צוזאָג, אָבער דער מיניסטער איז אין גיכען אַראָב אין דימיסיע. זי איז נאָכ׳ן מאַנ׳ס טויט זעהר פעראָרימט געוואָרען, און ביי איהר איז פערבליבען צו געהן ערגיץ אין אַ הויף פאַר אַנ׳עקאָנאָמקע; דערווייל האָט זיך איהר געמאַכט דער שדוך מיט דעם רייכען ליובאָוויטש׳ן, אַנ׳אַלטען מאַן, אָבער זי האָט איינגעווילינגט: פאָרט בעסער צו זיין אַ בעל-הבית׳טע פאַר זיך, איידער צו דיענען ביי אַ פרעמדען. אַ קלוגע און אַ געשיקטע פרוי, האָק זי זיך איינגעאָרדענט אַזוי, אַז דער מאַן איז איהר געווען געהאָרכזאַם, ווי אַ קליין קינד.

ער איז געווען קאַרג, האָט זי זיך עפּענטליך אויך געפיהרט אַזוי, אויסערליך געשטימט, אָבער פערבאָרגענערהייד געטהאָן, וואָס זי האָט געוואָלט. איבעריגענס, זי איז אויך געווען גענוג קאַרג.

סענדער איז אָנגעקומען צו איהר אין הויף אַלס אויפזעהער אין ברויז.

אין אַ צייט אַרום איז ליובאָוויטש געשטאָרבען און האָט איהר געלאָזען ירושה פיערציג טויזענד רובל. אַ דרייסיג טויזענד האָט זי געהאַט פון פריהער. ליובאָוויטש׳עס זוהן, אַ דאָקטאָר לויט פּראָפעסיע, האָט איבערגענומען דעם הויף און זי האָט געדונגען מאַקאַראָוועצי ביים פּריץ דאָבראָזשינסקי, וואָס איז געווען אַ גרויסער שאַרלאַטאַן און אַ לייכטזיניגער. ער האָט איהר פערדונגען דעם הויף אויף פיער-און-צוואַנציג יאָהר, און דערפאַר, וואָס זי האָט איהם אָבגעצאָהלט מזומן געלד, האָט ער עס איהר אָבגעגעבען זעהר ביליג מיט אַ הוב פון פופצעהן טויזענד רובל אויפ׳ן הויף נאָך די פיער-און-צוואַנציג יאָהר. איצט איז אַלץ איבערגעגעבען געוואָרען אין איהרע הענד. ראָזענבלום האָט זיך אָבגעזאָגט פון אַקציז און געוואָרען איהר עקאָנאָם. דאגה׳ן וועגען אקציז האָט ער נישט געהאַט וואָס, וואָרום סיי-ווי-סיי איז אין אַ קורצער צייט אַריבער דער אַקציז צו קאַזנאַ, און אַלע יודען כמעט זענען אָבגעזאָגט געוואָרען.

ראָזענבלום האָט זיך גענומען פעסט צו דער ווירטשאַפט. ער האָט אָנגעהויבען צו בעלי-בית׳עווען מיט אַלע כלים. זעהר אַ טיכטי-

גער און א פעהיגער מענש, האט ער געקענט ברײנגען א הויף אין ארדנונג. טאג און נאכט האט ער געארבײט. דער מענש האט נישט גערוהט קײן אײן מינוט, און כדי צוצוגעבען די ארבײטער מוטה און קוראזש, האט ער געטהאן ד א ס, װ א ס זײ האבען געטהאן: די פאראבקעס האבען געפיהרט מיסט, האט ער אויך געפיהרט מיסט; געפיהרט הײ — האט ער אויך געפיהרט; געלעגט, געלאדעװעט, געאקערט, געבראנעװעט, געזײהט, געשניטען, געדראשען, געשארט מיט דער הראבליע אין שײער — אלץ צוזאמען מיט די ארבײטער. װינטער פלעגט ער אויפװעקען מיט דער לאמטערנע אלע פאראבקעס, א זײגער פיער פארטאג, און געהן אין שײער ארבײטען. ער האט טאקי געצאהלט די פאראבקעס בעסערע פרײזען.

דערפאר איז בײ איהם אויפגעטהאן געװארען אין ד ר ײ ע ן װי בײ אנדערע, און בײנאכט, נאך דער ארבײט, האט ער געגעסען מיט דער פריצ׳טע אװענד-ברויט און געלעזען דײטשע עקאנאמיש-װירטשאפטליכע זשורנאלען.

פאר דעם פרוכט-גארטען האט ער אראבגעבראכט גוטע גערטנער און האט אויסגערײניגט די גארטען-װאסערן, װאס זענען פריהער גאר פערלאזען געװען. אין די פרישע װאסערן האט ער ארײנגעלאזט די בעסטע און די טײערסטע פישען און דערבײ אויסגעבויט א שען קינסטליך בריקעלע מיט בלומען ארום און ארום. עס זענען אויך צושטעלט געװארען בענק אויף צום זיצען און האט, קורץ, אלץ בענײט און פערפײנערט.

אין די שטאהלען פאר בהמות זענען די װענד אינװעניג געװען גראב בעלעגט מיט הײ, אז קײן שום װינדטעלע זאל נישט ארײנדרינגען, דארט איז געװען װארים װי אין א שטוב. ער האט אײנגעקויפט א סך קיה. אין א צײט פון דרײ יאהר האבען די פעלדער — אנשטאט פ י נ ף שאק קארן און װײץ פון א מארג — אנגעהויבען ארויסצוגעבען א כ ט שאק, און ס׳איז דערגאנגען אזוי װײט, אז ערטערװײז האט די ערד געגעבען ג א נ צ ע צ װ ע ל ף ש א ק. דאס אלץ איז געװארען אין דרײ יאהר צײט.

די פריצ׳טע האט גאר אנגעקװאלען פון זײן ארבײט, פון זײן פעהיגקײט און פלײס. לויט איהר מײנונג, האט ער געהאט אלע

מעלות: געשיִקט, וואויל, אַרבּייטספעהיג, דרייסט, מוטהיִג, שען, איִנטעליִגענט, קלוג; ער קען אַרבּייטען ווי אַ געבּוירענער פּויער און קען זיִך האַלטען ווי אַ געבּוירענער גראַף; רעדט פּוילישׁ ווי אַ געבּוירענער וואַרשויער פּאָליאַק און רוסישׁ ווי אַ „מאַסקוויטש“.

די פּריצ'טע האָט זיִך איִן איִהם פערליִעבּט „איִבּער די אויערן“, לויט שמר'ס אויסדרוק, און האָט איִהם אָבּגעשריִבּען איִהר גאַנץ פערמעגען... אַפּנים, אַ משוגעת אויף איִהר אָנגעפאַלען. נאָר צוריק־גערעדט, וואָס אַרט עס איִהר — איִהר „געליִעבּטער“ איִז אַ מענש, ניִשט קיין שליִמ'מזל, און דאָס געלד וועט ברענגען גענוג ריוח.

די פּריצ'טע האָט ליִעבּ געהאַט פערד. האָט מען געהאָדעוועט די בּעסטע פערד. פערד זענען געווען איִהר שוואַכקייט. פאַר איִהרס אַ פערד האָט מען אַמאָל געצאָהלט געוואַלטיִגע פּרייזען. די פערד, ריינע, זויבּערע, שלאַנקע, פלעגט זי גלעטען ווי קיִנדער.

קאַרעטען זענען בּיי איִהר געווען די פיינסטע. זאָל זי מיִר מוחל זיין, די קאַרעטען זענען געווען ניִשט איִהרע, נאָר דעם דאָבּראָזשיִנסקיִ'ס. זיין האָבּ און גוטס. איין שליִטען, געדענק איִך, איִז געווען אַ גרויסער, ווי אַ גאַנצע שטוב, געבּויט פון ברעטער, אויסערליִך בּעדעקט מיִט גוטען פיינעם לעדער, בּעפּוצט מיִט גאָלד און זיִלבּער און איִנוועניִג אויסגעלעגט מיִט טייערן סאַמעט און פערשיִעדענע בּעפּוצונגען. די דאָזיִגע קאַרעטע האָט געהאַט פיִער ווינקלען מיִט צוויי סאַמעטענע דיִוואַנעס צום זיִצען. צו דעם שליִטען האָט מען געמוזט שפּאַנען זעקס גוטע פערד: געוועהנליִכע פיִער פערד האָבּען קוים געקענט שלעפּען אַזאַ מין „אָקרענט“.

צו זיי פלעגען פערפאָהרען אַסך געסט, אַרומיִגע פּריצים פון קריִניִק, פון סאָקאָלקע און פון בּרעסטעוויץ. די דאָקטוירים מיִט די פּאָסרעדניִקעס און די מיִראָוואָיע ריִכטער און אַסעסאָרען א. אַז. וו. פון גראָדנא פלעגט דער איִספּראַווניִק מיִט בּעאַמטע קומען אָפטער צו גאַסט אַמאָל מיִט די ווייבּער, אַמאָל אַליין און אָבּזיִצען טעג און וואָכען.

די געסט האָט ניִשט שאָקיִרט ראָזענבּלום'ס אָבּשטאַמונג. אָדער מען האָט עס ניִשט געוואַגט אַרויסצעווייזען. פאַר די סאַמע יחוס'דיִגע געסט האָט זיִך ראָזענבּלום געטהאָן זיין אַרבּייט. איִבּעריִגענס, האָט זי

זיך אויך געטהאָן דאָס איהריגע, פריי לאַווירענדיג צווישען אַ סך רייכע געסט. געטרונקען האָט מען ביי זיי כמעט ווי ביי יודען: קליינע קעלישקעלעך, זיסע שנאַפסען...

איך האָב שוין געזאָגט, אַז איך בין געווען זעהר צופריעדען מיט מיין קומען קיין מאַקאַראָווצי. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט האָפנונג. איך וועל דאָ נעבען אַזאַ רייכען קרוב פאַר קיין פּרנסה געווים נישט דאַרפען דאגה'ן; נאָכמעהר: איך וועל נאָך עפּיס ערווערבען אויך אין דער צוקונפט. ווייטער האָב איך דערביי גראָדנאַ—אַ שטאָדט מיט השכלה, מיט ביכער און מיט ליכטיגע מענשען.

און איך בין פערבליבען אין מאַקאַראָווצי...

# זעקסטעס קאַפּיטעל.

ראָזענבלומ'ס נסיעות קיין גראָדנאָ.—די כלה.—אַ פלאָנטער.—דער פּריצ'טעס אינטריגעס.—דער שמיד.—די אינטריגעס שטייגען.—די כלה וויינט.—אַוועקגעפאָהרען אַהיים.—די פּריצ'טע האָט אויסגעפיהרט.

צו דער צייט איז ראָזענבלום געווען אָפט אין גראָדנא, פינף מייל ווייט פון מאַקאַראָווצי, און זיך דאָרטען בעקאַנט מיט'ן בעוואוסטען משכיל א. ג., וואָס האָט געהאַלטען אַ זעקס-קלאַסישע גימנאַזיע. ראָזענבלום האָט זיך פערליעבט אין א. ג.'ס אַ טאָכטער, אַ שענע פרייליין. איך ווייס נישט, צי די חיטרע ליובאָוויטשאָווע האָט גערעכענט דערפיהרען איהר ליעבע צו אַ תכלית: חתונה האָבען מיט ראָזענבלומ'ן. אזאַ, ווי זי, האָט געוויס פערשטאַנען, אַז דאָס איז בלויז אַ שפּיעל אויף עטליכע יאָהר און דערנאָך, אַז זי וועט ווערען עלטער אָדער שוואַכער, וועט ראָזענבלום חתונה האָבען מיט וועמען זיין הארץ וועט גלוסטען. זי האָט אָבער קיינמאָל אויסערליך נישט ארויסבעוויזען דאָס, וואָס קומט אין איהר פאָר אינערליך.

זיינע געפיהלען צו דעם גראָדנעם מיידעל זענען איהר געווען בעקאַנט, און מיט דער הסכמה, וואָס זי האָט איהם גנבי'ש געגעבען, האָט ער צוגעזאָגט א. ג.'ס טאָכטער, אז ער וועט מיט איהר חתונה האָבען.

דאָך איז עס אָבער נישט געווען נאָרמאַל, וואָרום ווי קען ער חתונה האָבען און בלייבען מיט אַ יונג שען מיידעל ביי דער פריצ'טע אין הויז, בעת די פריצ'טע האָט דאָך איהרע ליעבע־פרעטענזיעס... און געבענדיג איהם איהר הסכמה, האָט זי שוין אין דערזעלבער צייט, וואָר־שיינליך, געטראַכט וועגען אַזוינע פלענער, וואָס זאָלען צושטערען זיין עכטע ליעבע צום מיידעל.

ראָזענבלום, וואָס איז געווען שטאַרק צוהיצט, האָט געהייסען שפּאַנען די קאַרעטע און געזאָגט דער פריצ'טע, אַז ער פאָהרט קיין גראָדנא שרייבען תנאים. נישט לאַנג טראַכטענדיג, האָט זי אַרויסגענו־מען איהר בריליאַנטענעם בראַסליעט און שפּילקעס פאַר דריי טויזענד רובל און דאָס איהם דערלאַנגט פאַר דער כלה אַ מתנה... און ער איז צופריעדען אַוועקגעפאָהרען. נאָך די תנאים איז ער באַלד געקומען מיט אַ מזל־טוב צו דער פריצ'טע און... זי האָט איהם צוגעוואונשען גליק.

אין מאַי, ווען דער עולם צופאָהרט אויף דאַטשעס, האָט ליובאָ־וויטשאָווע נישט געוואַרט ביז ער וועט זי פרעגען, צי מעג מען פער־בעטען די כלה אויף זומער און האָט איהם בעצייטענס אָנגעזאָגט, אז ער זאָל שיקען אַ קאַרעטע נאָך דער כלה.

— איך וועל זיך שוין סטאַרען, — האָט זי איהם אָנגעוואונקען — אז די כלה זאָל דאָ האָבען אַלע פערגניגענס.

און האָט איהם געהייסען איינאָרדנען אַזוינע זאַכען, וואָס זאָלען טויגען פאַר אַ יונג פּאָר צום פערברענגען, ווי אַ שענע הוידאַווקע, אַ שען עקיפּאַזשעל א. ד. ג.

דעם פופצעהנטען מאַי איז ער געפאָהרען קיין גראָדנאָ מיט צוויי לאָקייען און געבראַכט די כלה צו זיך אין הויף. די פריצ'טע האָט זיך וואַרים און ליעבליך צוקושט מיט דער כלה. מען האָט איהר אָבגעגעבען אַ בעזונדער צימער מיט דיענסטען, און חתן־כלה האָבען געלעבט אַ גוטען טאָג. צוליעב דער כלה האָט ער שוין וועניגער גע־

אַרבּײַט, חאָטש עס איז געווען זומער און די אַרבּײַט בּרענט—פּאַרט די קראַפט פון אַ מײדעל!

די פּריצ׳טע האָט אפילו „האַרציג" געשמײכעלט, אויף זײ קוקענ־דיג, אָבּער אין איהר שמײכעל איז געלעגען פערבּאָרגען נישט ווײניג גאַל און פערדרוס. פריהער פלעגט ער פערבּרענגען מיט איהר, אָבּער איצט איז אַ כּלה דאָ, און אַ יונגע, און ווער ווײס—וואָס וועט עס זײן, אַז אָט די כּלה וועט אַ פרוי ווערען און וועט זי גאָר אַרויס־טרײבּען פון הויף? איהר פערמעגען איז דאָך אינגאַנצען אָבּגעשריבּען פאַר איהם!.. ווי האָט זי דאָס געטהאָן אַזאַ נאַרישקײט? אָט די צײט איז, וואַרשײנליך, געווען די ערגסטע אין איהר לעבּען.

אין הויף בּײ דער פּריצ׳טע איז געווען אַ שמיד, ווי אין אַלע גרויסע הויפען; געהײסען האָט ער דוד. ווי דער שטײגער איז געווען בּײ אַלע פּריצים, וואָס האָבּען זיך געהאַט זײער יודעל בּײ זיך און איהם אַלץ פערטרויט און געפרעגט עצות, האָט אויך ליובּאָוויטשאָווע געהאַט דעם שמיד ספּעציעל צו איהרע פערבּאָרגענע ענינים און געשעפטען.

נאָר בּעת ראָזענבּלום איז אַ חתן געוואָרען, האָט זי געהאַלטען דעם שמיד פאַר איהר אײנציגען בּעל־יועץ; פאַר איהם האָט זי אויסגערערט איהר גאַנץ האַרץ.

אַ מאָדנע שוואַכקײט האָט זי געהאַט צו יודען. זי האָט ליעבּ געהאַט פונאַנדערצופרעגען פּשוט׳ע יודען וועגען אַלע יודישע פּיהרונ־גען און מנהגים, וועגען זײער אַרט לעבּען, סאַמע אינטימע זאַכען און האָט דאָס אַלץ געוואָלט וויסען און קענען. און ווירקליך, קענענ־דיג יודען פלעגט זי אַם־מײנסטען קריטיקירען די יודישע ווײבּער, וואָס זײ זענען גרויסע שלימ׳מזל׳ניצעס, נישט קײן בּעל־בּית׳טעס, אָבּגעלאָ־זענע א. אַז. וו. איבּערהויפּט זענען זײ פויל. זי האָט געהאַט אַ גוטען מענה־לשון, אַ געשליפען צינגעל און האָט אַזוי געמאַכט, אַז אַלע איה־רע נאָהנטע יודישע שכנים האָבּען געהאָרעוועט טאָג און נאַכט.

די פּריצ׳טע האָט אַלץ געטראַכט וועגען דעם יונג פּאָר׳ל, וואָס האָט איהר גערויבּט די רוה, און אײנמאָל אין אַ פריהמאָרגען בּײם פרישטיק, ווען די כּלה איז נאָך געווען אין שלאָף־צימער, האָט זי זיך פּלוצלונג געווענדט צו ראָזענבּלומ׳ן:

— דו ווייסט, וואס מיר איז איינגעפאלען? אזוי ווי דו האלסט אין באנק צוואנציג טויזענד רובל אויף קליינע ציגזען, קענסטו איצט דאס געלד אבגעבען דעם מחותן א. ג. זאל ער דאס איבערגעבען אין זיבערע הענד אויף גרעסערע ציגזען. ער קען נעהמען זיעבען, אכט פראצענט. קענסטו זיך לייכט איינברענגען טויזענד רובל א יאהר, ס'איז דאך א שאר.

געהאט האט זי דא א פשוט'ע כונה: דער שדוך וועט דאך צושלאגען ווערען. זי וועט נישט דערלאזען. וועלען די צוואנציג טויזענד רובל מסתמא געהן פערלארען. דאס וועט ווירקען שטארק אויף ראזענבלום'ן און ער וועט שוין זיכער ווייטער נישט קריכען אין שדוכים... צוואנציג טויזענד רובל איז א סומע און ראזענבלום וועט שוין פערזאגען א צעהנטען צו זעהן א כלה. זשאלעווען דאס געלד האט די פריצ'טע נישט געהאט וואס, ווארום סיי-ווי-סיי איז עס שוין איצט נישט איהר געלד געווען. צוליעב איהר נוצען מעג ראזענבלום האבען היזק.

דעם פערליעבטען און צוטומעלטען ראזענבלום'ן איז די זאך געפעלען געווארען און ער האט עס באלד געטהאן.

איצט האט זיך ליובאוויטשאווע אנגעהויבען פעסט קלעפען צו דער כלה, האט איהר ארויסגעוויזען גרויסע ליעבע און צערטליכקייט, ווי „א טרייע מוטער” צו א בת-יחידה, האט זי אומישנע פערפיעשטשעט, געזאגט איהר, זי זאל שלאפען חאטש פופצעהן שעה אין מעת-לעת, בעת ראזענבלום שלאפט נישט מעהר ווי פיער, פינף שעה א. אז. וו.

זי האט איהר געגעבען צו פערשטעהן, אז פאר א יונגען מענשען איז זעהר געזונד פיעל צו שלאפען... די כלה, וואס האט איצט גארנישט געהאט וואס צו טהאן, איז טאקי געווען זעהר פויל, אגב האט זי אין דערהיים אויך געשלאפען א גוטע צעהן שעה, האט זי זיך גארנישט געלאזט בעטען און — געשלאפען...

די פריצ'טע האט איהר געגעבען דריי דיענסטען און האט זיי געהייסען, זיי זאלען אלע ארום איהר ארומטאנצען. איינע זאל איהר צוזעהן דאס עסען און טרינקען, איינע זאל זיין נעבען איהר גארדעראב, אויסטהאן זי און אנטהאן זי, אזוי, אז די יונגע פאניע זאל

נישט דאַרפֿען טהאָן אַ ריהר מיט קיין פינגער, און די דריטע, ווידער, זאָל זיין צו די איבעריגע זאַכען, וואָס זי דאַרף. אַלע דריי איז שטרענג אָנגעזאָגט געוואָרען, אַז מען זאָל דער יונגער פאניע נישט לאָזען, חלילה, קיין שטרוי אויפהויבען פון דער ערד.

מען האָט איהר צוגעטראָגען צום בעט אין דערפריה טיי מיט צובייסונג, און אַ זייגער צעהן פלעגט אַריינקומען צו איהר אין שלאָף-צימער די פריצ'טע, זי פלעגט זיך זעצען נעבען איהר בעט און גלעטען זי, און גלעטען, און ריידען און ציהען די ווערטער, און פערבּרענגען מיט איהר אַזוי אין שמועסען, לאַנגע, זיסע, און פאַלשע, אָבּהאַלטענדיג זי אין בעט, בּיז צוועלף אַ זייגער.

ראָזענבּלום פלעגט פון ניין בּיז צעהן אַ זייגער פריהשטיגען, און דערבּיי פלעגט איהם די פריצ'טע פאַרבּייגעהענדיג, פון דער זייט, אָבּגעבּען אַ גרוס פון דער כלה, אַז זי ליעגט נאָך אין בעט. עס מאַכט נישט אויס אפילו, וואָס האָט זי זיך צו איילען... נאָר זי ליעגט נאָך אין בעט... אַ זייגער צוועלף פלעגט ער דאָס רוב געהן צו דער כלה; יענע פלעגט, ווירקליך, ליעגען אין בעט.

און אַז ער פלעגט אַמאָל אַ זאָג טהאָן דער פריצ'טע:

—ווי קען דאָס אַ מענש ליעגען אַ האַלבּען טאָג אין בעט?

פלעגט זי דערויף זיס ענטפערן:

—אַ יונג קינד... ניש'קשה...

דריי אַ זייגער פלעגט שטענדיג קומען ראָזענבּלום אויף מיטאָג, און דעמאָלט פלעגט ער אויך נישט האָבען נעבען זיך די כלה, מען זאָל קענען עסען צוזאַמען. וואָרום די כלה האָט זיך ערשט אָנגעטהאָן און אַרומגעוואַשען זיך אַרום צוויי דעם זייגער. בּאַלד נאָכדעם האָט איהר ליובאָוויטשאָווע ווייטער געגעבּען עפּיס גוטע, זיסע זאַכען, זי זאָל קיין אַפּעטיט נישט האָבּען צו עסען מיטאָג און דערבּיי מיעד אַרויס-געזאָגט:

—איך וועל זיך אַ בּיסעל צושפּאַרען בּיי דיר אין שלאָפצימער. לעג זיך אויך נעבּען מיר, וועלען מיר זיך ריידען אַ בּיסעל. ריידען איז אַזוי זיס...

און אַז עס איז געוואָרען פאַר דריי דעם זייגער, פלעגט די פריצ'טע געהן זעהן צי ראָזענבּלום איז שוין געקומען צום מיטאָג,

איבערלאָזענדיג דאָס שוואַכע נאַאיִווע מיידעל אין שלאָפציִמער, און אַז ער פלעגט פרעגען:

—וואו איז די כלה?

פלעגט ער קריגען אַ שטילען געלאַסענעם ענטפער:

—זי ליעגט נאָך אויף דער סאָפע...

ראָזענבלום׳ן פלעגט אָננעהמען אַ האַס צו דעם מיידעל, וואָס האָט אַזוי ליעב פוילקייט. זיינע באַקען פלעגען זיך רויטלען פון האַס.

—נו, וואָס איז?..—פלעגט די פריצ׳טע וויין און זיך פערגלעטען—אַ יונג קינד... ס׳מאַכט נישט אויס.

ראָזענבלום, וואָס האָט אַזוי ליעב געהאַט אַרבייט און אויפטהועכטסען, האָט בשום אופן נישט געקענט מושוה ווערען דערמיט און ביסלעכווייז האָט זיך זיין געפיהל צו דער כלה געענדערט. ער האָט זיך אָנגעהויבען דערווייטערן פון איהר, נאָך פעסטער איבערגעגעבען זיך צו דער אַרבייט.

די נאַאיִווע און ליעבע כלה האָט בעמערקט די פערענדערונג און זיך געקלאָגט וועגען דעם דער פריצ׳טע. די פריצ׳טע, ווידער, האָט איהר געזאָגט, אַז ראָזענבלום איז אַ מענש פון פראַצע און איז בכלל ווייט פון ליעבע און פאַמיליען-גליק.

—ביי איהם,—האָט די פריצ׳טע געמאַכט אַ פול מויל מיט אָנגעבלאָזענע באַקען,—איז נאָר אַרבייט, און אַרבייט, און אַרבייט... אַליין פיהרט ער מיסט פון שטאַהל, ער איז אויך שרעקליך קאַרג; אויב דו זעהסט עפּיס מילדקייט אין איהם, איז דאָס אַלץ מיין קאָפּ; איך דערלאָז איהם נישט צו קאַרגקייט, וואָס איז איהם ליעבער פון אַלץ אין דער וועלט.

די כלה, וואָס האָט דאָ, נעבעך, גאָרנישט פערשטאַנען, האָט דערויף געענטפערט:

—נישקשה, נאָך דער חתונה וועט ער זיך אָנהויבען אַנדערש פיהרען. איך וועל איהם נישט לאָזען אַזוי אַרבייטען. איך וועל נאָך אפשר פאַר דער חתונה מיט איהם ריידען וועגען דעם.

די פריצ׳טע האָט זי נאָכמעהר אונטערגעוואַרימט און דערביי מיט אַמאָל אומישנע קאַלט געמאַכט דאָס האַרץ:

—וועט דען עפּיס העלפען?... פערפאַלען...

און אויף אַזאַ אופן האָט זיך די פּריצ'טע געאַרבּייט אַרום איהר פּלאַן, וואָס דערמאָהנט אָן די אינטריגעס פון אַ מעלאָדראַמע.

און ראָזענבּלום האָט איצט מיט איהר גערעדט און געפרעגט אַנ'עצה, צי זאָל ער אָבּלאָזען דעם שדוך, צי נישט? דאָס געפיהל צו דעם מיידעל איז איהם קאַליע געוואָרען. ער האָט זיך אַליין קיין עצה נישט געקענט געבּען; נאָר זי, די קלוגע פרוי, האָט איהם אָבגערעדט פון דעם, און כּלומר'שט געהאַלטען דער כּלה'ס צד.

—די כּלה וועט נאָך ווערען בּיי אונז אַ מענש—האָט זי איהם פּאַלש און חיטרע געטרייסט—זי איז טאַקי אַ שלים'מזל'ניצע, אַ פּוי-לערקע, אַ פּעפּערין, די בּעט איז בּיי איהר טייערער פון אַלץ, אָבער דאָס איז נאָר בּיז דער חתונה. נאָר צוריקגערעדט, צו וואָס דאַרפסטו האָבּען די בּריה? וועסט האַלטען דינסטען און דינער, וועלען זיי שוין אַלץ בּרענגען אין אָרדנונג.

—ניין, צו דינסטען דאַרף מען אויך זיין אַ בּעל-הבּית'טע.

עס פערשטעהט זיך, אַז פון דער פּריצ'טעס רייד האָט ער דייטליך פערשטאַנען, אַז דאָס איז פאַר איהם קיין כּלה נישט, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די פּריצ'טע רעדט איהם צו. איהר צורייד ען איז ערגער איידער אַנ'אַנדערענס אָבּריידען.

און דאָס ערשטע מאָל איז ער איצט אַוועק צום פאָטער, מיט איהם זיך שואל-עצה זיין, חאָטש ער פלעגט קיינמאָל בּיים פאָטער קיין עצה נישט פרעגען.

דער פאָטער האָט איהם גאַנץ דייטליך בּעוויזען, אַז די פּריצ'טע וועט דאָס נישט קענען איבּערטראָגען, איבּערלעבּען, ווען ער וועט חתונה האָבּען, און זי דאַרף עס נישט קענען איבּערטראָגען.

—אַ פּשוט'ע זאַך, מיין זוהן, בּיי דיר איז דער פּריצ'טעס פער-מעגען. אַליין איז זי נאָך נישט זעהר אַלט, אין שטוב—אין איהר שטוּב וועסטו אַריינפיהרען אַ יונגע פרוי, אַ שענהייט—זי וועט דאָך פּלאַצען! זי מוז דאָך פּלאַצען! רעדט זי דיר איין חתונה צו האָבּען—מיינט זי דאָס נישט מיט אַנ'אמת'ן. דאָס איז נאָר אַזאַ מין מאַנעוור, מיין זוהן. איך ווייס נישט, צי דו קענסט גאָר חתונה האָבּען, כּל-זמן דו בּיזט בּיי ליובּאָוויטשאָווע'ן אין הויז.

אין מיטען זומער, ווען עס זענען שוין פאַרטיג געוואָרען אַלע

גריִנסען איִן דיִ גערטנער און דיִ פרוכטען איִן דיִ סעדער, האָט די פריצ׳טע געזאָגט, אַז מען דאַרף אַוועקשיִקען דעם מחותן קיין גראָדנא אַ פורגאָן מיִט גריִנסען און פרוכטען.

—אַ מחותן... עס פאַסט ניִשט,—האָט זיִ געַ׳עצה׳ט.

האָט מען געשפּאַנט אַ גרויסען פורגאָן מיִט דריַי פערד און מען האָט אָנגעלעגט אַ וואָגען מיִט פרוכטען, מיִט פוטער און גוטען טרוקענעם קעז, און דוד דער שמיִד איִז מיִטגעפאָהרען, דאָס אַריַינברענגען צום מחותן איִן שטוב אַריַין.

שטיִלערהייד האָט דיִ פריצ׳טע אָנגעזאָגט דורכ׳ן שמיִד, אַז ווען מען וועט בייַ איִהם פרעגען, וואָס מאַכט דיִ טאָכטער, וויִ פערברענגט זיִ דאָרט איִן מאַקאַראָוויצי דיִ צייַט און וויִ זעהט זיִ אויס, זאָל ער מאַכען אַ קרומע מיִנע, אַז עס איִז איִהר, דער טאָכטער, ניִשט אַזוי גוט. וועט מען דאָך געוויִס איִהם מאַטערען און וועלען אויספרעגען אַקוראַט, וואָס איִז מיִט דער טאָכטער, זאָל ער אַזוי וויִ מיִט גוואַלד אויסזאָגען, אַז עס איִז איִהר דאָרט זעהר אומעטיִג. ער, ראָזענבלום, גיִט זיִך מיִט איִהר ניִשט אָב, וויִ מיִט אַ כלה, בייַ איִהם איִז נאָר זיִ, ליובאָוויִטשאָווע, און דיִ כלה שפּיִעלט איִן הויף עפּיִס גאָר אַ קנאַפּע ראָליע. קיינער האָט פאַר איִהר קיין דרך-ארץ ניִשט, נאָר איין ליובאָוויִטשאָווע וויַיזט זיִך אַרוים צו איִהר פריַינדליִך. אָבער די כלה איִז זעהר איִן איִהר גענאַרט, זיִ וויַיס ניִשט, אַז די ליִעבשאַפט מיִט דער פריַינדשאַפט איִז נאָר לפנים, וואָרום איִן האַרצען איִז זיִ איִהר אַ דם שונא און סטאַרעט זיִך אויף איִהר צו מאַכען כל הבלבולים. ווער וויַים איִן וואָס פאַר אַנ׳אומגליִק די פריצ׳טע קען זיִ אַריַינפיִהרען. האָלט האָט ער דאָך דיִ פריצ׳טע און ניִשט דיִ כלה... קלוג איִז דיִ פריצ׳טע איִבער געַנוג און חיִטרע—נאָכמעהר. ווער וויַים וואָס פאַר אַ שפּיִצעל דיִ פריצ׳טע קען איִהר אָבטהאָן.

—מיִר רייַסט דאָס האַרץ, אַז איך טהו אַ קוק אויף אייַער טאָכטער—דאַרף ער צו זיִי טענה׳ן—ניִשטאָ קיינער, ווער עס זאָל איִהר געבען צו פערשטעהן איִהר לאַגע. אַ גליִק, וואָס מיִר האָט זיִך געמאַכט אָבצופיִהרען אייַך דיִ מתנה און איִבערגעבען אייַך פאַר איינוועגס איִהר צער...

בייַם מחותן איִן שטוב איִז געוואָרען אַ יללה: אַנ׳אייַנציִגע טאָכ־

טער, אַ גערֹאָטענע. עס האָבען זיך איהר געמאַלט וואוילע שדוכים מיט דאָקטוירים, יוריסטען און אַזוי גרויסע פערדינערס. האָט מען דערויף נישט געקוקט. ווארום מען האָט געמיינט, אַז די טאָכטער וועט זיין גליקליך ביי אַזאַ גביר.

אָבער דאָס האָבען זיי פערזעהן, אַז ראָזענבלום האָט עפּיס עסקים מיט אַ קריסטין, וואָס האָט איהם דאָס גאַנצע פערמעגען אַוועקגענעבען. זיין צוזאַמען מיט אָט דער קריסטין, איז דאָס אַקוראַט ווי צוויי קעץ אין איין זאַק, און ווער ווייס—אפשר איז שוין די טאָכטער אַזוי איינ־געלֶיעבט אין איהם, אַז מען וועט זי גאָר נישט קענען אָבשיידען פון איהם? אין שטוב איז געוואָרען אַ חורבן.

מען האָט זיך אָנגעהויבען ישוב'ן, וואָס מען זאָל ערשט טהאָן. עס איז געבליבען, אַז מען זאָל איהר שרייבען אַ בריעף, און אָבשיקען דעם בריעף מיט'ן שמיד, ער זאָל איבערגעבען דער טאָכטער אין האַנד אַריין. אין בריעף זאָל מען שרייבען, אַז זיי, די עלטערן, בענקען זעהר נאָך איהר און בעטען זי, אַז זי זאָל קומען אַביסעל קיין גראָדנאָ. זיי קענען צו איהר נישט קומען צוליעב דער פריצ'טע. שוין אַ פּאָר חדשים, ווי זי האָט פערבראַכט אין הויף, באַלד איז סוף זומער, מעג זי קומען אַהיים.

און דערביי איז אָנגעזאָגט געוואָרען דעם שמיד, אַז ער זאָל זאָ־גען דער טאָכטער, אַז פאָטער און מוטער זענען עפּיס אונרוהיג וועגען איהר, און די מוטער וויינט. שונאים ריידען עפּיס שלעכטע זאַכען וועגען איהר שדוך.

דוד דער שמיד האָט גוט אַרומגעאַרבייט די זאַך פון אַלע זיי־טען, ער האָט נאָכמעהר אָנגערעדט ווי מען דאַרף. געקומען אַהיים, האָט ער איבערגענעבען דער כלה דעם בריעף און אויך איבערגעגע־בען, וואָס מען דאַרף און נאָך מעהר צוגעגעבען איינענע. דערנאָך האָט ער דערצעהלט ליובאָוויטשאָווע'ן, וואָס ער האָט אויפגעטהאָן און האָט איהר איבערגעגעבען די בשורה, אַז פון זייער זייט וואָלטען זיי זיך אויסגעטהאָן ביז דער לעצטער העמד, אַבי עס זאָל זיין אויס שידוך.

און ראָזענבלומ'ן האָט אויך דער שמיד, לויט דער פריצ'טעס עצה, איבערגעגעבען אַ סוד, אַז דער מוחתן מיט דער מחותנת'טע וויי־

נען און קלאָגען, וואָס זי איז צו איהם אריינגעפאַלען. אפנים, אַז די כלה האָט געמוזט שרייבען די עלטערן זעהר אונרוהיגע בריעף, און זיי האָבען איהם געבעטען איבערגעבען דער טאָכטער, אַז פאָטער-מוטער וויינען, זענען שרעקליך אונרוהיג און ווילען, אַז זי זאָל באַלד קומען אַהיים.

ראָזענבלומ'ן האָט דאָס שטאַרק פערדראָסען, הגם אין האַרצען איז ער געווען זעהר צופריעדען, וואָס עס האַלט ביי אוים שדוך.

דוד דער שמיד האָט אָבגעאַרבייט זיין אַרבייט גלאַט און געפילט, און אַז די פריצ'טע וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט זי איהם פשוט צוקושט די גלידער. אַהונדערטער האָט זי איהם געגעבען. זי איז איצט זעהר און זעהר גליקליך געווען.

נאָך דעם שמיד'ס צוריקקומען איז געוואָרען אַגאַנצע בהלה אין הויף. ביי יעדען בעזונדער האָט געקאָכט אין האַרצען, נאָר ביי ליובאָוויטשאָוויץ'ן האָט נעקאָכט אין האַרצען פון שמחה, וואָס זי האָט אַזוי גלענצענד אויסגעפיהרט איהר פּלאַן. די כלה וועט איצט פאָהרען אַהיים און וועט שוין צוריק נישט קומען. גאָט צו דאַנקען, געענדיגט. יאָ, צוואַנציג-טויזענד רובל האָט געליהען דער מחותן... זאָל ער דאָס אַראָבשלינגען—אַבי זיין טאָכטער זאָל מען מעהר אין די אויגען נישט זעהן.

ראָזענבלום האָט טאַקי געזשאַלעוועט דאָס געלד און האָט שוין אָנגעהויבען צו קלערען, ווי ראַטעוועט מען אַרוים די צוואַנציג-טויזענד רובל. אַהעלפט פון דער סומע וואָלט טאַקי געווען אַיושר צו געבען דער כלה. אייגענטליך האָט ער איהר דאָך פערשאַפט יסורים. ער איז דאָך איהר חתן געווען. איצט טהוט ער אָב דעם שדוך. פאַר אַזאַ זאַך גיט מען אַכלה געלד. אָבער ווי קריגט מען אַרוים די איבעריגע?

ווי די מאָדע איז, איז ער געלאָפען צו דער פריצ'טע נאָך אַנ'עצה. אין אָוועגד, ביים טיי טרינקען, האָט ער איהר, ווי אַמענשען וואָס וויים פון קיין פותר חלום נישט, דערצעהלט, אַז ער וויל זיך שיידען מיט זיין כלה, אַז דאָס איז ביי איהם אַבעשלאָסענע זאַך.

—גוט וואָס מיר האָבען זיך בעצייטענס אומגעקוקט, און איך קען נאָך פערריכטען, וואָס איך האָב קאַליע געמאַכט. איך וועל דעם שדוך אָבלאָזען. ווי ס'ווייזט אוים, ווי דוד דערצעהלט, וועט דאָס נישט אָנ-

קומען מיר שווער; נאָר וואָס טהוט מען מיט אַזאַ גרויסער סומע געלד? פּשוט אַרײַנגעפאַלען. אוועקגעליהען אַזוי פיעל געלד אָהן אַ בּעוואָרע־ניש... אַ גרויסער פערדרוס... ווי קריגט מען אַרויס חאָטש אַ העלפט. אַ העלפט זאָל געהן פערלאָרען. מילא. אָבער דאָס איבּריגע?

ליובּאָוויטשאָויע האָט דערזעהן, אַז מען קען איצט ריידען, האָט זי געשאָטען און געשאָטען...

בּיי איהר האָבען געבּרענט די אויגען.

—דו ווייסט,—האָט זי נישט געקענט פערבּאָרגען איהר שמחה—אַז דו דאַרפסט זיך שעצען גליקליך, וואָס דו בּיזט נישט אַרײַנגעפאַלען מיט אַזאַ ווייבּ. דו וואָלסט שוין לאַנג נישט לעבּען, אַזאַ צוקראָכענער שלימ׳מזל, וואָס ליענט גאַנצע טעג און נעכט אין בּעט און דערצו אַזאַ שאַרלאַטאַנקע, וואָס געלד איז בּיי איהר בּלאָטע און נאָך אַ שלעכטס, אַ גרויסע עגאָאיסטין, וואָס ווייס מעהר נישט, נאָר זיך און זיך. קיינער האָט בּיי איהר קיין ווערדע נישט, נישט טאַטע, נישט מאַמע, נישט חתן און נישט מאַן. דו וואָלסט געווייס פון איהר אַפּאָפּלעקסיע בּעקומען. אַ גליקליכער בּיזטו, וואָס דו בּיזט ניצול געוואָרען פון אַזאַ פּליאַגע.

און וועגען דעם געלד, האָט זי איהם געזאָגט, דאַרף ער זיך נישט אָבּעסען דאָס האַרץ, ניש׳קשה, גאָט וועט צושיקען אַנדערע.

—בּיזט דאָך אָבער אַ שוואַכער—איז זי פאָרזיכטיג פערלאָפען דעם וועג—און וועסט אודאי נישט קענען זיך בּעפרייען פון איהר. מען דאַרף קריגען עפּיס אַזאַ קלוגען מענשען, אַ גוטען פריינד, וואָס זאָל וועגען דעם פערהאַנדלען מיט א. ג. אָדער אַ בּריעף שרייבּען...

ווי אַנ׳אָנגעשטעלטער אויטאָמאַט, האָט דער שמיד ווידער גע־שמועסט מיט דער כּלה. ער האָט איהר קודם־כּל געגעבּען צו פער־שטעהן, אַז ער איז איהר אַ גוטער פריינד, אַז ער וויל זי ראַטעווען און אַז זי, אַ יודישע טאָכטער, דאַרף זיך דאָ נישט געפינען. גוים, גוים און גוים... ראָזענבּלום איז מיט דער פריצ׳טע אַ פּאָר און נישט מיט איהר. בּיי ראָזענבּלום׳ן איז ליובּאָוויטשאָווע׳ס נאָגעל טייערער ווי זי—די כּלה, אינגאַנצען. און ווער ווייס, וואָס פאַר אַ צרות ליובּאָוויטשאָווע קען איהר נאָך אָנמאַכען, אַזוי, אַז די כּלה איז נישט זיכער אפילו מיט׳ן לעבּען, מיט איין וואָרט—זי דאַרף זיך גוט מישב זיין, איידער

זי געהט חתונה האָבען מיט איהם. ווארום צוויי וועגען זענען פאַרהאַן: אָדער ער, ראָזענבלום, זאָל ליובאָוויטשאָוועץ'ן איננאַנצען אַרויסשיקען פון הויף, אַז זי זאָל גאָר קיינמאָל נישט קענען קומען מעהר אַהער, אָדער ראָזענבלום זאָל וואוינען נאָך דער חתונה אין גראָדנאָ. מען קאָן אפילו אָבגעבען דעם הויף דער פריצ'טע און דינגען ערגעץ אַנ'אַנדער הויף; קיין געלד פעהלט נישט ראָזענבלום'ן. ראָזענבלום, אויב ער וויל נאָר, קאָן ער זיך אַלץ פערשאַפען. אָבער ער, דוד דער שמיד, ווייס נישט, צי דאָס וועט אויך עפּיס העלפען, ווארום ביי זיי איז אַנ'אַלטע ליעבע...

די כלה האָט זיך פונאַנדערגעוויינט אויפ'ן קול, מיט ספּאַזמעס און מיט די אַלע זאַכען פון אַ פרויען-געוויין. דוד האָט געמאַכט אַ גוואַלד, עס זענען אַריינגעלאָפען די דינסטען, די דינער, און מען האָט געשיקט נאָך ראָזענבלום'ן. ער איז באַלד געקומען צולויפען און מען האָט זי אָבגעראַטעוועט. אויף ראָזענבלום'ן, אַ מענש מיט נישט קיין שלעכטען כאַראַקטער, האָט עס געמאַכט אַ שווערען איינדרוק. אַז די כלה איז געקומען צו זיך, האָט זי געזאָגט, אַז זי וויל פאָהרען אַהיים.

ראָזענבלום האָט אויף מאָרגען געהייסען שפּאַנען די קאַרעטע און איז אַוועקגעפאָהרען מיט דער כלה קיין גראָדנאָ צו איהרע עלטערן. די כלה האָט זיך שוין נישט געוואָלט קושען מיט ליובאָוויטשאָוועץ'ן פאַר'ן אַוועקפאָהרען. עס זענען מיט אַמאָל אויפגעדעקט געוואָרען די קאָרטען, און די פריצ'טע האָט שוין נישט געהאַט וואָס צו פערבאָרגען...

קומענדיג קיין גראָדנאָ, האָט זיך די כלה באַלד געלעגט אין בעט אַריין און געזאָגט, אַז זי איז נישט געזונד. קיין דאָקטאָר האָט זי נישט צוגעלאָזט. די עלטערן האָבען פערשטאַנען, אַז דאָס מיידעל איז קראַנק פון צער.

ראָזענבלום איז געווען דערשלאָגען, מען האָט מיט איהם גאָר נישט גערעדט, נעבען דער כלה פלעגט ער זיצען וועניג און זיי האָבען אויך נישט געפונען קיין ווערטער וואָס צו ריידען,—האָט מען געשוויגען.

אַז איהר איז בעסער געוואָרען, האָט זי געהייסען ראָזענבלום'ן

אַוועקפֿאָהרען. זי איז געווען אַ ליעב און שטאָלץ מיידעל. די עלטערן, ווידער, האָבען דאָס אויך געוואָלט. זיי האָבען דאָס כמעט ווי אַרויס-געוויזען אָפען. אָנגענעהם איז דאָס איהם נישט געווען זעהר. ער האָט פֿערשטאַנען, אַז מען וויל דאָ פון איהם פּטור ווערען, און חאָטש ער האָט עס זיך אַליין געוואונשען, פונדעסטוועגען איז עס איהם, ווי אַ שפּירונג, געווען שווער איבערצולעבען.

און ער איז אַוועקגעפֿאָהרען...

דאָס איז געשעהען פונקט אַ פּאָר טעג פאַר מיין אָנקומען קיין מאַקאַראָווצי.

ווי געזאָגט, האָבען זיי געוואָלט אַ מענשען, וואָס זאָל אָנשרייבען אַ בריעף קיין גראָדנאָ צום מחותן, אונטער אַ פֿרעמדען נאָמען. פֿאַר אַזאַ פֿאַסיגען מענשען האָבען זיי מיך אָנגענומען און בעשטעלט בײַ מיר דעם בריעף. האָב איך „אָנגעקלאַפּט“ אַ בריעף, טײַלווײַז דיקטירט דורך ראָזענבלום'ן. דער בריעף האָט אויסגענומען און מען האָט איהם אַוועקגעשיקט קיין גראָדנאָ צוזאַמען מיט די תנאים.

אין בריעף איז געווען דערמאָהנט, אַז צעהן טויזענד רובל גיט ער דער כלה און צעהן טויזענד זאָלען זיי איהם אָבשיקען על פּי יושר. עס פֿערשטעהט זיך, אַז מיט קיין געלד האָט מען זיך שוין צוריק נישט געזעהן. נאָר מיר איז געווען בעשערט געהאָלפֿען צו ווע-רען. „מיין“ בריעף האָט געמאַכט בײַ זיי אַ גוטען איינדרוק און האָט פֿערפֿעסטיגט מיין פּאָזיציע בײַ זיי.

מען האָט מיר אָבגעגעבען אַ געשעפֿט—דעם פּאַקט. ליובאָוויטשאָווע גיט מיר אַוועק די מילך אויף פֿינף קאָפּיקעס אַ טאָפּ. דער מקח פון פּוטער איז דעמאָלט געווען זיבען, אַלט רובל אַ פּוד. די קרעטשמע, ווידער, וואָס האָט אָנגעהערט צו אַ יודען, אַ גרויס הויז מיט אַנ'איינפֿאָהר, וואָס איז געשטאַנען נעבען הויף און נעבען פּוילישען קלויסטער, אויפ'ן טראַקט, צווישען קריניק און גראָדנאָ, גיט מען מיר אויך אַוועק, און וויפֿיעל איך וועל קענען, וועל איך צאָהלען.

איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל נישט אויסדינגען בײַ אַ יודען אַ געשעפֿט, אפילו אַז איך זאָל זיצען אָהן ברויט. אָבער דער פּעטער האָט דערויף געזאָגט, אַז ער וועט פּרובען רײַדען מיט'ן אַרענדאַר, אפשר וועט יענער נעהמען אָבטריט-געלד; סײַ-ווי האָט ער געהערט,

אז דער אַרענדאַר האַלט בײַ קויפען אַנ'אײַגענע קרעטשמע אין אור־ליאַן, פיער וויאָרסט פון מאַקאַראָוויצי, אפשר וועט ער נעהמען, אַ פאַר הונדערט רובל און וועט אַוועקגעהן בכי טוב?

דער פעטער האָט איהם געשיקט רופען. דער אַרענדאַר האָט געזאָגט, אז ער האַלט טאַקי ביים קויפען אורליאַנער קרעטשמע פאַר זעקס הונדערט רובל, נאָר אז מען וועט איהם געבען די דאָזיגע סו־מע, וועט ער אַרויס פון קרעטשמע ברצון הטוב.

און אַזוי איז געוועןָ. מען האָט געגעבען דעם יודען פינף־הונדערט רובל, און ער איז פאַר נײַ־יאָהר אַרויס פון קרעטשמע.

## זיבעטעס קאפיטעל.

א פאקט מיט א קרעטשמע. — געקומען דאס ווייב. — עס פיהרט זיך אנ'עסק. — קריניק. — קריניקער גנבים. — די „אחים". — ר' דוד מריינע. — מיין בריעף. — ניביאנסקי. — מיינע נסיעות קיין גראדנא. — חייטשע הורוויטש. — חייטשע מיט'ן גובערנאטאר. — די געשפרעכען אין איהר „סאלאן". — דער קיסר אלעקסאנדער דער צווייטער. — זיינע בעזוכען גראדנא.

איך האב איבערגענומען די קרעטשמע מיט'ן פאקט און געשריבען א בריעף צום ווייב, זי זאל קומען מיט אלע זאכען איהרע קיין מאקאראווצי—מיר האבען דא א „גוט" געשעפט... זי איז ארויסגעפאהרען, איך בין אנטקעגען געפאהרען און געבראכט קיין מאקאראווצי די פרוי מיט צוויי קינדער...

די קרעטשמע האט זיך געפונען אין א גוטען ארט, ווארום פונקט אנטקעגען איהר, ווי געזאגט, איז געשטאנען א פוילישער קלויסטער; ארום האבען געוואוינט פיעל שליאכטעס, פויערים-בעלי-בתים, וואס האבען נישט געטרונקען קיין פראסטען בראנפען, און פון בעסערן בראנפען האט מען געקענט פערדינען א סך מעהר, איידער פון פראסטען.

נאָר די קרעטשמע איז געווען אַנ'אָבּגעלאָזענע, אָהן אַ טאָלק. דער אַרענדאַר איז געווען זעהר אַ פּראָסטער מענש און האָט נישט געוואוסט ווי צו האַלטען אַ קרעטשמע פאַר שליאַכטעס, וואָס האָבען געבּרויכט אַ בּעסערע געטראַנקען, אַ אייִדעלערע בּעהאַנדלונג.

אַז איך האָבּ איבּערגענומען די קרעטשמע, בּין איך געווען זעהר צופרידען. איך האָבּ אָנגעהויבּען איינצופיהרען אין קרעטשמע אַלע גוטע זאַכען און צוגעצויגען אַ גרויסען עולם פון שליאַכטעס. אין די זונטאָגען פלעגט געפּאַקט זיין אין אַלע צימערן, וואָס זענען געווען גרויס ווי פעלדער.

פון גראָדנאָ האָבּ איך געבּראַכט זיסע בּראָנפּענס און פון קריניק—מעד און וויין, וואָס יוכבד די אלמנה פלעגט אַליין אויסאַרבּייטען און וואָס האָבען געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער גובּערניע. זי האָט געלייזט צו פופציג קאָפּיקעס אַ טאָפּ—און איך האָבּ געמאַכט טייערע געשעפטען.

ראָזענבּלום האָט מיר אָבּגעגעבּען אַ גוט פערד און וואָגען און איך, אַ יונגערמאַן, פלעג מיט אַ בּעזונדער פערגעניגען אַרומפאָהרען, וואוהין איך האָבּ בּעדאַרפט.

אַז איך בּין געקומען דאָס ערשטע מאָל קיין קריניק, בּין איך פערפאָהרען צו יוכבד'ן דער ווייַנשענקערין. עס איז געווען אַ שענער טאָג. צוגעבּונדען דאָס פערד צום פאָרענטש פאַר די פענסטער פון דער גרויסער שטוב, געגען־איבּער די קראָמען, אין מיטען מאַרק, בּין איך אַריין אין שטוב. אַז איך האָבּ אין אַ ווייַלע אַרום אַ קוק געטהאָן דורכ'ן פענסטער צום פערד, זעה איך, ווי דאָס פערד שטעהט מיט די ערשטע פאָר רעדער בּעזונדער און דאָס וועגעלע מיט די הינטערשטע רעדער אָבּגעדרעהט אָן אַ זייט. אַפּנים, דער „סוואָרען" איז אַרויסגעצויגען.

לויף איך אַרויס און פרעג, ווער האָט דאָס אַרויסגענומען דעם סוואָרען פון וועגעל. דאָס איז דאָך עפּיס אַ מאָדנע זאַך. האָבען מיך יוכבד'ס זיהן „בּערוהיגט" און געגעבּען מיר צו ערקלערען, אַז עס איז טאַקי אַנ'אוּנגעוועהנליכע זאַך.

די מעשה איז אַזוי: פאַרהאַן אין קריניק צוויי בּרידער, וואָס זענען די אָנפיהרער פון אַלע גנבים פון דער סביבה. רופען רופט

מען זיי די „אחים”, און אַלע סוחרים, אַלע דאָרפס־לייט, פּאָסעסאָרען, פאַקטאָרס און אַרענדאַרען דאַרפען זיך אונבעדינגט קענען מיט די „אחים” און זיי בעפרידיגען. מען דאַרף זיי אויך אָפּגעבען כבוד, און אַז די „אחים” פאָהרען אין פאָוויעט, ווערען זיי אומעטום אָנגענומען בכבוד גדול. מען מוז זיך מיט זיי קענען, וואָרום דעמאָלט איז מען שוין פערזיכערט פון גנבות.

מאַכט זיך אָבער אַמאָל יאָ אַ גנבה, דאַרף מען זעהן דורכקומען מיט די „אחים”, וועט זי צוריקגעקעהרט ווערען; און אַזוי ווי איך בין אַ נייער ישוב׳ניק, האָט מען דאָס מיר געגעבען אָנצוהערעניש, אַז איך ברויך מיך מיט זיי צו בעקענען און די בעקאַנטשאַפט דאַרף געמאַכט ווערען דורך אַ „פונדע”...

בין איך נבהל ונשתומם געוואָרען. סטייטש, איך זאָל זיך גאָר דאַרפען בעקענען מיט גנבים, און אָנקוקען זיי אין פּרצוף אַריין און נאָך געבען די האַנד. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז יוכבד׳ס זיהן זענען קלוגע און עהרליכע לייט און וועלען מיר נישט דרעהען אַ קאָפּ גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין.

עס איז מיר דאָך געווען שווער צו פּועל׳ן ביי זיך אַ בעקאַנטשאַפט מיט רביים פון גנבים און, קויפענדיג אַ נייעם סוואָרען, בין איך אַוועקגעפאָהרען רוהיג אַהיים, אָהן דער בעקאַנטשאַפט.

איך האָב דאָס דערצעהלט ראָזענבלום׳ן און ער האָט אויך געזאָגט, אַז אַלע צאָהלען די „אחים” געלד יעהרליך און מען מאַכט זיי פונדעס; נאָר פאַר איהם האָבען זיי דאָך מורא, ווייל אַלע בעאַמטע זענען זיינע גוטע בעקאַנטע. פונדעסטוועגען שטאַרק זיך רייסען מיט זיי טאָר מען נישט. דער איספּראַווניק מיט׳ן אַסעסאָר קענען אויך אינגאַנצען נישט פערהיטען פון דער באַנדע גנבים. אַלזאָ, אַזוי ווי איך וואוין אין אַ קרעטשמע, ביים סאַמע טראַקט, דאַרף איך מיט זיי לעבען גוט, און אַז זיי וועלען אַריינפאָהרען צו מיר אין קרעטשמע, זאָל איך זיי שען צונעהמען, געבען זיי און זייערע פערד עסען, טרינקען א. ד. גל.

אין קריניק פלעג איך נעהמען בראָנפען ביי ר׳ דוד מרײנע, דעם גאון ר׳ ישראל סאַלאַנטער׳ס אַנ׳איידעם. ער האָט געהאַלטען קריניקער הויף מיט׳ן ברויז, איז געווען אַ יוד אַ גביר פון אַנ׳אַכציג

טויזענד רובל, און אַ יוד אַ למדן, און אַ קלוגער, נאָר אַ כעסן—גאָט זאָל אויסהיטען! ער איז אויך בײַ זיך געווען זעהר גדול'דיג, און אַז עמיצער האָט איהם עפּיס פּגוע בכבוד געווען, ווי איהם האָט זיך אויסגעדאַכט, איז ער יענעם בעפאַלען מיט די גרעסטע זלזולים.

ער האָט אָבער געהאַט אַ גוטע מעלה, אַ שענע מעלה: ער פלעגט באַלד אָבגעהן פון כעס און תיכף יענעם איבערבעטען. מען יענער זײַן אפילו אַ קל שבקלים. שטענדיג האָט אַזוי געטראָפען: ר' דוד פלעגט באַלד תוך כדי דבור פון כעס אָבגעהן. ער האָט נאָר בעדאַרפט דערפיהלען, אַז ער האָט יענעם בעליידיגט, האָט ער שוין יענעם נישט אָבגעלאָזען. דאָס האָט איהם געמעגט אפילו קאָסטען זעהר טײַער. יענער האָט געמוזט זאָגען, אַז ער איז איהם מוחל און דערפאַר האָט ער זיך מיט יענעם צוקושט.

בײַ מרײַנע'ן אין קאָנטאָר זענען שטענדיג געווען פיעל מענשען, אַלע קריניקער שײַנקאַרעם און אַלע ישובניקעס פון די ווײַטעסטע דערפער. נעבען קריניק, אַ ווייאָרסט צווײַ, איז אפילו געווען נאָך אַ גרויסער בּרויז פון בראָנפען, וואָס האָט אויך געהערט צו אַ יודען. דאָרט איז אָבער געווען די גאַנצע רעדעלפיהרערין דאָס ווײַב יענטע. דאָס איז געווען אַ גרויסע אשת-חיל, זעהר אַ שענע און אַ קלוגע פרוי, און דער מאַן איז בײַ איהר געווען אַ פינפטער ראָד צום וואָגען. קיי-נער האָט פון איהם נישט געוואוסט, און דער בּרויז איז געגאַנגען אויף איהר נאָמען. אַנדערע האָבען אפילו נישט געוואוסט, אַז זי האָט אַ מאַן. ער איז געווען גאָר ניש'קשה פון אַ מענש, אַ לערנער, אַ שטי-קעל קענער; נאָר זי איז געווען אַזאַ שטאַרקע יודענע, „אַ יודענע אין הויזען", אַז ווען ער איז אפילו געזעסען אין קאָנטאָר, האָט אויך קיי-נער מיט איהם נישט גערעדט פון געשעפט.

זי האָט געהאַלטען פיעל הויפען און צווײַ בּרויזען — און אַלץ אַליין געפיהרט. אָבער די בראָנפענס איהרע האָט זי געמוזט פער-קויפען אַנגראָ אין די ווײַטערע סביבות, נישט לאחדים, פאַר שײַנ-קאַרעם און אַרענדאַרעם פון די אַרומיגע דערפער, ווײַל זיי אַלע האָ-בען בעסער געוואָלט האַנדלען מיט ר' דוד מרײַנע'ן, צוליעב זײַן גרויסער עהרליכקײַט, צוליעב זײַן וואָרט, וואָס איז געווען אײַזען-שטאַרק. האָט ער פערקויפט צי געקויפט און עס איז געוואָרען דער-

נאָך טײַערער צי װעלװעלער, האָט ער קײנמאָל נישט משנה געװען.

דעם אמת געזאָגט, פלעגט מען פון איהם אָפטער לײַדען מחמת זײַן בײזע צונג, זײַן אימפּעט, זײַן צו׳כעס׳טען האַסט. און האָט ער דערנאָך אפילו איבערגעבעטען, האָט עס דאָך נישט אינגאַנצען אַרויס־געריסען די בעלײדיגונג פון האַרצען. נאָר זײַן עהרליכקײַט, זײַן עהר־ליכקײַט! זי האָט אַלעמען צוגעצויגען; אפילו די שײנקאַרעס, װאָס זענען איהם שולדיג געװען געלד און נישט געװאָלט בעצאָהלען און פלעגען קומען קויפען בראָנפען צו יענטע׳ן, פלעגען דאָך זיך מוזען צוריקקעהרען צו איהם, בעצאָהלען, װאָס עס האָט געקומט, און װײַטער האַנדלען. צו אַזאַ סוחר האָט געצויגען, װי מיט מאַגניט.

געװעהנליך האָב איך אויך גענומען בראָנפען בײַ מרײַנע׳ן. איך פלעג מיר נעהמען אַ פעסעל בראָנפען פון אַ צעהן—פופצעהן עמער און אַװעקפאָהרען. מרײַנע האָט מיך גאָרנישט געקענט און אפילו קײן צײַט נישט געהאַט מיט מיר צו רײדען. קומט, הײסט עס, אַ יונגער־מאַן נעהמען בראָנפען, זאָל ער נעהמען.

אײנמאָל, געדענק איך, האָט מיך ראָזענבלום געבעטען איבער־צוגעבען מרײַנע׳ן, אַז יענער טהוט איהם אַן׳עולה דערמיט, װאָס ער נעהמט נישט אָב די געקויפטע קאַרטאָפלעס. ראָזענבלום האָט עס נישט װאו צו האַלטען.

פאָהרענדיג נאָך בראָנפען, גיב איך אַזוי איבער מרײַנע׳ן ראָ־זענבלום׳ס װערטער. אָבער אָנשטאָט צו ענטפערן, בעקוקט מיך ר׳ דוד אַ װײַלע און פאַלט פלוצלונג אָן אויף מיר מיט אַזוינע זלזולים, אַז גאָט זאָל זיך מרחם זײַן. עס איז געװען אַ פולע שטוב מיט מענ־שען. איך האָב מיך געשעמט די אויגען אויפצוהויבען.

אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען, האָט איהם זײַן אײדעם געזאָגט, אַז איך בין דאָ גאָרנישט שולדיג און אַז די זלזולים האָבען זיך דאָס מאָל גראָד נישט געפּאַסט. גלאַט בעלײדיגט אַ פרעמדען יונגענמאַן. איך בין שנעל אַװעקגעפאָהרען, און ר׳ דוד האָט מיך שוין צוריק נישט געקאָנט חאַפּען—איבערבעטען מיך, װי זײַן שטײגער איז געװען.

איך האָב נאָך נישט געהאַט גענומען קײן בראָנפען. פאָהר איך אַװעק צו יענטע׳ן און נעהם דאָרט, װאָס איך דאַרף. איהר בראָנפען איז אָבער געװען שלעכטער. איז מיר אויך געװען נישט גאָר גוט

אויפ׳ן הארצען. די מעשה מיט מרײַנע׳ן האט מיר שטארק פערדראָסען. אגב האָב איך געוואָלט קויפען אַ פינף הונדערט עמער מיט אַמאָל, עס זאָל מיר קאָסטען ביליגער און אַזאַ קניה מוז איך מאַכען נאָר בײַ מרײַנע׳ן.

איך האָב נישט געוואָלט דערצעהלען ראָזענבלום׳ן, אַז ר׳ דוד מרײַנע האָט מיך בעלײדיגט. מיר האָט נישט געפּאַסט צו מאַכען „פלאָטקעס״. האָב איך אַליין געקלערט אַנ׳עצה, וואָס צו טהאָן, און געהאַט אַ סך פערדרוס.

אַז איך האָב גערעדט מיט אײניגע מענשען פון שטאָדט וועגען מרײַנע׳ן, האָבען מיר אַלע אין איין קול געזאָגט, אַז פון ר׳ דוד׳ן מעג מען לײַדען, מחמת אַלץ דעמזועלבען טעם: עס איז גוט מיט איהם צו האַנדלען. נאָך האָט מען מיר דערצעהלט, אַז איהם פערדריסט די מעשה, אַז ער עסט זיך אָב דאָס האַרץ, וואָס ער האָט מיך בעלײדיגט און אַז ער האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט געגעבען אַ פינף-און-צוואַנציגער, ווען מען זאָל מיך ברײנגען צו איהם זיך איבערבעטען און מאַכען שלום.

האָב איך זיך מישב געווען און אָנגעשריבען אַ העברעאישען בריעף (מײַן דעמאָלדיגעס געוועהר). ווען איך וועל פאָהרען נאָך בראָנפען צו יענטע׳ן און פאַרבײַפאָהרען נעבען קריניקער הויף, האָב איך גערעכענט, וועל איך איהם מיט עמיצען אַרײַנשיקען.

פאָהר איך אײנמאָל פאַרבײַ הויף, שטעהט ריכטיג ר׳ דוד מיט נאָך אַ יודען נעבען טויער, בײַם וועג. פאַלט מיר פלוצלונג אײַן איבערצוגעבען איהם אײגענהענדטיג דעם בריעף. גיב איך איהם פון ווײַטען, זיצענדיג אויפ׳ן וואָגען, אַ ווײַז דעם בריעף. לויפט ער צו, נעהמט איהם אין האַנד, שטעהענדיג נעבען מײַן וועגעל, עפענט אויף און הויבט אָן לײענען. איז איהם באַלד דער אָנהויב בריעף אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז ער האָט מיך געהאַפּט קושען און בעטען מיך מיט טרעהרען, איך זאָל איהם מוחל זײַן. ער האָט מיך נישט געקענט, געווען פערדרעהט, צורודערט א. אַז. וו. זאָג איך איהם, אַז איך בין איהם מוחל און אײדער וואָס-ווען, ציהט ער שוין די צוים פון פערד צו זיך אין טויער אַרײַן.

זאָג איך:

—ר׳ דוד, איך וועל שוין אַליין אַריינפֿאָהרען צו אייך, זאָגט ער:

—ניין, איך מוז אייך דעם כּבוד אָנטהאָן, אַליין פֿיהרען פֿאַר׳ן צוים בּיז׳ן קאַנטאָר, אַז אַלע זאָלען זעהען, ווי איך בּעט אייך איבּער.

און אַז איך בּין אַראָפּ פֿון וואָגען, האָט מיך ר׳ דוד אָנגענומען אונטער׳ן אָרים און אַריינגעפֿיהרט אין קאַנטאָר. דאָרט זענען געווען פֿול מענשען, און ער האָט בּקול רם אַרויסגעזאָגט:

—עולם, איך בּעט איבּער בּנפֿי כּל עם ועדה דעם דאָזיגען יונגענמאַן און זאָג אייך, עולם, אַז איך בּין געווען זעהר אונגערעכט, בּעת איך האָבּ איהם בּעליידיגט מיט אַ וואָך זעקס צוריק...

ר׳ דוד האָט געהייסען אַריינטראָגען אַ פֿלעשעל אַלטען בּראָנפֿען פֿון אַ יאָהר פֿופֿצעהן, מיט לעקעך און מיט קיכעל און מיט צוגעפּראַוועטע הערינג פֿאַר׳ן גאַנצען עולם, און איצט, בּיים לחיים, האָבּען מיר זיך צוקושט. אין דרויסען איז שוין פֿאַר מיר געשטאַנען גרייט אין וואָגען אַ פּאַס בּראָנפֿען, און אַז איך בּין אַוועקגעפֿאָהרען, בּין איך געווען בּעגייסטערט פֿון דעם דאָזיגען ר׳ דוד׳ן און פֿערגעסען אָן אַלע בּעליידיגונגען.

אָט אַזוי האָט זיך געפֿיהרט אַן׳אַמאָליגער גביר פֿון אַ וואָסערע אַכציג טויזענד רובּל.

פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך ר׳ דוד מרײַנע אין מיר „איינגעליעבּט”. בּיי אונז איז טאַקי געווען אַ מין ליעבּע. יעדע וואָך האָבּען מיר זיך געמוזט זעהן. און אין מיין לעבּען האָבּ איך נישט ווענייג גוטע שעה׳ן געהאַט בּיי ר׳ דוד׳ן.

נעבּען קריניק האָבּ איך אויך געפֿונען אַ טייערן חבר פֿון די אַמאָליגע העבּרעער און שרייבּער, יוסף גיבּיאַנסקי, אַ יונגערמאַן אין מיינע יאָהרען, אפשר יונגער פֿון מיר מיט אַ קלייניגקייט. ער איז געווען אַן׳אײדעם בּיי אַ מיהלנער אין אַ דאָרף. דער שווער האָט איהם געגעבּען פֿינף הונדערט רובּל נדן מיט פֿינף יאָהר קעסט.

גיבּיאַנסקי איז צו פֿופֿצעהן יאָהר געוואָרען אַ חתן. דער שוועהר זיינער האָט פֿריהער געוואוינט אין קריניק און דעם חתן גיבּיאַנסקי האָט ער אַראָבּגעבּראַכט צו זיך אויף פּסח. דער חתן האָט געזאָגט

אַ דרשה אין קריניקער שוהל, און האָט אויסגענומען מיט זיין דרשה נישט ווי אַ יונגעל פון פופצעהן יאָהר, נאָר ווי אַ יוד פון פופציג. התונה געהאַט האָט ער צו זעכצעהן יאָהר. דערנאָך האָט דער שוועהר געדונגען אַ וואַסער-מיהל אין אַ דאָרף און איז אַריין אַהין וואוינען, מיט-נעהמענדיג מיט זיך דאָס פאָר-פאָלק אויף קעסט.

ער איז געוועזען מפורסם פאַר אַ גוטען העברעער, וואָס שרייבט שוין לשון-קודש. אַז ר׳ ישראל סאַלאַנטער איז געקומען צו זיין איידעם, ר׳ דוד מרייִנע, אין הויף אַריין זיך אָבּרוהען, איז ער געוועזען אין קריניקער הויף דעם גאַנצען זומער, דאָס איז געוועזען אַ יאָהר פאַר מיין קומען קיין מאַקאַראָווצי. די קריניקער לומדישע יונגע-לייט פלעגען אויף אַלע מיטאָגען זיין צום טיש און גיביאַנסקי איז אויך געוועזען בתוכם; און דעמאָלט האָט גיביאַנסקי געשריבּען אין „המגיד״, וואָס ר׳ ישראל סאַלאַנטער האָט גערעדט ביים טיש. די יודישע וועלט האָט גע-קאָכט מיט ר׳ ישראל׳ס ווערטער...

מיט דעם גיביאַנסקי׳ן האָב איך זיך גוט בּעפריינדעט און פלעג איהם בּעזוכען אין זיין דאָרף און ער מיך ביי מיר אין הויז.

דעם אמת געזאָגט, בּין איך גאָרנישט געלעגען אין געשעפט, ווי אַלע מענשען, ד. ה. זוכען וואָס מעהר געלד פערדינען, וואָס מעהר פרנסה, ריוח, חניפה, חאַפּען, רייסען און נאָך אַזוינע זאַכען. אייגענטליך האָב איך דאָך געהאַט זעהר אַ גוטע קרעטשמע, און מיט חניפה האָב איך געקענט ביי ראָזענבלום׳ן זעהר אַ סך ערווערבּען. נאָר איך האָב מיך נישט געסטאַרעט צו גענעהנען זיך אפילו צו איהם און צו דער פריצ׳טע, אום צו געפינען חן ביי זיי אין די אויגען. מיין קאָפּ און מיין גייסט איז נאָר געלעגען דערין, ווי אַזוי צו געפינען וואוילע, ליעבּע, ענטוויקעלטע מענשען, וואָס איך זאָל מיך קענען מיט זיי חבר׳ן, פערברענגען מיט זיי אין חקירות און וכוחים. דאָס איז געוועזען מיין פערגעניגען.

מיר האָט עפּיס געפעהלט אָט דער חוש צו וועלען האָבּען וואָס מעהר געלד, וואָס אָהן דעם קען דער מענש נישט לעבּען און מיט דעם קריגט מען אַלץ. איך בּין אַ גרויסער מסתפק, איך בּענוגען זיך מיט וואָס איך האָב. עס קען זיין, אַז דאָס איז אַ גרויסער פעהלער און עס קען זיין, אַז דאָס איז, פערקעהרט, אַ גרויסע מעלה. עס קען זיין, אַז

ווען איך וואָלט געלעגען גאָר אין געלד, וואָלט איך אפשר גאָרנישט געהאַט. פאַרהאַן פיל אַזעלכע מענשען, וואָס זיי זענען אַריינגעטהאָן מיט לייב און זעלע אין געלד און האָבען גאָרנישט. ווער קען עס וויסען און ווער קען עס פאָראויסזאָגען!

ר׳ דוד האָט געהאַט אַ געראָטענעם זוהן, האָב איך מיט איהם זיך אויך שטאַרק בעפריינדעט און זעהר אָפט פערבראַכט אין חקירה און חלומות...

איך האָב אָנגעהויבען שטאַרק צו לעזען השכלה-ביכער, וואָס צוליעב דעם פלעג איך עקסטרע מאַכען נסיעות קיין גראָדנאָ, כלומר׳שט פערקויפען פוטער און קויפען זיסען בראָנפען, און געמיינט האָב איך בלויז צו קויפען דאָרט פרישע השכלה-ביכער אָדער צו לייהען, אויב מען קריגט נישט צו קויפען. פון געשעפט וועגען האָב איך גאָר נישט בעדאַרפט אַזוי אָפט פאָהרען: מיט איין מאָל האָב איך געקענט יוצא זיין אויף אַ לאַנגע צייט.

זענענדיג אין גראָדנאָ גאַנץ אָפט, האָב איך ערפאַהרען, אַז איך האָב דאָרט אַ קרובה, איינע אַ חייטשע הורוויטש, זעהר אַן׳אינטערעסאַנטע פרוי, וואָס וועגען איהר איז כדאי צו שרייבען מעהר באריכות.

קודם-כל איז זי געווען אַ פרוי אַ שטאַרקע, און אין גראָדנאָ, אזי סקידלער גאַס, שטעהט געשריבען אויפ׳ן בלעכעל פון איהר הויז — דאָס הויז פון חייטשע הורוויטש, איהר פאָטער׳ס פאַמיליע און נישט איהר מאַנ׳ס. זי האָט געטראָגען די הויזען. איך האָב דאָס הויז אָבגעזוכט, אַריין אין שטוב און זיך פאָרגעשטעלט פאַר איהר. קרובים זענען מיר אפילו נישט קיין נאָהנטע — נאָר דאָך קרובים. זי האָט מיך זעהר העפליך צוגענומען, און איך בין מיך מודה, אַז אַן׳איינדרוק האָט זי אויף מיר געמאַכט זעהר אַ שטאַרקען.

ביי איהר אין הויז האָבען זיך שטענדיג געפונען פיעל מענשען פון אַלע קלאַסען און עלטער. יונגע-לייט און דערוואַקסענע, און אַלטע, און סוחרים, און פאָדריאַדטשיקעם, און אַדוואָקאַטען, און דאָקטוירים און גלאַט קלוגע מענשען. מען פלעגט קומען צו איהר עצות פרעגען וועגען מסחר, וועגען פאַמיליען-אָנגעלעגענהייטען, — וועגען אלץ. ביי איהר פלעגט מען פרעגען ווי צו פיהרען אַ פראָצעס, און אַז מען האָט בעדאַרפט אָנקומען צו אַ בעאַמטען פון אַ סוד, האָט זי שוין גע־

לערנט ווי צו ריידען און ווי זיך צו בעגעהן דערביי. אַליין פלעגט זי אויך פיעל פועל'ן ביי די בעאַמטע, וואָס זי האָט בעדאַרפט. מיט איהר פלעגען זיך אפילו יוריסטען אַמאָל מישב זיין וועגען אַ פערוויקעלטען ענין, אָדער וועגען דעם ווי אַזוי צו שרייבען אַ גוטען קאָנטראַקט צווישען צוויי שותפים. זי איז געווען אַ זעלטענע חכמה מיט אַ גלייכען שכל און האָט פערמעגט אַ רעכט ביסעל הומאָר. זי האָט געקענט זאָגען שען אַ וויץ.

זי פלעגט פערדיענען פון די פריזיוועז און פון געריכטס־געשעפטען אַ פיער־פינף־טויזענד רובל אַ יאָהר. בעזונדערס איז זי געווען אַ גרויסע בעל־טובה'ניצע, למשל, געהן צום פאָליצמייסטער, צום איספראַווניק, צום גובערנאַטאָר. טהאָן אַ יודען אַ טובה איז זי געלאָפען און כמעט שטענדיג גע'פועל'ט וואָס מען האָט בעדאַרפט. אַמאָל איינגאַנצען יענעם אַרויסגעהאָלפען פון אַנ'עת צרה און אַמאָל אַ ביסעל געהאָלפען, אָבער גאָר מיט ליידיגען האָט זי קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט. עפּיס האָט זי געמוזט העלפען.

ביי איהר איז געווען „צום גובערנאַטאָר געהן" פון די גרינגע זאַכען, און דער גובערנאַטאָר האָט געהאַט הנאה מיט איהר צו ריידען. זי האָט געקענט דעם גובערנאַטאָר אויך אַריינזאָגען אַזאַ שאַרפען וויץ, אַז עס זאָל איהם אַ שטאָך טהאָן אין זיעבענטען ריפּ. און ער האָט אויך געמוזט לאַכען, ווייל עס איז געווען געראָטען און קלוג אַ שטאָך געטהאָן.

איהר מאַן איז אויך געווען אַ גאַנץ וואוילער און אפילו אַ געלערנטער מענש, נאָר ער האָט אָבער קיינמאָל נישט געקענט עפּענען אַ מויל אין איהר געזעלשאַפט. ער האָט פראָסט מורא געהאַט עפּיס צו ריידען, איבעריגענס, די דאָזיגע מורא האָט נישט נאָר געשפירט איהר מאַן אַליין, נאָר אויך די אַלע, וואָס פלעגען בעזוכען איהר הויז. אַ צו־שאַרפען שכל און אַ צו־שאַרפע צונג האָט זי פערמאָגט. און ווערען אויסגעלאַכט פון אַ פרוי איז נישט פון די גוטע זאַכען.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך פערבראַכט ביי איהר אַ פּאָר שעה צייט אַלס גאַסט. מיט קיינעם האָב איך זיך נישט געקענט. איך האָב זיך צוגעקוקט צו חייטשען מיט איהרע געסט, צוגעהערט זיך צו איהר חכמה, בעטראַכט איהר האַלטען זיך און איהר אויפפיהרונג און בע=

שלאָסען זיצען און שווייגען. ריידען דאַרף זי—וואָרום זי איז זעהר קלוג...

זי האָט מיך בעקענט מיט די געסט און האָט מיך פערהאַלטען לענגער, ביז אַלע זענען אַוועקגעגאַנגען. אפנים, אז זי האָט מיך געוואָלט צוגליידערען, זעהן וואס פאַר אַ סחורה איך בין. דערנאָך האָט זי מיך פערבעטען אויף מיטאָג.

נאָך מיטאָג איז זי מיט מיר געגאַנגען שפּאַצירען אין גאַס. אויפ'ן וועג האָט זי מיך געבעטען, אַז איך זאָל איהר דערצעהלען פון מיינע ענינים, וואו, היינט עס, האַלט איך אין דער וועלט. זי איז נאָך זעהר אַ הייסע קרובה אויך דערצו און אינטערעסירט זיך מיט אַלע קלייניגקייטען. אָט קום איך, למשל, קיין גראָדנאָ מיט געשעפט: איך ברענג צו פערקויפען פוטער, קעז, און קויף איין בראָנפען און נאָך סחורות. דערין קען זי מיר בעהילפיג זיין. זי קען דאָס מיר אַלץ בעזאָרגען און מיך וועט זי גאָר נישט לאָזען זיך בעמיהען מכח די אַלע זאַכען. קום איך קיין גראָדנאָ, דאַרף איך בעסער לעבען אַ גוטען טאָג און מיינע עסקים וועלען שוין זיין אין אָרדנונג. דאָס וועט איהר קיין סך טרחה נישט קאָסטען, זי האָט אומעטום אַדיוטאַנטען, וואָס וועלען מיך די מינוט בעזאָרגען.

און דאָס איז נישט געווען קיין בעריהמערייז. שפּעטער האָב איך מיך דערין איבערציינגט. איך האָב איינגעזעהן, אַז איך האָב מיך פריהער פערנאַרט ביים פערקויפען פוטער און ביים קויפען בראָנפען. טאַקי דיזועלבע חייטשע האָט עס מיר קלאָר געמאַכט. דערנאָך האָט זי שוין אויפגעזוכט די רעיעלסטע סוחרים פון פוטער און האָט מיר שוין נישט געלאָזען זיך פערנאַרען. איך האָב גענומען דעם בעסטען פּרייז פאַר פוטער, און דעם בראָנפען האָט זי מיר איינגעקויפט אין אַן'אַנדער דיסטיליאַרניע אַ סך ביליגער, און בעסערע סחורה. מיט איין וואָרט, איך האָב מיט איהר געטראָפען.

מיינע געשעפטען האָט זי מיר שוין שטענדיג איינגעאָרדענט אין איין טאָג, און פערבראַכט האָב איך ביי איהר גרויסאַרטיג גוט נאָך צוויי טעג—איבעריגע, אין דער שענסטער גראָדנער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך שטענדיג געפונען ביי איהר אין שטוב. אָט אַזוי פלעג איך

מאַכֿען אין גראָדנאָ אַכט נסיעות אַ יאָהר. יעדע נסיעה איז געווען אַ שטיק פערגעניגען, אַ גרויסער תענוג.

דער קיסר אַלעקסאַנדער דער צווייטער פלעגט אַלע יאָהר קומען קיין גראָדנאָ אויף אַ „סמאָטר". דער גראָדנער פּלאַץ איז איהם געווען געפעלען פאר זיין ברייטקייט און פאר דעם, וואָס דאָס מיליטער שטעהט אויף איהם שען.

געוועהנליך, זומער קומען זיך צונויף פון גאַנצען אויעזד אַלע דאָרפסלייט, פּריצים און יודען—זעהן דעם קיסר מיט'ן סמאָטר און דעם גאַנצען פּאַראַד, וואָס גראָדנאָ פלעגט איהם מאַכֿען. פלעג איך שוין אויך אַלע יאָהר פאָהרען קיין גראָדנאָ אין דער צייט, ווען דער קיסר דארף קומען.

דער קיסר פלעגט פערברענגען אין גראָדנאָ אַנדערטהאַלבען מעת־לעת. אין דער צייט איז קיינער צו חייטשען נישט געקומען. יעדערער איז געווען פערנומען מיט די פּאַראַדען און דעם קיסר. צו חייטשען פלעג איך אָבער אויך אין דער טומעלדיגער צייט אַריינקומען. חייטשע פלעגט דעמאָלט נישט זיין קיין סך אין דרויסען. דאָרטען איז געווען אַ שטופעניש, און זי האָט עס פיינט געהאַט.

—מען שטעהט מיט אַרויסגעשפּאַרטע אויגען און מען קוקט,— פלעגט זי זיך קרימען.

איך בין איינמאָל געשטאַנען נעבען קיסר, ווען ער איז געזעסען אויפ'ן פערד און פאַרביי איהם האָט דורכגעמאַרשירט דאָס מיליטער. טאַקי נעבען זיין פערד בין איך געשטאַנען און געקוקט איהם אין פּנים אַריין. עס האָט זיך געוואָלט קוקען שטאַרק, טיעף און לאַנג. געזעסען איז דער קיסר אויפ'ן פערד פרעהליך, מונטער, און עס איז געווען אָנגענעהם צו קוקען אויף זיין שטאַרקע פיגור; אַז ער איז דורכגעפאָהרען, האָב איך זיך אַלץ געשפּאַרט צו איהם. זיין נעהנ־טער האָב איך געוואָלט...

איינמאָל, געדענק איך, איז דער קיסר געקומען צופאָהרען קיין גראָדנאָ האַלב צוויי ביינאַכט, און אויף מאָרגען זיעבען אַ זייגער איז ער שוין געפאָהרען אויפ'ן סמאָטר. בין איך פינף אַ זייגער אַרויסגע־גאַנגען אין גאַס אַריין, וואו ער האָט בעדאַרפט דורכפאָהרען. דער קיסר איז געפאָהרען אין אַ פערמאַכטע קאַרעטע מיט'ן ווילנער גענע־

ראַל-גובערנאַטאָר פּאַטאַפּאָוו. דער גרויסער עולם, וואָס איז דערבײַ געשטאַנען, האָט אָנגעהויבען צו שרײַען:

—קיסר, מיר ווילען דיך זעהן.

האָט דער גענעראַל-גובערנאַטאָר געעפענט די טהיר פון קאַרעט און אויסגערופען צום עולם:

—דער קיסר האָט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפען. ער וויל אָברוהען.

דער עולם אָבער הערט איהם נישט און שרײַט ווידער:

—קיסר, מיר ווילען דיך זעהן.

האָט שוין דער קיסר אַליין געעפענט דאָס טהירעל פון קאַרעט און געזאָגט:

—גאָספּאָדאַ, איך האָב אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפען. גיט מיר עטוואָס רוה. פון סמאָטר וועל איך פאָהרען פּאַמעליך אין אַן'אָפענער קאַרעטע, וועט איהר מיך זעהן.

און אַזוי איז געווען. צוריק איז ער געפאָהרען אין אַן'אָפענער קאַרעטע, טריט-בײַ-טריט, און אַלע האָבען איהם געזעהן. איך בין געשטאַנען נעבען פּוילישען קלויסטער, וואו דער קיסר איז דערנאָך אַרויף אויפ'ן גאַניק, בעפּוצט מיט שענע קאָווי אָרען און בלומען.

דער פּוילישער דעקאַן איז געשטאַנען דערבײַ, און דער קיסר, געבענדיג איהם די האַנד, האָט געבעטען פערצײַהונג, וואָס ער האָט נישט קיין צײַט אַרײַנצוגעהן אין קלויסטער. באַלד האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט אין קאַרעט, און אַזוי איז ער ווידער געפאָהרען איבער דער גאַנצער שטאָדט, טריט-בײַ-טריט, ביז'ן גובערנאַטאָר'ס הויז. מען האָט זיך גערעכט, אַז ער זאָל זײַן אויך אין רוסישען קלויסטער און אין שוהל, אָבער מעהר ווי אויפ'ן גאַניק פון פּוילישען קלויסטער איז ער נישט געווען. די פּאָליאַקען האָבען זיך חאָטש דערמיט געפרעהט. אַן'אײַנדרוק פלעגט ער שטענדיג איבערלאָזען אַ גוטען און אַ שטאַרקען.

אַלעקסאַנדער דעם צווייטען האָב איך געזעהן עטליכע מאָל, און בעת איך פלעג שטעהן נעבען איהם, האָב איך יעדעס מאָל געהאַט אַ תענוג רוחני. גוטמוטהיג פלעגט ער שטענדיג בעטראַכטען דאָס פּובליקום אַרום זיך.

אַליין איז ער געווען אַ הויכער, אַ ברייטער און אַ שענער, ניקאָ-

לאַי'ם קוק, זאָגט מען, איז געווען זעהר אַ בייזער. דער ייִדע אהרן־לייזער האָט דערצעהלט, אַז ער איז איינמאָל געווען אין בריסק בעת דער קיסר ניקאָלאַי איז דאָרט דורכגעפאָהרען. עס האָט זיך צונויפּ־געקליבען אַ גרויסער עולם. אַלע האָבען געוואָלט זעהן דעם קיסר. דער ייִדע אויך בתוכם.

באַלד האָט זיך בעוויזען דער קיסר. ער איז געשטאַנען נישט ווייט פון ייִדען און ביידענס בליקען, דעם קיסר'ס און דעם ייִ־דענס, האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען.

— פון דעם קוק איז מיר איינגעפאַלען דאָס בלוט — האָט זיך דער ייִדע געצאַפּעלט — און איך וועל איהם אויביג געדענקען...

אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס קומען קיין גראָדנאָ האָט שטענדיג אַרויסגערופען אַ יום־טוב ביי יודען. מיר האָבען זיך אַלע געפרעהט, און אין דעם טאָג, וואָס ער פלעגט זיך דאַרפען בעוויזען אין גאַס, פלעגען אַלע אוועקוואַרפען די אַרבייט און שפּאַצירען אין פרעהליכע גרופּעס איבער'ן שטאָדט.

## אַכטעס קאַפּיטעל.

אַ געשפּרעך מיט חייטשע׳ן מכּח ווייבערשע נאַטורען, מכּח זייער חלש׳ן און ספּאַזמעס. — מאַקאַראָווצי. — דער רוסישער און דער פּוילישער גלח. — אונזערע שמועסען. — וועמענס רעליגיע שטעהט העכער? — די אַרומיגע ישוב׳ניקעס. — ימים־נוראים־צייט. — ישוב׳ניקעס נעהמען איידעמלעך — דאָס איינהאַנדלען שטעט אין די שוהלען.

איך האָב דערצעהלט חייטשע׳ן, אַז מיין ווייב האָט אַמאָל גע׳־חלש׳ט דערפאַר, וואָס זי האָט געזעהן, אַז איך האָב שבת צוגענומען ביי אַ קריסט אַ פּערציגער מיט דער בלויזער האַנד און נישט דורך אַ פּאַטשיילקע, ווי אַלע יודען טהוען אין די דערפער און קליין־שטעדטלעך.

אין די גרויסע שטעדט האָט מען זיך דערצו צוגעפּאַסט אויף אַנ׳אַנדער שטייגער.

אין די אַלע רעסטאָראַנען און ביער־הייזער זענען פאַרהאַן אַזעל־כע בלעכענע און מעשענע קוויטלעך, וואו עס איז אויסגעקריצט דער נאָמען פון בעל־הבית, און אַלע וואַרשויער יודען, וואָס קענען נישט

אויסקומען שבת אָהן ביער, קויפען פרייטאָג די דאָזיגע קוויטלעך. שבת צאָהלען זיי מיט דעם פאַר'ן ביער און וויין. עס פערשטעהט זיך, אז די אַלע יודען, וואָס האָבען געשעפטען פון געטראַנקען, אַרבייטען דעם שבת'דיגען טאָג עבודת פרך. אַ קלייניגקייט, וואָס עס ווערט צוטרונ־קען ביער שבת ביי יודען אין וואַרשוי!

פערזענליך, בין איך געגען אַזעלכע היתרים, וואָס יודען מאַכען זיך. עס איז בעוואוסט, אַז דאָס, וואָס ביי יודען טאָר מען קיין געלד נישט האַלטען, דאָס הייסט, מוקצה, איז צוליעב דעם, אַז מען זאָל רוהען, אָהן געלד קען זיך אַ מענש אין ערגעץ נישט ריהרען, נישט קויפען און נישט פערקויפען. אָבער דאָ נעהמט אַ יוד און מאַכט פון דעמזעלבען מעטאַל, צי פון מעש, צי אפילו פון בלעך אַ מין היתר־מטבע און מעג שוין אַרבייטען דעם גאַנצען שבת'דיגען טאָג ערגער פון אַ פערד. אַז זיין נאָמען איז אויסגעקריצט — מעג מען; אַז דער נאָמען פון קיסר — טאָר מען נישט.

איך האָב עס דערצעהלט חייטשע'ן, זאָגט זי מיר בזה הלשון:

— מיין ליעבער יונגערמאַן! גלויבט נישט די ווייבער מיט זייער חלש'ן. איך וועל אייך דערצעהלען ווי אַזוי איך פלעג אַמאָל כסדר חלש'ן... ווי נאָר עפּים — גע'חלש'ט. האָב איך באַלד נישט געקראָגען, וואָס איך האָב בעדאַרפט — אַ פאַל געטהאָן אין חלשות...

זי האָט זיך איראָניש אַרומגעקוקט און דערצעהלט ווייטער:

— איך בין געוועזען, מיין ליעבער יונגערמאַן, אַ יתומה אָהן אַ טאַטען. צו זעכצעהן יאָהר בין איך געוועזען זעהר אַ שען מיידעל און פאַר אַ קלוגע האָט מען מיך אויך געהאַלטען. איך האָב דעמאָלט גע־שריבען העברעאיש און רוסיש, בעת יודישע טעכטער האָבען אפילו קיין אלף נישט געקענט אויסקריצען. זיצען אַ מיידעל נאָך זעכצעהן יאָהר איז דעמאָלט נישט געוועזען אין דער מאָדע, און איך האָב חתונה גע־האַט און אָנגעקומען צו אַ שוועהר פון אַ קליין שטעדטעל, אַ יוד אַ גביר פון אַ פופציג־טויזענד רובל. זיין זוהן, אַ בן־יחיד, איז געוואָרען מיין מאַן. דער שוועהר האָט געוואָלט נעהמען פאַר זיין זוהן אַ ווייב פון גרויס יחוס, מיט אַלע מעלות, עס מעג אפילו זיין אָהן געלד. בין איך דאָס געוועזען די בעשערטע. איך האָב געגעבען נדן אינגאַנצען דריי הונדערט רובל. מיין פאָטער האָט לאַנג געקרענקט ביז ער איז פער־

אָרימט געוואָרען. עס איז נאָך אפילו געבליבען פון טאַטען עטליכע טויזענד רובל מיט אַ סך זילבער, אָבער איך האָב נאָך צוויי שוועסטער און אַ ברודער, און די מאַמע דאַרף נאָך אויך, און אַז עס האָט זיך געמאַכט דער שדוך, וואָס פערלאַנגט קיין געלד נישט, האָב איך פון מיין נדן, וואָס איז געווען פערשריבען אויף טויזענד רובל, נאָר גענומען דריי-הונדערט און דאָס איבעריגע אָבגעגעבען פאַר די שוועסטער.

אַז איך בין אָנגעקומען אין שטעדטעל צום שווער אויף קעסט, איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. ביים שווער איז אַ גרויס הויז, פיעל צימערן, אָבער אומעטום זענען אָנגעשטעלט פּראָסטע, הילצערנע, ווייסע בענק מיט טישען און מען עסט פון פאַליוועגע שיסעל, פון גראָבע טעלער און מיט בלעכענע לעפעל. עסען עסט מען גוט, עס פעהלט קיין זאַך נישט, אָבער אַלץ פּראָסט. אַזוי אין עסען, אַזוי אין דער גאַנצער פיהרעכטס. טהיי טרינקט מען פון אַ קריגעל און וואָס פאַר אַ טהיי — מען קען אין מויל נישט נעהמען.

דער רב פון שטעדטעל איז געווען דעם שווער'ס אַ פריינד. ער איז געווען ביי אונז שבת אויף שבעה ברכות. איך בין איהם, אַפּנים, געפעלען געוואָרען, האָט ער פערבעטען מיך מיט מיין מאַן קומען איהם בעזוכען אַ צווייטען שבת. אַז איך בין געפעלען געוואָרען דעם רב און דערנאָך דער רבי'צין, האָב איך שוין נושא-חן געווען ביי דאָס גאַנצע שטעדטיל, און איך האָב מיך אָנגעהויבען האַלטען גרויס, געהויבען, שטאָלץ.

האָב איך איינגעזעהן, אַז איך וועל קענען אויספיהרען ביסלעכוויז, אַז מען זאָל ביי אונז עסען מיט זילבערנע לעפעל, אין פאַיאַנסענע שענע טעלער און אָנשטאָט פּראָסטע בענק זאָלען זיין קאַנאַפּעס מיט שטוהלען, אַזוי ווי ביי אונז אין דערהיים.

האָטש מיין פאָטער איז פעראָרימט געוואָרען, פונדעסטוועגען האָט מען ביי אונז גענעסען מיט זילבערנע לעפעל. איך האָב געמיינט, אַז ביי מיין שווער אין שטוב וועט עס זיין נאָך רייכער. אַ רייכער יוד! איך האָב אַזוי ליעב געהאַט רייך מעבעל, שענע טיש-געשיר, שפּיגלען אויף די וואַנד, לאַנגע איידעלע חאָרניקעס אונטער די פיס... וואָס טהוט מען אָבער דאָ? הייסען דעם שווער אויספּוצען די שטוב, איז געווען אונמעגליך. שוין אַנ'עלטערער יוד, ווער קען דאָס איהם איבער-

מאַכען? נאָר איינמאָל האָב איך געזאָגט דעם שוועהר, אַז איך קען דורכאויס אין אַזאַ פערגרעבטקייט נישט לעבען.

— רייך זענט איהר, טאַ לעבט אויך ווי אַ גביר. איך קען נישט עסען אין אַזעלכע טעלער, מיט אַזעלכע לעפעל און קען נישט זיצען אויף די מאָגערע פראָסטע בענקלעך. איך בין געוועהנט צו זיצען אויף ווייכע שטוהלען און קאנאַפּעס, ווי ביי מיין פאָטער...

דער שוועהר האָט געזאָגט, אַז ער קען מיר געבען, למשל, אַ מתנה טויזענד רובל, אָבער איבעראַנדערשען זיין פיהרונג, וואָס זיינע אָבות-אָבותינו האָבען זיך אַזוי געפיהרט, קען ער נישט... ווי מיר איז ליעב מיין פאָטערס מעבעל, אַזוי זענען איהם ליעב זיינע פראָסטע טישען און בענקלעך.

אָט דעמאָלט טאַקי האָב איך זיך גענומען צו מיין ווייבערש געוועהר. איך האָב גע'חלש'ט... איז געוואָרען אַ מהומה אין שטוב, אַלע זענען געבליבען טויט פון שרעק. אין אַ קליין שטעדטעל — זענען אַלע באַלד צונויפגעלאָפען מיך ראַטעווען... אַז מען האָט מיך אָבגע-ראַטעוועט, האָט דער שוועהר געפרעגט:

— נו זאָג מיר, טאָכטער, וואָס ווילסטו, איך זאָל דיר קויפען?

ווער איך באַלד מונטער און זאָג:

— גיט מיר דריי הונדערט רובל, וועל איך פאָהרען קיין גראָד-נאָ און איינקויפען מעבעל און טיש-געשיהר און נאָך אַזעלכע שטוב-זאַכען.

אָבער עם הויבט זיך גאָרנישט אָן. ער וויל נישט.

אַזוי איז אַוועק נאָך אַ האַלב יאָהר. דער שוועהר מיט'ן מאַן האָבען מיך ליעב, אָבער אויספיהרען ביי זיי, קען איך נישט. האָב איך אָנגעהויבען ווייטער צו חלש'ן...

דעמאָלט האָט זיך דער שוועהר אונטערגעגעבען, און מיט מיין חלש'ן האָב איך אַלעמאָל דערגרייכט אַלץ, וואָס איך האָב גע-וואָלט.

אַלץ האָט אָבער אַ מאָס, און איך האָב אין מיין נצחון פערגע-סען אָן איהר.

איינמאָל, געדענק איך, האָב איך מיר אַזוי גע'חלש'ט און דער מאַן מינטערט מיך. הער איך, ווי ער זאָגט בעת-מעשה:

— חײַטשע, חײַטשע, ס׳וועט קומען אַ צײַט, וואָס אַז דו וועסט חלש׳ן, וועל איך דיך נישט וועלען מינטערן...

— עהע! — האָב איך מיך באמת דערשראָקען. אויב אַזוי טויג שוין נישט.

האָב איך זיך גלײַך געגעבען אַ שטעל אויף און געזאָגט:

— איך בין געזונד... איך וועל שוין מעהר נישט דאַרפען, דו זאָלסט מיך מינטערן.

איצט האָט חײַטשע חוזק געמאַכט פון די מאַנסבּיל, וואָס די ווײַבער פיהרען זיי פאַר די נעזער און קאָנען מיט געמאַכטע חלשות אויספיהרען בײַ זיי אַלץ אין דער וועלט. די מאַנסבּיל האָט זי גע־רופען שמאַטעס.

די מאַנסבּיל, וואָס זענען געזעסען בײַ מיר אין שטוב, האָבען געלאַכט, בעת איך האָב דערצעהלט מײַן ווײַב פון חײַטשע׳ס חלש׳ן און ווי אַזוי זי האָט עס אויסגעטײַטשט, האָט שוין מײַן ווײַב אויך, דאַכט זיך, אויפגעהערט דאָס צו טהאָן...

געלעבט האָט זיך מיר דעמאָלט נישט שלעכט, איך האָב פער־דיענט איבערגענוג. אין די ווינטערדיגע לאַנגע אָווענדען האָב איך גע־לעזען חקירה-ספרים, וואָס שטענדיג האָב איך צו זיי געהאַט אַ גרויסע תשוקה, און מיט וועמען צו פערברענגען איז אויך געווען.

מײַן ווײַב האָט אפילו געוואָלט, איך זאָל מיך דרעהען מעהר אַרום ראָזענבּלום׳ן, וועל איך האָבען אַ טובה דערפון. איך האָב עס נישט געוואָלט. חניפה ליגט נישט אין מײַן גבול. און מאַלע וואָס דאָס ווײַב זאָגט... ווײַבער ווילען דאָך אײַנשלינגען די גאַנצע וועלט. אַיין גו־טער ספר איז בײַ מיר טײַערער געווען פון אַלע ראָזענבּלום׳ס מיט אוצרות געלד.

איך האָב יעדעס יאָהר געהאַט אָבגעשפּאָרטע עטליכע הונדערט רובּל און דאָס לעבען איז זיך געגאַנגען ווײַטער. אַמאָל פלעג איך אַ שמועס טהאָן מיט׳ן פּוילישען גלח, מײַן שכן, זעהר אַ געלערנטער קריסט און אַ פרומער. רײַדען פיעל האָט ער נישט ליעב געהאַט.

דער רוסישער גלח איז שוין געווען פּראָסטער, האָט וועניג גע־קענט, דערפאַר האָט ער אָבער מעהר הארץ געהאַט, און מיר האָבען גוט געלעבט צווישען זיך.

געווען איז דער רוסישער גלח א הויכער, א דיקער, א געזונדטער און א לעב-קינד. ער פלעגט קומען צופאהרען אויף דריי פערד און אבזיצען ביי מיר עטליכע שעה צייט.

פרומקייט האט ביי איהם געשפיעלט א קנאפע ראליע און אויף אנ׳עבירה׳לע איז ער געווען א גרויסער בעלן...

דער פוילישער גלח, ווידער, פלעגט מיך סטראשען, אז איך וועל קיין גן-עדן נישט האבען.

— חאצקעל, א יוד לאזט מען נישט אריין אין גן-עדן... א יוד האט מען דארטען פיינט...

און ער פלעגט א וויי טהאן מיט׳ן פינגער אויפ׳ן הימעל.

— מיט וואס ביזטו זיכער, אז דיך האט מען אויפ׳ן עולם-האמת ליעב? — פלעג איך איהם א פרעג טהאן.

אט אזוי האבען מיר זיך געאמפערט.

איינמאל, געדענק איך, האט ער מיר בעוויזען, אז אין ענין מופתים איז קריסטוס געווען גרעסער פאר משה׳ן. משה האט עס נישט געקענט מאכען. דהיינו, אז קריסטוס פלעגט קומען אין א שטאדט, זע-נען אויפגעשטאנען אלע מתים פון בית-עולם, וואס זענען שוין הונ-דערטער יאהרען געווען טויט, און געגאנגען איהם מקבל פנים זיין. דאס האט משה נישט בעוויזען. האב איך איהם אויף דעם געענט-פערט, וואס רבינו סעדיה גאון האט געזאגט ערגיץ ביי אנ׳אנדער ענין.

ווען מען דערצעהלט, למשל, אז א מענש האט אויסגעטרונקען א פאס וואסער פון צעהן עמער, א צווייטער, ווידער, האט אויסגעטרונ-קען א גאנצען ברונים מיט וואסער, א דריטער האט אויסגעטרונקען א גאנצען טייך, א פירטער — דעם ים אוקינוס, און מען פרעגט דער-ביי — ווער האט דא בעוויזען א גרעסערן וואונדער, דארף מען איינ-געפינען, אז אלע גלייך, ווארום אז א מענש, וואס קען מעהר נישט אויסטרינקען ווי א גלאז וואסער, האט אויסגעטרונקען צעהן עמער וואסער, איז דאס דער אייגענער וואונדער, ווי דעמ׳ס, וואס האט אויס-געטרונקען דעם גאנצען ים אוקינוס; ווארום ווי עס איז אונמעגליך אויסצוטרינקען דעם ים, אזוי איז אונמעגליך אויסצוטרינקען צעהן עמער וואסער.

און שפאלטען אים קען אמענש? און געבען וואסער פון א שטיין קען אמענש? און געבען עסען מן פאר ששים רבוי יודען אין א מדבר קען אמענש? דאס קען קיין מענש נישט בעווייזען און יענץ קען אויך קיין מענש נישט בעווייזען.

עס פערשטעהט זיך, אז מיר האבען איינער דעם אנדערן נישט געקענט מנצח זיין.

און איינמאל פרעגט ער מיך:

— ווי קענט איהר זאגען אין אייערע תפלות אתה בחרתנו מכל העמים, אהבת אותנו ורצית בנו ורוממתנו מכל הלשונות און אזוי ווייטער — דו, גאט, האסט אונז אויסגעוועהלט פון אלע פעלקער, דו האסט אונז ליעב, בעגעהרסט אונז און האסט אונז דערהויבען איבער אלעמען? סטייטש, — פרעגט דער גלח, — ווי קענט איהר זאגען פאר גאט אזא מאום'ן ליגען? מ'הרג'עט דאך אייך, מ'שעלט דאך אייך, מ'בראט דאך אייך, מ'שענדט אייך, מ'רייסט אייך און מ'טרעט אייך מיט די פיס און דערנאך קומט איהר זיך צו גאט מיט אזא גראבען ליגען? דאס איז דאך אנ'אונפערשעמטע זאך!...

— פריצ'ל, — האב איך איהם געענטפערט, — ווען דאס וואלט געווען נישט אזוי, טא פארוואס איז אייער קריסטוס געבוירען געווארען ביי יודען? איז דאך א סימן, אז גאט האט דאך אויסגעוועהלט די יודען פון אלע פעלקער!...

דאס האט ביי איהם אביסעל אבגענומען דעם קוראזש.

ביי מיינע שכנים, די ישוב'ניקעס, בין איך געווען א שטיקעל יחסן. איך קען, צום ביישפיעל, אביסעל לערנען, וואס דאס רוב פון זיי קענען דאס נישט. און אז איך פלעג קומען אלע שבת צום מנין אין ביאלע-קאזע ביים מילנער, פלעגט מען מיך בעטען שטעהן ביים ספר און טיילען די עליות.

די ישוב'ניקעס האבען נישט געוואוסט וואס צו טהאן מיט מיר, וואס פאר א טשין מען זאל מיר געבען. דעמאלט איז ביי זיי פערבליבען, אז אלס טשין, זאל מען ביי מיר מאכען דעם מנין צום דאווענען.

אז דער מנין איז געווארען ביי מיר, האט זיך אלע שבת פער-

גרעסערט דער עולם דאַונער. עס האָבען אָנגעהויבען וואָס ווייטער צוקומען מעהר ישוב'ניקעס פון אַרום און אַרום.

פאַר'ן מנין איז בײַ מיר געווען נאָר אַ בעזונדער מעלה. איך האָב אַבאָנירט דעם „מליץ" און דעם „מגיד". דאָס איז געווען אַ קוואַל פון נײַעס, נאָך וואָס דער עולם האָט אַזוי געגאַרט. מיט דער צײַט זענען מײַנע ישוב'ניקעס געוואָרען גרויסע „וועלט-פּאָליטיקער". זיי האָבען געשעפּט פון די צײַטונגען און זיך געטײַלט, ווי מיט אַ ביסען פון מויל.

ראָזענבלום, ווידער, האָט געהאַלטען אַ וואַרשויער טעגליכע צײַטונג, און אויף אַזאַ אופן האָב איך זיי מפּי ראָזענבלום געקענט געבען נאָך אַ מונדליכע בײַלאַגע מיט נײַעס און פּאָליטיק, אַזוי, אַז זיי האָבען געקענט אין פּאָליטיק פערררוקען אַ ביסמאַרק'ן הינטערן אויוועז... גאָט זאָל אָבהיטען, וואָס בײַ מיר האָט זיך צוטהאָן אין דעם זיבעציגסטען יאָהר, בשעת דער פּרײַסיש-פראַנצויזישער מלחמה. עס האָט געהודזשעט ווי אין אַ בינשטאָק, און אַלע זענען געווען פערשמײַעט.

אפילו אין מיטען וואָך פלעגען די ישוב'ניקעס אויך קומען נאָך נײַעס. אַ קליינינקײַט — אַ יוד נײַעס.

---

די וואָך, וואָס פאַר ראש-השנה, האָב איך שוין אָנגעהויבען מסדר צו זײַן ווי אַרויסצופאָהרען מיט'ן ווײַב און קינדער און מיט'ן גאַנצען האַק-און-פּאַק קײַן קרינקי אויף ראש-השנה. צוליעב שבת האָט בעדאַרפט זײַן דרײַ טעג יום-טוב. ראָזענבלום איז געפאָהרען אויף ראש-השנה און יום-כפּור קײַן וואַרשוי און אָנגעזאָגט אין הויף, אַז מען זאָל געבען צוויי גרויסע פורגאָנען צו צוויי פערד פאַר מײַנטוועגען אויף ראש-השנה קײַן קרינקי.

אַז עס קומט פאַר ראש-השנה, גרײַטען זיך שוין צו אַלע ישוב'ניקעס צו פאָהרען אין שטאָדט אַרײַן מיט'ן גאַנצען געזינדעל און מיט די קיך-געשיר און טיש-געשיר. קײַן איין יוד בלײַבט נישט איבער אין דאָרף אויף ראש-השנה. דער ישוב'ניק מעג זײַן ווי קראַנק, דאָס ווײַב מעג זײַן אַ קימפּעטאָרין — פאָהרט מען אין שטאָדט. מען פאָהרט מיט עופה'לעך, מיט קליינע קינדערלעך, מיט קראַנקע און שוואַכע. מאַכען

אין דער צייט אַמנין אין דאָרף, האָט נאָך קיינמאָל נישט געטראָפען. יעדער יוד מוז קומען אין שוהל צום יום-הדין.

אַז עס ווערט נעהנטער צו ראש-השנה, פאָהרען די מאַנסבילער מיט די ווייבער אין שטאָדט אַריין קויפען סחורה אויף מלבושים פאַר זיך און פאַר די קינדער. און ווער רעדט, פאַר די גרעסערע בתולות, וואָס שטעהען שוין אין שדוכים, מאַכט מען מלבושים מיט אַלע „שיקען".

רייכע ישוב'ניקעס פלעגען אַראָבבריגנען צו זיך אַ שניידער מיט אַ פועל און מען פלעגט איהם אָבהאַלטען ביי אַ חודש צייט. אַז די ישוב'ניקעס קומען אין שטאָדט אויף ראש-השנה, געהען זיי אין נייע קליידער, וואָס קנאַקען.

די שטאָדט-לייט זענען מקרב די ישוב'ניקעס, האָבען אויף זיי מיטלייד: זיי וואוינען, נעבעך, דאָס גאַנצע יאָהר אין דאָרף צווישען גוים, אָהן אַ בית-המדרש, אָהן אַ באָד און אָהן אַ מקוה...

די ישוב'ניקעס שטעלען זיך אַרוים ראש-השנה ברייט און האָבען בעזונדער הנאה, וואָס די שטאָדטישע מענשען ריידען מיט זיי און חבר'ן זיך מיט זיי. דאָס רוב פלעגען ראש-השנה געשלאָסען ווערען שדוכים. די אָרימערע, געפאַלענע שטאָדט-מענשען זענען זיך מתחתן מיט די בעלי-בתי'שערע ישוב'ניקעס, וואָס האָבען שטענדיג זייער שטיקעל ברויט. זיי לעבען אפילו פראָסט, אָבער ברויט האָבען זיי כמעט אַלע; ווער רעדט, די נגיד'ישע ישוב'ניקעס — די לעבען דאָך זעהר גוט.

אַמאָליגע ישוב'ניקעס פלעגען דאָס רוב נעהמען לעהרער פאַר אייניקלעך. זיי פלעגען בעטען אין שטאָדט ביי זייער פאַמיליע און גוטע פריינד, אַז מען זאָל אויסזוכען פאַר זייערע טעכטער אַ חתן פון די בית-המדרש-יונגלעך, וואָס דאָס רוב קומען פון פרעמדע שטעדט לערנען, ווי איך האָב שוין געשריבען פריהער. מען האָט דעמאָלט געחאַפּט לערנערס ווי מצה-וואַסער.

דער רעכטער מאַרק אויף חתנים פלעגט זיך שטעלען פאַר די ימים-נוראים. פאַר ראש-השנה פלעגט זיך יעדער ישוב'ניק אויסקלייבען אַ בחור — אַ לערנער, לויט זיין מצב, וויפיעל ער קען געבען נדן, און דאָס רוב פלעגט ראש-השנה געשלאָסען ווערען אַנ'אָבמאַך צווישען

די מחותנים מיט'ן יונגעל דעם לערנער, וואס זיינע עלטערן וואוינען ערגיץ נישט היע. דאס יונגעל מיט דער כלה האבען נישט געטארט ריידען צווישען זיך. מיט הייסע און פערבארגענע בליקען האט מען זיך פון דערווייטענס אנגעקוקט, און דאס הארץ האט געטיאקקעט, געטיאק־קעט, געטיאקקעט...

נאך ראש־השנה שרייבט דאס עלענדע יונגעל א בריעף צו זיינע עלטערן, אז ער איז געפעלען געווארען א ישוב'ניק, א פיינעם בעל־הבית אדער א נגיד, וואס וויל איהם נעהמען פאר אנ'איידעם. באלד פלעגט אזא יונגעל בעקומען פון די עלטערן א כח הרשאה, אז זיי זענען מסכים צום שדוך און באלד פלעגט מען שרייבען די תנאים. האבען דעם בחור'לס עלטערן געקאנט — זענען זיי געקומען צו די תנאים, אויב נישט, איז געווען רעכט אהן זיי...

אזעלכע לערנערס יונגע־לייט, טרעפט, אז זיי זענען גאר קנא־פע לערנערס. איינער האט חן מיט זיין אויסזעהן, איינער מיט זיין צינגעל. און אז די דאזיגע „לערנערס" קומען אן צו די שווערס אין די ישובים אויף קעסט, גיט מען אב דאס פאר־פאלק א בעזונדער חדר, און ער „לערנט" מיט דעם שענעם ניגון. עס קען זיין, אז ער קוקט גאר בעת מעשה אין ספר נישט אריין, ער זינגט נאר די גמרא, און שווער און שוויגער שעפען נחת...

צו זייער פרייד איז קיין גלייכען נישטא. טיעף אין הארץ זענען זיי זיכער, אז צוליעב דעם איידעם — דעם לערנער וועלען זיי האבען אויבינען גן־עדן. עס פערשטעהט זיך, אז געשעהן איז עם הויפטזעכ־ליך מיט די ארימע ישוב'ניקעס.

דאס ערשטע יאהר טהוט דער יונגערמאנטשיק נישט אריין קיין פינגער אין קאלט וואסער. ער עסט נאר דאס בעסטע און דאס שענס־טע, שלאפט א סך און זינגט די גמרא.

געהט אב א שטיקעל צייט, זאגט דאס איידימעל, אז ער דארף שוין האבען אנ'אנדער גמרא. די האט ער שוין אויסגעלערנט. לייהט דער שווער ביי די נגידישע ישוב'ניקעס א גמרא — די נגידישע ישוב'ניקעס האבען כמעט אלע געהאט ש"ס'ן — און דער שווער פרעהט זיך. אין א קורצע צייט ארום זאגט דער איידעם דעם שווער, אז ער האט שוין די מסכתא אויך אבגעלערנט און ער דארף שוין ווידער

אַנ׳אַנדערע מסכתא. פיהרט־אָב דער שוועהר די מסכתא מיט גרויס שמחה און ברענגט פון דאָס נייַ אַנ׳אַנדערע — און פרעהט זיך נאָכמעהר ווי פריהער.

די יונגע־לײַט האַלטען פעררינסען דעם קאָפּ אין שטוב, קוקען אויף אַלעמען מיט גאוה, און, וואָס זאָל מען זיך נאַרען, — די פויערים, וואָס קומען אַרייַן אין קרעטשמע טרינקען שנאַפּס, האָבען אויך דרך־ארץ פאַר די דאָזיגע בעלי־בית׳לעך.

— זייַ זענען געלערנטע... — מורמלען די פויערים מיט דרך־ארץ.

ישוב׳ניקעס האָבען זיך אויך ליעב מתחתן צו זייַן מיט אַנדערע ישוב׳ניקעס, זייערע שכנים, וואו די מיידלעך מיט די יונגלעך קענען זיך. צו די יונגלעך פלעגען זייַ אפילו האַלטען מלמדים. מיידלעך האָט מען ג אָ ר נ י ש ט געלערנט.

אַמאָל פלעגען עטליכע ישוב׳ניקעס נעהמען צוזאַמען אַ מלמד פאַר די יונגלעך; לערנען פלעגט מען בייַ איין ישוב׳ניק. דער דאָזיגער ישוב׳ניק פלעגט דעם מלמד בעקעסטיגען און פאַר די איבעריגע יונגלעך פלעגט דער מלמד נעהמען געצאָהלט. אַ מלמד פלעגט מען צאָהלען, געוועהנליך, אַ דרייַסיג, פיערציג רובל אַ זמן, פופציג רובל פאַר׳ן זמן איז שוין געוועזען אַ ג ו ואַ ל ד אָ ו נ ע סומע.

די דאָרפישע מלמדים האָבען אָבער דאָס רוב נישט געקענט לערנען און די ישוב׳ישע יונגלעך פלעגען אַרויסקומען ק אַ ל י ק ע ס.

רייַכע ישוב׳ניקעס האָבען, ווירקליך, געהאַט גרויסע לערנערס פאַר איידעמ׳ס. מיט געלד קען מען אַלץ דאָקאַזען. פאַר ניקאָלאַי׳ס צייַטען זענען בכלל וועניג ישוב׳ניקעס געוועזען, און שענע יודען האָבען דאָס אודאי נישט געוואָלט זייַן, זייַ האָבען דאָס געהאַלטען פאַר אַ מאוסע זאַך. יודען האָבען נאָר געהאַלטען אין אַרענדע קרעטשמעס אָדער פאַקטען.

נאָכ׳ן פוילישען אויפשטאַנד אָבער, ווען אַ סך יודען האָבען זיך בעזעצט אין די פוילישע מאַיאָנטקעס און אין די וועלדער, האָבען שוין איידעלע יחוס׳דיגע יודען געדונגען קרעטשמעס און פאַקטען בייַ די יודען־פריצים. דעמאָלט האָט די גאַנצע יודישע אַריסטאָקראַטיע אַרויסגעוואַנדערט אין דאָרף אַרייַן, און די ישוב׳ישע טעלטער האָבען זיך געקליידט מיט׳ן גרעסטען שיק. זייַ האָבען שוין באַלד אַראָבגענו־

מען אָדער שיִטער געמאַכט דעם שלעכטען שם פון ישוב׳ניִקסער עם־הארצות, וואָס איז דאָך פערבליִבען עד היום הזה. די ישוב׳ניִקעס פון די זעכציִגסטע יאָהרען האָבען שוין געלערנט זייערע מיידלעך, ווי די יונגלעך, און מלמדים האָט מען געהאַלטען אויסגעצייכענטע.

טאַקי אין דער דאָזיגער צייט האָב איך געהאַלטען מאַקאַראָווצי. דאָס איז שוין געווען אַ יאָהר זיבען, אַלט נאָכ׳ן פויליִשען אויפ־שטאַנד. כמעט די שענסטע און די פיינסטע און די רייכסטע יודען האָבען זיך בעזעצט אין די דערפער. אין מיין צייט זענען שוין די ישוב׳ניִקעס געווען גאַנצע מיוחסים. זיי פלעגען אריינפאָהרען אין שטאָדט אויף ראש־השנה מיט גרויס פּאָמפּע, און זייערע שטעט אין די שוהלען און ביתי־מדרשים זענען געווען פון די שענסטע.

פאַר ראש־השנה בין איך געפאָהרען קויפען שטעט. געווען אין קריניִקער שוהל גאָר אַ גרויסאַרטיגע שטאָט, סאַמע נעבען אָרון-קודש, וואָס דאָרט שטעהט אומעטום און שטענדיג דער רב.

איך האָב געדונגען די שטאָט און האָב מיך געפיהלט מיוחס׳דיג, געהויבען, אָבער דאָס רוב ישוב׳ניִקעס, ווי געזאָגט, האָבען געדונגען „שענע״ שטעט, און איך ווייס ניִשט, צי מיין תענוג האָט אריבערגע־וואויגען זייערן...

די קאָנקורענץ אויף כבוד איז געווען זעהר גרויס.

## ניינטעס קאַפּיטעל.

דאָס לעבען פון אַמאָליגע ישוב׳ניקעס. — ליובאָוויטשאָווע׳ס נביאות. — פאַן דאָבראָזשינסקי. — פאַן דאָבראָזשינסקי׳ס מעשיות. — זיין שכרות. — דאָס פערדעלע. — גענעראַל קיסלאַוו־סקי. — זיינע אָריגינעלע גענג. — די תאוה צו מוזיק. — יאָסעל לידער. — אַנ׳אייזערנער מענש, נאָר אָהן אַ האַרץ. — זיינע שפּיצ־לעך. — יאָסעל לידער מיט׳ן גובערנאַטאָר. — ראובן ויברח!

אין מיין צייט האָבען די ישוב׳ניקעס און די וואַלד־סוחרים גע־לעבט גרויסאַרטיג. די שטאָדט־לייט האָבען כמעט געלעבט פון די ישוב׳ניקעס, אַלע תבואה־סוחרים און האָלץ־העגדלער האָבען אַלץ גע־קויפט ביי יודען. די פּאָסעסאָרס האָבען געפיהרט אַ פּריצ׳יש לעבען. די קינדער האָבען זיך געפיהלט, ווי פּריצ׳ישע קינדער. די בעסטע מלמדים האָבען די פּאָסעסאָרס גענומען פאַר זייערע קינדער און די, וואָס האָבען געוואוינט נאָהנט פון די גרויסע שטעדט, האָבען אַריינ־געגעבען די קינדער אין גימנאַזיעס. דעמאָלט זענען אָפען געווען אַלע

לעהר־אַנשטאַלטען פאַר יודען. אויסערדעם זענען די גרעסטע לומדים געווען ישוב׳ישע אײדעמ׳ס, און דער יחוס, ווי געזאָגט, האָט זיך אַרי־בערגעפעקעלט פון שטאָדט אין דאָרף.

און אַז די ישוב׳ניקעס זענען אַרײַנגעפאָהרען אין די שטעדטלעך אויף ראש־השנה, האָבען זיך אויף די גאַסען בעוויזען שענע בריטש־קעס מיט שענע שפּאַנען און שענע יודען אין שענע קלײדער. מען האָט געבראַכט מיט זיך זילבערנע טיש־געשיר מיט גרויסע זילבערנע לײַכטער און יעדערער האָט זיך געסטאַרעט איבערשטײַגען דעם צווײ־טען מיט גרעסערער פיהרונג, מיט אַ ברײטערן לעבען, מיט׳ן קויפען די פײַנסטע עליות, מיט די טײַערסטע מאכלים, און פון זײ האָט זיך דאָס גענומען די מאָדע מכבד זײַן מיט פּירעשקעס. אויסערדעם האָט מען נישט געקאַרגט קײן זיסע שנאַפּסען און ווײַנען.

בנוגע צו מיר האָט ליובאָוויטשאָווע שוין געהאַט צו רײדען און צו קריטיקירען פאַר אַ סך זאַכען: פאַרוואָס איך בין פויל, לויט איהר מײנונג, פאַרוואָס בײַ מיר איז אַ גראָשען אַ ממזר, פאַרוואָס איך לײען ביכלעך און נאָך און נאָך.

— ער וועט שוין קײנמאָל אַ גראָשען נישט האָבען!...

אַזוי האָט זי אפילו געזאָגט מײַן ווײַב. אַז אַ מענש האָט אַ גראָ־שען, דאַרף ער דאָס אַוועקלעגען, בעהאַלטען. אַ גראָשען צו אַ גראָ־שען — ווערט אַ רובל. אַ רובל צו אַ רובל — ווערט צווײ, און הונ־דערט, און מעהר. איך האָב אָבער אַזעלכע שיטערע פינגער. אַ רובל איז בײַ מיר בלאָטע און אַרבײַטען וויל איך נישט, בין איך דאָך שוין געוויס אַ פערפאַלענער.

די קרעטשמע, ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט, האָב איך אַוועקגעשטעלט גוט. בײַ מיר זענען געווען פערשידענע גוטע ווײַנען, אַלערלײ בראָנפענס און קאָניאַקען, טײַערע ביערען, און צו מיר האָבען זיך געצויגען שליאַכטעס און פּויערים פון דער גאַנצער אַרומיגער גע־גענד. אין די זונטאָגען און אין אַלע גוי׳עשע ימים־טובים איז געווען געפּאַקט בײַ מיר די קרעטשמע מיט מענשען. די פּויערים זענען בײַ מיר געווען אין דער גרויסער שטוב, און די שליאַכטעס — אין די איבעריגע צימערן. אין די טעג האָב איך, פערשטעהט זיך, אויך שטאַרק געאַרבײַט, נישט ווי ליובאָוויטשאָווע זאָגט. איך האָב אפילו

געהאַלטען צווייִ מענשען צום דערלאַנגען, און מען האָט געמוזט גוט אָבהיטען דיִ אָרדנונג.

אין דיִ געוועהנליכע וואָכענדיגע טעג זענען געווען וועניג געסט, און איך האָב דערביי גאָרנישט געהאַט וואָס צו טהאָן. איך האָב נאָר גוט איינגעפיהרט, געבראַכט דיִ קרעטשמע אין אַ מוסטערהאַפטער אָרד־נונג, וואָס דיִ פריהערדיגע יורלעך האָבען אויף דעם קיינמאָל נישט געקוקט. איך האָב געהאַט צייט אויף אַלץ, נאָר דיִ פריצ'טע האָט סתם פיינט געהאַט, אַז אַ מענש האָט צייט...

האָט זיִ געהאַלטען אין איין קריטיקירען מיך. זיִ האָט אַלץ גע־זאָגט, אַז איך פּאַסט מיך בעסער פאַר אַ רב אָדער, להבדיל, אַ גלח אין אַ גרויסער שטאָדט. אַ רב און, להבדיל, אַ גלח זענען ביי איהר געווען מענשען, וואָס האָבען געמעגט נישט האָרעווען...

— נאָר ער טהוט און פילאָזאָפירט. ער איז דאָך עפּיס אַ יוד אַנ'אָרימאַן, פאַרוואָס זאָל ער נישט זעהען קומען צו אַ תכלית? יאָ, ער וועט שוין קיינמאָל קיין לייט נישט זיין, צו קיין געלד וועט ער קיינמאָל נישט קומען, און וואָס טויג אַ מענש אָהן געלד?...

דאָס רוב פלעגט זיִ דאָס איינ'טענה'ן מיט מיין ווייב. זיִ האָט אויך געהאַט דעם איינגענעם טעות, וואָס דער טאַטע, וועלכער האָט געמיינט, אַז מיין ווייב וועט מיך מאַכען פאַר אַ חסיד, קוים וועט ער נאָר אויף איהר ווירקען. דיִ פריצ'טע האָט אויך געמיינט, אַז מיין ווייב וועט מיך מאַכען פאַר אַ קאַרגען, פוסטען און האַרעפּאַשנעם פאַר־שונדיל, קוים וועט זיִ איהר נאָר געבען גוט צו פערשטעהן. און איך וועל געהן אין שייער און שאַרען מיט דער גראַבליע דיִ זאַנגען, וויִ ראָזענבלום טהוט.

אויף מיין ווייב האָט ליובאָוויטשאָווע שטאַרק געווירקט, אָבער קיין טובה איז דערפון נישט אַרויסגעקומען. מיין ווייב האָט נאָר געהאָרעוועט איבער דיִ כחות, וואָס מען האָט עס גאָרנישט בעדאַרפט.

איך האָב אָבער געטראַכט: צו וואָס דאַרף מען זיך איבער־האָרעווען, פון דיִ כחות אַרויסגעהן, בעת מען קאָן לעבען גאַנץ פיין אָהן אַזאַ אונמענשליכער גראָבער האָרעוואַניע?

צו וואָס פערפויערן זיך, פערגרעבט ווערען, קאַליע מאַכען

די אייגענע נשמה?... און ווי עס האט זיך ארויסגעשטעלט, בין איך געווען גערעכט. נאר וועגען דעם ווייטער.

דער פריץ דאבראזשינסקי, וואס האט פערדונגען זיין מאיאנטעק ליובאוויטשאווע'ן, האט געוואוינט טאקי ביי איהר אין הויף און דארט געגעסען און געטרונקען. ער האט נאך געהאט פאר וואס צו טרינקען. ער האט נאך פערמעגט א גרויסען וואלד אינ'ם הויף באַרקע, וואלקאווישקער אויעזד. פלעגט ער געבען די מאקאראווצער פויערים, וואס זענען געווען זיינע אמאליגע לייב-קנעכט, קוויטלעך אין באַרקער וואלד צו זיין וואלד-שומר, אז יענער זאל זיי ארויסגעבען צו עטליכע פוהרלעך האלץ. דערפאר האבען די פויערים איהם געקויפט בראנפען און האבען צוזאמען מיט איהם געטרונקען ביי מיר אין קרעטשמע. עס פערשטעהט זיך, אז דער פאן דאבראזשינסקי האט זיך ארומגעוואלגערט שטענדיג שכור. ביים טרינקען האט ער זיך מיט די פויערים און פויערטעס געקושט. פערבייסען האט ער ליעב געהאט מיט קעז, און אזוי האט ער זיך אינגאנצען פערפויערט.

אין הארצען איז ער אבער געווען זעהר אנ'איידעלער מענש מיט א גוטען כאראקטער. געוואקסען איז ער פון גרויסען יחוס.

זיין זיידע איז געווען אויבער-מארשאלאק פון ווילנער אקרוג. דער דאזיגער זיידע איז איינמאל ארויפגעגאנגען אין ביאלע-קאזע אויף א הויכען בארג, וואס אז מען שטעהט אויפ'ן שפיץ, קען מען זעהן אויף א ווייטען מהלך די ארומיגע פעלדער און דערפער, און האט געזאגט, אז אלץ, וואס זיין אויג זעהט, מוז זיין זיינס.

און אזוי איז טאקע געווען. ביי אזא מאכט און ביי אמאליגע יאהרען איז דאס נישט געווען שווער צו פערווירקליכען...

די דריי קינדער, וואס זיין זיידע האט געהאט, זענען אלע געווען צולאזענע און שארלאטאנעס. בעת דער זיידע איז געווען יונג, האט ער זיי נאך געהאלטען פעסט און נישט געלאזט שארלאטאנעווען. אבער אויף דער עלטער האט ער שוין קיין כח נישט געהאט זיי איינצוהאלטען, האבען זיי אנגעמאכט גרויסע חובות. זיי האבען זאגאר נאכגעפעלשט דעם פאטער'ס אונטערשריפטען און מען האט דערנאך געמאכט ליציטאציעס אויף א סך הויפען. דער זיידע איז פון צער און חרפה קראנק געווארען און אוועקגעשטארבען... די דריי ברידער מיט

אײן שװעסטער האָבען זיך צוטײלט מיט די מאַיאָנטקעס און מיט'ן מזומן: סך־הכּל אַ מיליאָן מיט צװײ־הונדערט־טױזענד רובּל. דער טאַטע זײַנער האָט געהאַט אויף זײַן חלק זעקס מאַיאָנטקעס: דרײַ נעבען מאַקאַראָװצי און דרײַ אין װאָלקאָװיסקער אויעזד, צוזאַמען מיט אַ גרויסען װאַלד און מיט אַ דרײַ הונדערט טױזענד רובּל מזומן.

דעם טאַטענס בּרידער האָבען אינגאַנצען פערשאַרלאַטאַנעװעט זײערע מאַיאָנטקעס מיט די געלדער. דער טאַטע איז אָבער געװען אַ בּיסעל אָבּגעהאַלטענער; די דאָזיגע מעלה איז נישט אַריבּערגעגאַנגען צום זוהן, דעם פאַן דאָבּראָזשינסקי, און ער האָט געמאַכט אַ חורבּן פון דעם טאַטענס אײגענס. די מאַיאָנטקעס האָט ער פערקויפט און איהם איז געבּליבּען נאָר דער הויף מאַקאַראָװצי מיט'ן בּאַרקער הויף און װאַלד און מיט'ן גאָלד־און־זילבּער־געשיר און די ציהרונג, װאָס ער האָט דערנאָך אויך פערקויפט.

ער איז געװען אַ קלוגער. לײַהען געלד האָט ער פײַנט געהאַט, נאָר ער האָט פערקויפט כּסדר אַלץ, װאָס ער האָט געהאַט. פערקויפט און געמאַכט געלד צום שאַרלאַטאַנעװען!...

— איך האָבּ אויך אָנגעהויבּען צו מאַכען חובות, האָט דער געװעזענער פריץ דערצעהלט, — דער טאַטע האָט געזעהן, אַז איך װעל אויך פון דעם בּיסעל געבּליבּענעם מאַכען אַ תּל, איז ער אַװעקגעשטאָרבּען... דאָס איז געװען אַ צװײ יאָהר נאָך מײַן חתונה. די מוטער איז אויך אין דעם יאָהר געשטאָרבּען. איז מיר געבּליבּען ירושה די צװײ מאַיאָנטקעס מיט צװאַנציג־טױזענד רובּל מזומן. איצט האָבּ איך אָנגעהויבּען רעכט צו לעבּען! איך האָבּ ליעבּ מוזיק, האָבּ איך געדונגען אַן אָרקעסטער פון פיערציג טשעכען, זײ זאָלען מיר שפּיעלען צום מיטאָג און אין די אָװענדען. געװאוינט האָבּ איך אין בּאַרקע. אויך האָבּ איך ליעבּ פערד, האָבּ איך געהאַט דרײַסיג פערד צו מײַנע שפּאַנען; מוזיקאַנטען און לאָקײען האָבּ איך געהאַט בּיז אַ זעכציג מאַן, און איך האָבּ נאָר כּסדר געטהאָן און געהוליעט, געמאַכט בּעלער, פערבּעטען צו זיך אַלע אַרומיגע פּריצים, געטאַנצט און געשכור'ט...

לײַהען געלד האָבּ איך אפילו אויסגעמײַדט. נאָר אַז מען האָט בּעדאַרפט, האָבּ איך נישט געקוקט דערויף, אַ בּטוח בּין איך געװען

אין דער ערשטער צייט. קיין צינזען האב איך נישט געזשאלעוועט, וויפיל איך האב געוואלט, האב איך געקראגען געלד צו לייהען און איך האב אזוי אבגעהוליעט א יאהר דריי. שפעטער אבער האבען די בעלי־חובות אנגעהויבען צו וועלען מאכען ליציטאציעס אויף מיינע הויפען. האב איך געקראגען ביי ליובאוויטשאווע'ן א היבשע סומע געלד און גערעגולירט מיט מיינע שטארקערע בעלי־חובות אויף פיערציג פראצענט. א סך האב איך אבער נישט אבגעצאהלט...

מיין פרוי האט געזעהן, אז איך האלט שלעכט, אז איך געה פערלארען און וועל קיינמאל נישט ארויסקריכען, האט זי מיט צוויי קינדערלעך אבגעטראטען פון מיר. זי האט זיך בעזעצט אין איהר מאיאנטעק, וואס איהר פאטער האט איהר געגעבען אין נדן, און איצט, ברודער־לעבען, וואלגער איך מיך... א שכור...

יא, ער האט נאך א דרייסיג־רובל'דיג פערדעלע, א קליינס, אנ'־ארימס, אויף וועלכען ער פאהרט אמאל רייטענדיג.

אזוי האט ער מיר איינמאל אין א ווינטערדיגען אוונד דער־צעהלט און פאר זיין מעשה האט ער געבעטען האנאראר: א פלעשעל שנאפס... איך האב איהם געגעבען, און ער האט עס באלד אויסגע־ליידיגט. ער איז געווארען שכור, און אז ער פלעגט זיין שכור, פלעגט ער זיך נאר חאפען קושען מיט וועמען עס מאכט זיך: פויערים, פוי־ערטעס — מיט אלעמען. מיר זאגט ער בעת מעשה, אז ער האט מיך אזוי ליעב, זאל גאט היטען, און חאפט מיך אויך קושען; געווען איז ער אבער זעהר א געזונטער, האט ער מיך בעת מעשה אזוי צוגע־שטיקט ביים קושען, אז איך האב נישט געקענט חאפען דעם אטעם און זיך בשום אופן נישט געקענט ארויסרייסען פון איהם, חאטש איך בין אויך נישט געווען קיין שוואך יונגעל. ער האט מיך אזוי געהאל־טען צוגעשטיקט דאס מויל צום הארץ עטליכע מינוט, ביז איך האב אנגעהויבען... חלש'ן.

צום גליק איז אריינגעקומען דוד דער שמיד. האט ער באלד דערזעהן, ווי איך בין אנמעכטיג און האט מיך ארויסגעריסען פון איהם א גע'חלש'טען. ער האט געמאכט א גוואלד, מען איז זיך צונויפ־געלאפען און אבגעראטעוועט מיך. ווען דער שמיד פערזוימט זיך א פאר מינוט, וואלט איך זיכער געבליבען א טויטער פון דאבראזשינס־

קי׳ם ליעבע. דערנאך האט ער זיך ארומגעזעהן, וואס ער האט דא געטהאן. ער האט זיך שוין א ביסעל אויסגעניכטערט. איז ער געפא־לען אויף די קניה, האט מיר געקושט אין די פיס, געוויינט מיט שכור׳ע טרעהרען און גע׳טענה׳ט, אז דאס איז נאר פון גרויס ליעבע צו מיר...

אט אזוי האט זיך דאבראזשינסקי אבגעלעבט פאר מיר ביי א יאהר צייט. ער פלעגט טרינקען כסדר בראנפען, און אז ער פלעגט שוין ווערען גוט שכור, פלעגט ער זיך זעצען אויפ׳ן קליינעם דרייסיג־רובלדיגען פערדעל און אוועקרייטען. ער איז געווען זעהר א גוטער רייטער, און האט זיך געקענט האלטען שכור׳ערהייד אויפ׳ן פערדעל. אמאל פלעגט ער אבער אראבפאלען אויך. נאר ער פלעגט זיך נישט שטארק צושעדיגען, מחמת דאס פערדעל איז געווען א קליינס און דער רייטער גרויס, הויך, אזוי, אז זיינע פיס פלעגען זיך כמעט שארען איבער דער ערד.

אזוי פלעגט ער זיך פאהרען קיין קריניק. זיין נסיעה איז גע־ווען קריניק. זונטאג פלעגט ער ארומרייטען איבער דעם שטעדטעל, ארום די קראמען, אלע פויערים און יודען נאך איהם, אבער קיינער האט איהם נישט געטהאן קיין רשעות, קיין שלעכטס, ווייל אלע האבען איהם, אייגענטליך, ליעב געהאט.

אזוי פלעגט ער מאכען זונטאג פרעהליך דעם מארק. אמאל פלעגט ער אריינפאהרען מיט׳ן פערדעל צום אסעסאר גלייך אין שטוב אריין, צובויגענדיג דעם קאפ צו דעם פערדעל׳ס האלז. אריינגעקוועטשט זיך מיט׳ן פערדעל אין שטוב אריין, פלעגט ער זיך האלטען ביים בויך, לאכענדיג. א גבורה האט ער בעוויזען. דערנאך איז ער פלוצלונג פער־שוואונדען געווארען און איך וויים עד־היום נישט וואו ער איז אהינ־געקומען. מסתמא געשטארבען ערגעץ אין גרויס עלענד.

צוליעב ראזענבלום׳ן האב איך זיך אויך געקענט מיט אלע ארומיגע פריצים. איך האב, דעם אמת זאגענדיג, געקענט מאכען מיט זיי געשעפט, אבער איך האב גאר וועגען קיין זאך נישט געקלערט. אלץ חקירה־ספרים, ביכלעך און וכוחים מיט מיינע עטליכע גוטע פריינד. פרנסה האב איך אריבער און אריבער. טא וואס פעהלט מיר?

---

געווען, געדענק איך, איינער א גענעראל קיסלאווסקי, וואס האט געוואוינט אין אוסנארזש, פיער ווערסט פון מאקאראווצי. ער האט געקויפט דעם מאיאנטעק צוואמען מיט נאך א גרעסערען פולווארק, וואס האט געהייסען ליבאוויטש, באלד נאכ׳ן פוילישען אויפשטאנד, פאר זיבען הונדערט רובל. דעם הויף ליבאוויטש האט ער פערדונגען א יודען אין ארענדע פאר דריי טויזענד רובל א יאהר, און אין אוסנארזש האט ער אליין געוואוינט. ער איז געווען א גענעראל׳ס אנ׳איידים; דער שווער זיינער איז געווען פון קיסר׳ס סוויטע, נאר ער האט זיך איינגעליעבט אין גראדנא אין א יודיש מיידעל, וואס איז געוועזען זעהר א שענע און האט מיט איהר חתונה געהאט. זיי האבען געהאט א טאכטער, וועלכע זיי האבען חתונה געמאכט מיט קיסלאווסקי׳ן, א יונג פון קאוואלעריע און א שענער.

דער שווער, דער גענעראל, האט שוין אזוי געפיהרט, אז קיסלאווסקי איז געוואקסען אלע דריי יאהר גרעסער און גרעסער אין זיינע טשינען, ביז ער האט בעקומען דעם טיטעל גענעראל, חאטש בטבע איז ער געווען זעהר א פוילער און האט פיינט געהאט ארבייט.

דערנאך האט איהם דער שווער געקויפט די אויבענדערמאהנטע מאיאנטקעס. ער איז ארויס פון מיליטער און געווארען א פריץ. דער שווער איז געשטארבען און די שוויגער, די יודישע טאכטער, האט זיך אויפגעהאלטען ביים איידים. געלעבט האבען זיי גוט מיט ראזענבלום׳ן און ליובאוויטשאווע׳ן און פלעגען פאהרען צו זיי אין געסט. ער איז געווען זעהר אנ׳איינגענארטיגער מענש מיט מאדנע אונפערשטענדליכע קאפריזען און אנשויאונגען. דעם פויער, וואס פלעגט קומען צו איהם אויף דער ארבייט, פלעגט ער אריינרופען צו זיך אין זאל אריין און דערקלערען, אז זיין ווייב שפיעלט זעהר שען פיאנע... בעת מעשה האט ער אריינגערופען דאס ווייב און געהייסען שפיעלען. און זי האט געשפיעלט. קיסלאווסקי׳ן איז געווען זעהר טשיקאווע דער איינדרוק אויפ׳ן פויער און ער פלעגט לאנג קוקען אויף איהם און נאכזוכען אויף דעם פויער׳ס אויגען דעם איינדרוק פון ראיאל... און אז דער פויער האט הנאה געהאט פונ׳ם שפיעלען, איז קיסלאווסקי געווען איבערגליקליך.

אזא טבע האט ער געהאט.

ווי מײַנער אַ שכן, האָבען מיר זיך גוט געקענט. אַז ער פלעגט פאָהרען פון ראָזענבלום׳ס הויף, איז כמעט נישט געווען דאָס מאָל, ער זאָל נישט אָבשטעלען די פערד געבען מײַן קרעטשמע, אַרײַנגעהן זעהען זיך מיט מיר. זײַן קוק, זײַן געהן, זײַן וואָרט — דאָס אַלץ איז געווען מאָדנע, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין דעם מענשען איז געלעגען עפּיס שטאַרקעס און אונבעגרײַפליכעס.

אײַנמאָל, זומער, בין איך פאַרבײַגעפאָהרען פאַרבײַ זײַן הויף. ער איז גראָד געשטאַנען בײַם טויער. געוועהנליך, האָט ער מיך פערבעטען צו זיך און מיר תיכף ומיד געוואָלט מכבד זײַן מיט זײַן ווײַב׳ס מוזיק...

מיט מוזיק האָט ער, אַפנים, געוואָלט פרובען דעם מענשענס נשמה.

איך האָב אָבער קײן צײַט נישט געהאַט און זיך אָבגעזאָגט דערפון. ווײַל איך נישט קײן מוזיק, פיהרט ער מיך ווײַזען זײַן מאַיאָנטעק. ער ווײַל מיר אויך ווײַזען זײַנע פערד און בהמות; אָבער אָנשטאָט צו ווײַזען מיר דאָס אַלץ, טהוט ער זיך מיט אַמאָל אַ דרעה אויס, חאַפּט-אָן אַ הוהן, וואָס איז דערבײַ געגאַנגען, און זאָגט פלוצלונג אַרויס:

— אָט באַלד לעגט די הוהן אַנ׳איי... פערשטעהסט? — אַנ׳איי...

און דער שענער, מאָדנער און אונפערשטענדליכער פריץ מיט די אונבעגרײַפליכע, אויסטערלישע און משונה׳דיגע קאַפּריזען, האָט זיך בעת מעשה שטאַרק פערטראַכט...

צו דעם פּעקעל אַמאָליגע פאַרשוינען און טיפּען געהערט אודאי יאָסעל לידער, אַ יוד פון קריניק.

דער יאָסעל האָט געהאַלטען די קריניקער קאַראַבקע, וואָס דאָס וואָרט אַליין, אַז מען דערמאָהנט עס, נעהמט דורך ווי מיט קעלט דאָס לײַב. און יאָסעל איז געווען דער ערגסטער, דער מערדערישסטער פון זיי. אַז מען זאָל צופּאַסען צו איהם די פּאָלקס-לידער, אין וועלכע עס ווערט אַזוי העסליך בעזונגען דער בעל-קאַראָבקע, וועלען זיי זײַן צו-שוואַך פאַר איהם.

אַ ישוב׳ניק, ווי די מאָדע איז, קוילעט זיך אַ בהמה צי אַנ׳אָקס אָדער עטליכע ישוב׳ניקעס נעהמען זיך צוזאַמען און קוילענען אַ פּאַר

אָקסען פאר אמאָל, דערנאָך זאָלצט מען דערפון איין גאנצע פּעסלעך פלייש. ווערט ווייניגער אין די פּעסלעך, קויפט מען ווייטער, דאָס רוב בשותּפות און מען זאָלצט ווידער צו. עסט מען אַ גאנץ ווינ-טער פלייש אויפ'ן דאָרף, אַזוי ווי די וועלף. עס קאָסט אַ פונט פלייש אפשר אַ גראָשען; אַמאָל פערדינט מען נאָך פונ'ם פלייש. מען פער-קויפט די פּויערים דאָס פעל, דעם הינטערשטען טייל. קוילען קוילעט מען, געוועהנליך, די גאנץ מאָגערע בהמות, וואָס גיבען וועניג מילך, אָדער גאנץ יונגע. דאַרף מען דאָך אָבער צאָהלען קאַראָבקע-געלד, קומט מען דורך מיט'ן קאַראָבעטשניק פאר פינף, צעהן רובל אַ יאָהר און מען איז פראַנק און פריי דאָס גאנצע יאָהר. קוילעט מען שוין וויפיעל מען וויל.

עס זענען אָבער געווען אַ סך ישוב'ניקעס, וואָס האָבען דעם קאַראָבעטשניק נישט געוואָלט געבען קיין געלד. פלעגט מען גנב'ענען ביי איהם, און אַז ער איז געקומען מיט דעסיאַטניקעס מאַכען אַ רע-וויזיע אויף די דערפער ביי די ישוב'ניקעס און זוכען גע'גנב'עטע פלייש, פלעגט מען בעהאַלטען דאָס פלייש אין אַ גוטען אָרט, אַז מען זאָל נישט געפינען. האָט ער אָבער אַמאָל דאָס גע'גנב'עטע פלייש יאָ געחאַפּט, פלעגט ער מיט דעם מאַכען שלעכטע געשעפטען. ער האָט דאָס פשוט נישט געהאַט וואו אַהינצוטהאָן, וואָרום אין שטאָדט וויל מען נישט עסען אַלט-געזאַלצען פלייש, וואָס די יויך פון דעם איז שאַרף ווי „ליאַק" פון אַ פּעסעל הערינג.

אָרימע-לייט פלעגען דאָס קויפען פאר גראָשענס. עס פערשטעהט זיך, אַז פאר דער בעל-קאַראָבקע איז געווען גלייכער צו נעהמען יאָהר-געלד פון ישוב'ניק.

מיט יאָסלען אָבער איז געווען אַנדערש. אַז ער איז געקומען מאַכען אַ רעוויזיע אויף פלייש, איז געווען נאָך ערגער ווי דער רעוויזאָר אויף פּאַטענטען. אַז ער האָט געחאַפּט ביי עמיצען פלייש, האָט ער צוגענומען פון שטוב פערשידענע חפצים, אַלס אַ משכון, אַז מען זאָל איהם גוט בעצאָהלען. ער האָט קיין מורא נישט געהאַט נישט פאר'ן אַסעסאָר און נישט פאר'ן איספּראַווניק. און קיין מורא האָט ער נישט געהאַט, ווייל זיי האָבען אַלע פאר איהם מורא געהאַט, פאר זיין רשעות'דיגען אימפּעט און, איבערהויפּט, פאר

זײַנע מסירות: ער האָט זײ געקענט פער'מסר'ן, וואו מען באַדאַרף. ער האָט געקענט אַ גובערנאַטאָר פער'מסר'ן, וואָרום ער האָט געוואוסט וואָס, ווי און וואו צו מסר'ן.

און יאָסעל לידער איז געווען בולשטעבליך אַ הערשער. ער האָט זיך נישט אָבגעשראָקען פאַר קײן טשינאָווניק. ער האָט געקענט צונעהמען חפצים און פעסלעך בראָנפען — און טהו איהם עפּעס.

דער ישוב'ניק האָט שוין געמוזט בעצאָהלען יאָסלען, וויפיעל יענער האָט זיך געהײסען, און אויף ווײַטער האָט ער איהם דערפאַר געמוזט צאָהלען נאָכמעהר — איבער דער נאָרם.

איך האָב, פערשטעהט זיך, אויך געקוילעט בשותפות מיט מײַנע שכנים, נאָר אײַנזאַלצען אַזוי ווי זײ אויף עטליכע חדשים, צי אַ האַלב יאָהר, האָב איך נישט געקאָנט. איך האָב אויך, ברוך השם, געגעסען אײַנגעזאַלצען פלײש, אָבער אַם-העכסטען פון אַ חודש צײַט. צאָהלען יאָסלען, האָב איך נישט געצאָהלט און — מוחל זאָל ער מיר זײַן — איך האָב אויך גע'גנב'עט... אַ צו-גרויסע סומע האָט ער געוואָלט.

איך האָב נישט געקענט איבערטראָגען זײַנע רציחות און איבערהויפּט — די אימה, די אימה!... אַז מען האָט דערהערט, אַז יאָסעל פאָהרט שוין איבער די דערפער אויף רעוויזיע, זענען אַלע טויטע געוואָרען.

עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב מיך אויך גענוג געשראָקען פאַר איהם, הגם איך האָב געהאַט אַ גוטען צד — ראָזענבלום'ן. מײַן „גע'גנב'עט" פלײש פלעג איך האַלטען פערשלאָסען בײַ ראָזענבלום'ן אין הויף און האָב יאָסלען אַ גראָשען נישט געצאָהלט.

יאָסעל האָט אויך געהאַלטען אַ ברויז פון בראָנפען און גע'גנב'עט אַקציז וויפיעל ער האָט געוואָלט. דער איספראַווניק, וואָס האָט נישט זעהר ליעב געהאַט יאָסלען, האָט שטענדיג געזוכט אַ געלעגענהייט זיך נוקם זײַן אָן איהם. עס איז אָבער געווען אַ מורא אָנצוהויבען זיך. אַ מסור — האַטש אַ יוד, איז דאָך אַ כח.

נאָר אײַנמאָל האָט דער איספראַווניק פשוט דערצעהלט דעם גובערנאַטאָר, אַז לידער גנב'עט זעהר פיעל אַקציז אין זײַן ברויז, אַז אַלע אַקציזניקעס האָבען מורא פאַר איהם, ווײַל ער איז אַ גרויסער

יאַבעדניק און אַמסור, און אַז מען מוז, ענדליך, אַריינשיקען עטליכע אַקציזניקעס מאַכען ביי איהם אַפּלוצלונגע רעוויזיע.

דער גובערנאַטאָר האָט געשיקט אַקאָמיסיע פון זעקס מענשען, וואָס זענען געקומען בייטאָג אין ברויז און געחאַפּט דרייסיג צעהן־עמערדיגע פּעסלעך שפּירט, וואָס זענען געלעגען פערבאָרגען אָהן אַקציז.

נאָר דער געשיקטער לידער האָט געחאַפּט אַהאַק און פּאַר זיי אין די אויגען צוהאַקט די פּעסלעך. דער שפּירט איז צורונען געוואָרען. דערנאָך האָט ער שנעל זיך אַריינגעוואָרפען אין אַגעשפּאַנטען וועגעל, איז אַוועקגעפאָהרען מיט'ן וועג צו סאָקאָלקע־צו און, אָבפאָהרענדיג עטליכע וויאָרסט, האָט ער זיך פערקירעוועט צו אַדערבייאיגען דאָרף, צוהאַקט מיט דעמזעלבען האַק דעם ראָד פון וואָגען און איז אַזוי אַריינגעפאָהרען אין דאָרף. געוועזען איז דאָס זונטאָג. אַלע פּויערים זענען געשטאַנען אויפ'ן פּלאַץ פאַר דער קרעטשמע.

יאָסעל האָט זיך אַריינגעריסען אין דער מחנה מיט זיין צובראָכענעם ראָד און זאָגט די פּויערים מיט אַנעבעכדיגען קול, אַז ער פאָהרט ערשט פון סאָקאָלקע, אַז אויפ'ן וועג איז איהם צובראָכען געוואָרען דער ראָד און ער בעט, זיי זאָלען איהם לייהען אַראָד צום וואָגען. ער מוז נויטיג פאָהרען אין ברויז אַריין: עס דאַרפען קומען אַקציזניקעס מאַכען אַרעוויזיע אין ברויז. אָהן איהם — וועט ער האָבען היזק. בעת מעשה נעהמט ער אַרויס דעם זייגער, גיט אַקוק דערויף און זאָגט, ווי פאַר זיך, נאָר הויך:

— שוין דריי אַזייגער!...

אין דער שעה דאַרפען זיי קומען, האָט ער מורא, אַז ער זאָל נישט פערשפּעטיגען.

— דריי אַזייגער! דריי אַזייגער! דריי אַזייגער! — האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אַצומישטער, — גיט מיר אַראָד, ס'איז דריי אַזייגער.

מען האָט איהם געגעבען אַראָד און ער איז אַוועקגעפאָהרען אין ברויז.

געוועזען איז אָבער דעמאָלט פיער אַזייגער!

די קאָמיסיע האָט געמאַכט אַפּראָטאָקאָל מיט אַפּרעטענזיע אויף צוויי־און־צוואַנציג טויזענד רובל און דערביי פערפיהרט אַקרימינעלע

דיעלע פאר'ן צוברעכען די פעסלעך פאר זיי אין די אויגען.

אין א פאר וואכען ארום האט דער סודיא ארויסגעפאדערט צום סוד לידער'ן מיט זיינע עדות — דאס גאנצע דארף פויערים (ער האט זיי אנגעגעבען פאר עדות) און זיי האבען אלע געשווארען, אז פונקט דריי א זייגער איז יאסעל געוועזען ביי זיי אין דארף, פאהרענדיג פון סאקאלקע מיט א צובראכענעם ראד; זיי האבען איהם דעמאלט פון מיטלייד געליהען א ראד. און... יאסעל איז ארוים פריי פון געריכט.

דער איספראווניק, דערהערענדיג, אז לידער איז ארוים פריי, האט בעקומען אפאפלעקסיע. א דיקער מענש איז ער געוועזען, און ער איז אויפ'ן ארט אנידערגעפאלען. דעם גובערנאטאר האט עס זיך אויך נישט געוואלט פערשוויינען. האט ער געשיקט נאך לידער'ן, ער זאל קומען צו איהם. יאסעל האט פערשטאנען, אז דער גובערנאטאר וועט איהם געוויס ארעסטירען און ער וועט זיך אזוי אבזיצען אין טורמע מי יודע ווי לאנג און עס וועט אפילו קיין האהן נישט א קריי טהאן. דאך איז ער אוועק צום גובערנאטאר.

דער גובערנאטאר האט איהם באלד פון אנהויב צורייצט א זאג געטהאן:

— דו וועסט ביי מיר פערפוילט ווערען אין טורמע!.. מאשעניק!..

יאסעל האט זיך אנגעשטעלט א קאלט פנים און דערויף גע-ענטפערט:

— און איך וועל דיך פער'מסר'ן, אז דו ביזט געוועזען א שותף ביים גנב'ענען געלד פון סיביר... גע'גנב'ט צוזאמען מיט א פארשוין, וואס יענער זיצט שוין פיער יאהר דערפאר אין טורמע... איך וויים, איך וויים אליץ!.. און דיינע הויפען, וואס דו האסט אין גראדנער או-יעזד, האסטו נישט געקויפט, נאר גענומען חאבאר ביי די און די פריצים.

דאס איז געוועזען נישט זעהר וויים פון אמת, און דער גובערנא-טאר האט זיך פערלארען, צומישט געווארען אויף א רגע, און יאסעל האט זיך ארויסגערוקט...

אין א פיערטעל שעה ארום, אז דער גובערנאטאר איז געקומען צו זיך, האט ער אויפגעהויבען די גאנצע גראדנער פאליציי אויף די

פּיס — מען זאָל זוכען לידער׳ן. אָבער ער איז שוין נישט געווען. ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלען.

און דער גובערנאַטאָר האָט זיך באַלד אַנגעגעבען אין דימיסיע.

אַז מען האָט דערנאָך געפרעגט יאָסלען, ווי שטעלט ער זיך איין צו רייַדען אַזוינע זאַכען אַ גובערנאַטאָר, און נאָך בייַ איהם אין שטוב, האָט ער זיך קאַלט געענטפערט:

— דער, וואָס טראָגט אייַנגעשמוצטע מלבושים, זאָל קיינמאָל נישט געהן זוכען פּליאַמעס אויף יענעמס קליידער. ער מעג זיך זייַן אפילו אַ גובערנאַטאָר.

און ער איז געבליבען דערזועלבער גולנ׳ישער בעל-קאַראַבקע, וואָס פריהער.

און נאָך אַ מעשה׳לע געדענק איך וועגען דעמזעלבען יאָסלען.

די שטאָדט קריניק האָט געהאַט אַ גרויסען קרימינעל-פּראָצעס. איך געדענק שוין נישט אויף קלאָר אין וואָס דאָ האָט זיך געהאַנ־דעלט. דאַכט זיך, אַז מען האָט עמיצען בעגראַבען אָהן אַנ׳ערלויבניש, בעת מען האָט גאָר דעם נפטר בעדאַרפט פאַלמעסען. נאָר דאָס ווייס איך, אַז צוועלף בעלי-בתים, די שענסטע פון די שטאָדט-גבאים און פון דער חברה-קדישא בראש מיט יאָסעל לידער, האָבען געזאָלט פערשיקט ווערען אין סיביר.

אין קריניק איז אַראָבגעקומען די סעסיע פון אָקרוזשנאַי סוד, די גאַנצע שטאָדט איז געווען אויף די פיס. עס האָט געקאָכט און געטומעלט. מען האָט מורא געהאַט פאַר איין עדות — אַ קברות-מאַן, וואָס אויף איהם האָט זיך אייגענטליך געשטיצט דער גאַנצער בעשולדיגונגס-אַקט.

וואָס טהוט מען מיט איהם? ער וועט דאָך געוויס אומגליקליך מאַכען די שטאָדט. פאַקען איהם פריהער איז געווען שווער. די פּאָ־ליציי האָט איהם שוין פריהער פערהאַלטען און געבראַכט אין סוד אריין. די פּאָליציי האָט איהם געהיט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

אַז עס האָט זיך אָנגעהויבען דער משפט און עס איז געקומען צו דעם דאָזיגען קברות-מאַן, האָבען אַלע אַ ציטער געטהאָן. אָט וועט ער אַלעמען אומגליקליך מאַכען. יאָסעל לידער איז געווען שרעקליך

רויט און אויפגערעגט, און פלוצלונג האט ער אנגעהויבען שרייען מיט מאוים׳דיגע קולות, אנחאפענדיג זיך פאר די ציינער:

— ראובן ויברח, ראובן ויברח, ויברח, ויברח!..

פרענט דער פארזיצענדער, וואס שרייט ער אזוי, הויבט זיך אן יאסעל צו בויגען און צו קנייטשען, דריקען מיט די הענד די באק און שרייען ווי א וואלד-חיה:

— אוי די ציינער!.. ראובן ויברח!.. די ציינער, נישט פאר אייך געדאכט... ראובן ויברח... פון די ציינער קאן איך גאר נישט לעבען... ראובן ויברח... פליטה, פליטה... פליטה...

דערזעהן א מענש פייניגט זיך מיט די ציינער, איז מען געלאפען נאך עפיס א מיטעל, און ראובן דער קברות-מאן, וואס האט פערשטאנען דעם טייטש פון די דאזיגע געשרייען, האט זיך אין דער-גיך ארויסגעדרעהט. אז יאסעל, וואס האט קלוג און גנב׳יש נאכגעהיט ראובנ׳ען אין די סאמע שרעקליכע געשרייען האט בעמערקט, אז די סכנה האט געמידען, איז אנטרונען געווארען, האט ער צוגענומען די האנד פון באק און האט רוהיג ארויסגעזאגט:

— מיר איז בעסער געווארען...

און דער סוד האט אלעמען בעפרייט. עס האט געפעלט דער סאמע וויכטיגסטער עדות, אויף וועלכען עס האט זיך געשטיצט דער בעשולדיגונגס-אקט...

## צעהנטעס קאַפּיטעל.

ראָזענבלום׳ס וואַלד. — מיין וואַלד-שטעלע. — אַ שטיבעלע אין וואַלד. — „ער וועט זיין אַנ׳אָרימאַן“! — אַדוואָקאַטען. — דאָבראָזשינסקי. — מלבושים מעשה-דייטש. — מיין טאַטענס בריעף. — מכנסים. — מיין בריעף. — אַ נייער וכוח מיט׳ן טאַטען.

צו דער צייט האָט ראָזענבלום געקויפט אַ וואַלד, אַ וויאָרסט צעהן פון אונז, פאַר אַ קליינע סומע געלד — אַכט הונדערט רובל. דאָס איז געוועזן אַ געדיכטער וואַלד פון מעהר ווי אַ האַלב וויאָרסט די לענג און אַנ׳ערך אַ פיערטעל וויאָרסט די ברייט — ברען-האָלץ און מאַטעריאַל-האָלץ. האָט ער מיך גענומען, איך זאָל פערקויפען דעם וואַלד די אַרומיגע פויערים אויפ׳ן שטיק. מיר האָבען בעשלאָסען, איך זאָל דריי טעג אין וואָך: דינסטאָג, מיטוואָך און דאָנערשטאָג פערקויפען וואַלד. פלעג איך אַרומפאָהרען אין די מאַרק-טעג אין די אַרומיגע דריי שטעדט, קריניק, אַמדור און סאָקאָלקע, מיט צוויי דעסיאַטניקעס: איין דעסיאַטניק האָט געפויקט מיט אַ האַמער אין אַ מעדני-

צע, און דער צווייטער האָט אויסגעשריגען פאַר'ן געזעמעל פון פויערים, אַז דריי טעג אין וואָך ווערט פערקויפט אָרטשעקיער וואַלד אויף האָלץ.

פויערים מיט פוהרען, מיט העק, זענען שוין געווען אין וואַלד. איך האָב זיי פערקויפט די בוימער און זיי האָבען אויסגעהאַקט. דעם ערשטען טאָג איז נאָך מיט מיר געווען ראָזענבלום, דערנאָך איז ער אַוועקגעפאָהרען.

דער וואַלד, ווי אַ געשעפט, איז מיר געפעלען געוואָרען. איך האָב איינגעזעהן, אַז מען קען דאָ מאַכען אַ גוט געשעפט. אַז מען זאָל דינגען זעגערס, אויסהאַקען די בוימער און שניידען ברעטער פאַר פערשידענע בוי-הייזער, קען מען אַרויסנעהמען אַ שטיק געלד פון איהם. און איך האָב דאָס געזאָגט ראָזענבלום'ן. ער האָט זיך מישב געווען מיט ליובאָוויטשאָווע'ן; אָבער זיי האָבען זיך נישט געקענט פערדרעהען מיט אַזאַ מין עסק. זיי האָבען געהאַט גענוג אַרבייט אָהן דעם. דערווייל איז ביי זיי פערבליבען, אַז מען זאָל פערקויפען די ערגערע בוימער, דערנאָך וועט מען זיך מישב זיין.

איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז ליובאָוויטשאָווע'ס קאָפּ, אַז זי האָט מורא, טאָמער וועל איך מיך דאָ מאַכען אַ פאָדראַד פאַר פערגעניגענס, פאַר לעדיג געהן, ווי זי פלעגט זיך ליעב האָבען אויסצודריקען וועגען מיר. נאָר פערפאַלען.

פלעג איך פאָהרען דריי טאָג אין וואָך אַלע אין דער-פריה אין וואַלד אַריין און אַ גאַנצען טאָג פלעג איך מעסטען וואַלד. יעדער פויער האָט זיך פריהער אויסגעקליבען אַ בוים, וואָס איז איהם געפעלען געוואָרען. דערנאָך איז ער געגאַנגען צו מיר, איך זאָל איהם פערקויפען. אויף דעם געקויפטען בוים האָב איך געלעגט אַ שטעמפּעל: מיט אַ גוטען סטאָלענעם, שווערען האַמער פלעג איך אויסקריצען די פאַמיליע ראָזענבלום. און דער פויער האָט איהם אויסגעהאַקט. די פויערים פלעגען מיך כסדר אַרומשלעפּען פון איין עק וואַלד אין אַ צווייטען. דער האָט מיך געשלעפּט אין מזרח, יענער אין מעריב, אָהן אַ סוף.

די היצען זענען דעמאָלט געווען גרויס. מיר פלעגט זעהר דורשטען, קיין וואַסער איז אָבער נישט געווען. פלעג איך ברענגען מיט

זיך אַ פּעסעלע וואַסער, אָבער דאָס פלעגט באַלד ווערען וואַרים, און מען האָט עס נישט געקענט טרינקען. איך האָב געהייסען אויסגראָבען אַ טיעפען גרוב, אַריינשטעלען אַהין דאָס וואַסער — האָט עס אויך נישט געהאָלפען.

דעמאָלט איז מיר איינגעפאַלען אַ מאָדנער פּלאַן אין קאָפּ. ווינ-טער, למשל, וועל איך דאָך אויך דאַרפען זיין אין וואַלד און פאָהרען צוריק אויף דער נאַכט אַהיים איז כמעט ווי אוממעגליך: פרעסט, וועלף, אומעט. איז כדאי שוין איינגענטליך אויפצובויען דאָ אַ קרעטשמע, מיט אַ גוטען ברונים און איך וועל זיין געזיכערט פון אַלץ: פון קעלט, פון הונגער און פון דורשט. בוי-מאַטעריאַל קען מען נעהמען פון וואַלד, און די אַרבייט וועלען מאַכען די פויערים. אָנשטאָט געלד פאַר דער אַרבייט, וועל איך זיי געבען בוימער. דאָס אַלץ וועט אַ גראָשען נישט קאָסטען, אויסער דאַרטען ציגעל, קאַכעל צו די אויוועגס.

די קרעטשמע וועל איך פערדינגען אַ יודען, און איך וועל מיר דאָרט האָבען מיין קאַנטאָר, און אַז איך וועל ביים יודען דאָס ערשטע יאָהר קיין אַרענדע-געלד נישט נעהמען, וועט ער שוין מיך גוט צו-זעהן. ער וועט מיר מאַכען דעם סאַמאָוואַר, קאָכען עסען און איך וועל דאָס לעבען אַ טאָג אויף צופוקעניש דער פּריצ'טע.

מיין פּלאַן איז ראָזענבלום'ן געפעלען געוואָרען און ער האָט איינגעשטימט. איינגענטליך, פאַרוואָס זאָל ער זיין דאַגעגען? ווינטער איז דאָך דאָס אודאי נויטיג.

איך בין צוגעטראָטען צו דער אַרבייט, און אין דריי חדשים אַרום האָב איך אויסגעשטעלט אַ קרעטשמע — אַ ליאַלקע, אַ גרויס הויז מיט צוויי צימערן און מיט אַ קאַנטאָר'ל פאַר מיר בעזונדער און מיט אַ סטאַדאָלע און מיט אַ טיעפען ברונים, וואו מען האָט געטראָפען גוט וואַסער.

אַז עס איז פאַרטיג געוואָרען, איז ראָזענבלום געקומען מיט דער פּריצ'טע בעקוקען די קרעטשמע. זיי איז געפעלען געוואָרען. זיי האָ-בען מיר אפילו בעדאַנקט, אָבער איך האָב געקוקט אין דער פּריצ'טעס אויגען און אַרויסגעלייענט דאָרט, אַז זי פערגינט מיר נישט דעם תענוג...

אויפ'ן וועג, צוריקפאָהרענדיג, האָט די פּריצ'טע, ווי איך האָב

מיר דערוואוסט, אָנגערעדט אויף מיר פאר ראָזענבלום׳ן. איהר טענה איז געווען, אַז מען טאָר מיך נישט צולאָזען צו אַ געשעפט. איך וועל נאָר שמייסען מיט געלד און ווייטער גאָרנישט.

— אַ קרעטשמעלע וועט ער זיך אויסשטעלען... צו דעם טויג ער... — האָט זי געוואָרטשעט.

איך האָב נאָכאַמאָל געזאָגט ראָזענבלום׳ן, אַז מען קען דאָ מאַכען אַ גרויס געשעפט, אַז מען קען דאָ פערדינען שען געלד.

אָבער די פריצ׳טע האָט איהם נישט געלאָזען. מען האָט מיר געהייסען פערקויפען די בוימער זעהר ביליג, אַזוי, אַז אין אַ יאָהר צייט זאָל זיין פערקויפט אינגאַנצען; איך האָב פערלאָרען דעם מוטה.

אין די גרויסע נעכט בין איך פערבליבען אין וואַלד מיט מיין פערדיל און בריטשקע. איך האָב מיר געהאַט מיט זיך אַ גאַנצען טהיי-סערוויז. די קרעטשמע האָב איך פערדונגען אַ יודען דאָס ערשטע יאָהר אומזיסט.

דעם גאַנצען ווינטער האָב איך פערקויפט וואַלד, אָבער אַזוי ביליג, אַז אַלע האָבען געלאַכט פון מיר, און פאַרטאָג פלעגען אָנקומען מיט פוהרען אַ פּאָר הונדערט פויערים און שליאַכטעס. איך האָב געאַרבייט די דריי טעג אין וואַלד זעהר אַ סך: פון פינסטער ביז פינסטער. דער ווינטער איז געווען גאָר אַ שווערער, גרויסע פרעסט, גרויסע שנייען, און די קונים האָבען מיך אין די גרויסע שנייען, זאַווערוכעס, אומגעשלעפט כסדר איבער׳ן וואַלד.

אין קאַנטאָר פלעג איך דעמאָלט אַריינפאַלען זעהר אַ פערמאַטערטער, אָבער דער סאַמאָוואַר איז שוין געשטאַנען גרייט, און דאָס האָט מיך דערקוויקט. איך האָב געטרונקען און געגעסען, דערנאָך געלעגען עטוואָס און געטראַכט זיך פון מיינע זאַכען.

איך האָב מיר געמוזט מאַכען נייע קליידער פאַר׳ן וואַלד, למשל, אַ האַלב פעלציל, אַ גוטען, וואַרימען פוטער, שטיוועל מיט וואָליקעס, טיעפע קאַלאָשען, אַ וואַרימען, אַ גוטען הוט, הענדטשקעס — דאָס אַלץ מוז מען האָבען צו אַ וואַלד. שכירות האָב איך גענומען זעכציג רובל אַ מאָנאַט.

נאָר אַז איך בין געקומען דאָנערשטאָג ביינאַכט פון וואַלד אַהיים אין מאַקאַראָווצי און בין אין די נייע „וואַלד-קליידער״ אַריינגעגאַנגען

אין הויף צו ראָזענבלום׳ן, האָט די פריצ׳טע געפּלאַצט, צוזעהענדיג.

— ער וועט זיין אַן אַ׳אַרימאַן, זאָל איך שוין אַזוי לעבען!... — האָט זי געשיפּעט ווי אַ שלאַנג.

און טאַקעלוויז, מען מוז מודה זיין, איז אפשר ליובאָוויטשאָווע גע־רעכט געווען...

הנאה האָב איך נעהאַט אין די שענע ווינטער־אָוועגדען, ביי אַ גוטען שליט־וועג, פאַר דער לבנה, אַריבערפאָהרען אויף מיין קליין שליטעלע קיין סאָקאָלקע, אַ ווערסט צעהן. דאָרט האָב איך געהאַט מיינע צוויי חברים, פּאָליאַקעוויטש און ברוך-ליב׳ס זוהן. מיין פאָהרען די צעהן ווערסט האָט קיין האַלבע שעה נישט געדויערט. מעהר בין איך געפלויגען ווי געפאָהרען. אַמאָל האָב איך מיך איבערגעקעהרט מיט׳ן שליטען אין שניי, אָבער ס׳איז אָהן סכנה — אַריין צוריק אין שליטעל און היידאַ ווייטער.

אין סאָקאָלקע פלעג איך פערברענגען אַ צוויי שעה, און אַ זייגער נײַן בין איך שוין געווען צוריק אין קאַנטאָר. דער סאַמאָוואַר איז גע־שטאַנען פאַרטיג, און אַזוי האָב איך דורכגעשטופּט דעם ווינטער.

דעם וואַלד האָב איך כמעט אינגאַנצען פערקויפט, אָבער זעהר ביליג; לייזען פלעג איך אַלציג, נײַנציג רובל אַ טאָג. ראָזענבלום האָט פערדינט פון וואַלד שענע עטליכע טויזענד רובל, און נאָך פּסח האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל שוין מעהר נישט די שטעלע.

דער וואַלד איז שוין שיטער; איך האָב געקראָגען אַ סוחר, וואָס האָט געגעבען פאַר דאָס ביסעל שיטערע בוימער פינף־הונדערט רובל און הונדערט־פופציג פאַר דער קרעטשמע.

יענער יוד האָט אויך פערדינט אַ טויזענד רובל. איך האָב קיין טעות נישט געהאַט. וואָרום אַז ראָזענבלום האָט זיך דערנאָך געזעהן מיט נאָך אַ יודען, אַ פּראַקטישען וואַלד־סוחר, האָט יענער געזאָגט, אַז אין דעם וואַלד האָט מען געקענט פערדינען ביי אַ פופציג טויזענד רובל. דעמאָלט האָט שוין ראָזענבלום אויך חרטה געהאַט, וואָס ער האָט נישט געפאָלגט מיין עצה.

פאַן דאָבראָזשינסקי׳ס בעלי־חובות האָבען אָנגעהויבען פאָדערן ביי איהם דאָס געלד דורכ׳ן גערילכט. זיי האָבען געוואָלט צונעהמען ביי ראָזענבלום׳ן דעם הויף מאַקאַראָווצי און פערקויפען אויף אַ ליציטאַציע.

ראָזענבלום האָט גענומען צום משפט דריי אַדוואָקאַטען פון גראָדנאָ, צווישען וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען ישראל־חיים פרידבערג, דער קאַמעניצער שרייבער, וואָס דאַרף זיין בעקאַנט מיינע לעזער פונ'ם ערשטען טייל. די משפטים זענען אַוועק אין סענאַט; דאָס האָט אָבגעקאָסט ראָזענבלומ'ן אַ סך טויזענדער. דריי יאָהר האָט עס זיך געצויגען. אָבער ראָזענבלום האָט געוואונען.

דערווייל האָב איך מיך בעקאַנט מיט די אַדוואָקאַטען, וואָס ראָזענבלום האָט גענומען. בעת ראָזענבלום האָט קיין צייט נישט געהאַט, בין איך געפאָהרען צו זיי. דעמאָלט בין איך נאָך געגאַנגען לאַנג געקלייידט, און אַז איך בין איינמאָל אַזוי אַריין צום אַדוואָקאַט קנאַריזאָווסקי, בעת ביי איהם איז געווען פערזאַמעלט די גראָדנער אינטעליגענץ, האָט ער מיך אויפגענומען נישט זעהר העפליך.

געוועהנליך, האָב איך מיך בעליידיגט און באַלד אַוועקגעפאָהרען אַהיים. ראָזענבלומ'ן האָב איך געזאָגט, אַז איך האָב קנאַריזאָווסקי'ן נישט איבערגעגעבען אַלץ וועגען זיין ענין און אַז איך וועל מעהר צו איהם נישט פאָהרען.

— ער איז אַ בעל־גאוה און האָט מיך שלעכט אויפגענומען.

ראָזענבלום האָט איהם געשריבען אַ בריעף וועגען דעם. דער אַדוואָקאַט האָט זיך פערענטפערט און דערביי מוסף געווען, אַז אַ לאַנגע קאַפּאָטע פאַר געסט איז נישט איבעריג שען...

ראָזענבלום האָט אייַנגעפונען, אַז דער אַדוואָקאַט איז גערעכט און ווילענדיג־נישט־ווילענדיג (ניין, גיכער ווילענדיג), האָב איך מיר אָנגעטהאָן קורץ־געקלייידט, מעשה־דייטש, די הויזען אַריבער די שטיוועל. געהענדיג אַזוי מעשה־דייטש אין גאַס, אין גראָדנאָ, בעגעגען איך אַ קאַמעניצער יודען פון דעם זיידנעם גוטע פריינד. דערפרעהט ער זיך מיט מיר און איך בעט איהם, ווי די מאָדע איז, ער זאָל אָבגעבען אַ הערצליכען גרוס דעם טאַטען און דעם זיידען מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

אין עטליכע וואָכען אַרום בעקום איך אַ בריעף פון טאַטען מיט דער מאַמע'ן. בייַנאַכט, אַז איך בין שוין געלעגען אין בעט, האָב איך געלעזען דעם טאַטענס בריעף. שרייבען שרייבט ער מיר אונגעפעהר בזה הלשון:

„מײַן זוהן, אין קאַמענעץ האָט מיר שלום-בעקער אָבגעגעבען אַ גרוס פון דיר. פרעג איך, וואָס מאַכט מײַן זוהן, ווי זעהט ער אויס? זאָגט ער: עט! ער געהט שוין די הײזען איבער די שטיוועל. איז מיר ממש פרחה נשמתי, ס'האָט מיר געגעבען אַ קלאַפּ אין הארצען, ווי מיט אַ קויל, און איך בין געוואָרען צומישט. אין מײַן גאַנץ לעבען ווײס איך נישט פון קײן גרעסערן אומגליק, ווי דאָס, און איך האָב פון צער דרײַ טעג נישט געגעסען. איך בין געקומען אהײם אין פאַסעקי, האָב איך געטראָפען אַ גאַסט — דײַן שווערין הדס, דעם רב'ס שנוהר, האָבען זײ אָן מיר דערקענט, אַז איך בין שטאַרק פער'מרה-שחורה'ט, און איך האָב זײ געמוזט דערצעהלען פון שלום בעקער'ס גרוס און עס איז געוואָרען אַ געװײנערײַ, און דײַן מאַמע מיט הדס'ן האָבען לאַנג, לאַנג געוויינט.

„זאָג איך דיר, מײַן זוהן, אַז איך וואָלט בעסער געוואָלט הערען פון דיר אַ גרוס, אַז דו געהסט אין אַ צוריסענער קאַפּאָטע, אײדער די הײזען איבער די שטיוועל, און איך שרײַב דיר קורץ: אויב דו וועסט מיר נישט שרײַבען, אַז דו האָסט אַרײַנגעטהאָן די הײזען אין די שטיוועל, אַזוי ווי דײַן טאַטע געהט און אַזוי ווי אונזערע אָבות אבותינו געהען, וועל איך דיר נישט זײַן קײן טאַטע".

דער בריעף האָט מיך אויפגערעגט. עס האָט מיך גענומען טרײַסלען, אין בעט ליעגענדיג. פאַר יענער צײַט פון השכלה און צוזאַמען דערמיט אויך פאַר מײַן יענעם נאַרישען שכל איז דאָס געווען אַ בריעף פון סאַמע „פאַנאַטיזם און פינסטערניש"...

— און וואָס איז, אַז ער איז אַ טאַטע? האָב איך מיט רציחה געטראַכט: — וואָס איז דאָ אַזוינס? קײן גרויסער קענער איז ער נישט, העברעאיש קען איך בעסער פון איהם, קײן ירושה האָב איך אויך נישט צו נעהמען בײַ איהם. און ער זאָגט זיך דאָס אָב פון אַ טאַטע?

און בײַ מיר איז געבליבען, איך זאָל איהם שרײַבען אַ גרויסען צו-להכעיס-בריעף, וואו איך וועל איהם זאָגען אָפען, אַז אַרײַנטהאָן די הײזען אין די שטיוועל וועל איך דאָך נישט, אַז איך געה שוין איצט אינגאַנצען קורץ געקלײדט און — פערפאַלען. אַזוי וויל איך.

די מאַמע ווידער, האָט שוין געשריבען, ווי אַנ'אמת'ע יודענע.

דער בריעף איז געווען נישט קיין בריעף, נאר א גרויסע מגילה, מיט געוויינען און געוואלדעריי:

„חאצקעלע, דו געהסט שוין אין לאנגע מכנסים? דיין טאטע, דיינע זיידעס געהען נישט אין לאנגע מכנסים. און וואסער עהרליכער יוד געהט אין לאנגע מכנסים? בעט איך דיך, מיין ליעבער און טייערער זוהן, אז דו זאלסט שוין נישט געהן מעהר אין לאנגע מכנסים". אזוי האט זי מיר אנגע'מכנסים'ט, אז מיר האט פאר די אויגען געגוּמען פינטלען.

דעם טאטען האב איך דאך נישט געשריבען דעם בריעף. בערוהיגט האב איך מיך דערויף, וואס איך וועל מיט איהם קיינע געשעפטען נישט האבען מעהר. אז ער איז אוים טאטע, בין איך אוים זוהן.

אזוי זענען אוועקגעגאנגען א פאר חדשים. בּיסלעכווייז האט מיר דאס הארץ גענומען וועה טהאן. איך האב מיך דערמאהנט אן מיין טאטענס צער. אזא ליעבער יוד, אזא טייערער מענש, אזא הארציגער טאטע, נו, וואס איז ער שולדיג, אז ער קאן פארט נישט צוזעהן ווי מען טראגט קורצע קליידער? דערויף איז ער דאך א פרומער און אן איבערגעגעבענער יוד פון אלטען דור? אגב איז ער דאך זיכער, אז זיין זוהן וועט פאר די קורצע קליידער פערפאלען ווערען אין כף הקלע אויף אויביג. ער ווייס, אז איך בין „אנ'אויפגעקלערטער", און ער האלט דאך מיט אנ'אמת, אז איך בין געחאפט אין דער מעשה, ווארום איך שרייב דאך שוין אזוינע העברעאישע בריעף מיט הויכע מליצה...

מילא, אז איך בין נאך געגאנגען לאנג געקליידט, האט דאס איהם געדיענט פאר א שטיקעל סימן, אז איך האלט זיך נאך ביי יודישקייט, אבער איצט, אז איך האב דאס שטיקעל סימן אראבגעווארפען פון זיך, האט ער מורא, זעהר מורא פאר מיר. וואס וועט ווערען פון מיר?

היינט וואס-זשע טהוט מען?

שרייבען איהם, אז איך וועל שוין געהן די הייזען אין די שטיוועל, וויל איך נישט. צו וואס זאל איך ליגען? טהאן ווידער צוליעב דעם טאטען, האב איך אויך נישט געקאנט: די לאנגע קליידער זענען

מיִר שוין לאַנג דערעסען געוואָרען, איךְ האָב מיךְ געשעמט מיט זיי...

נאָךְ אַ לאַנגען ישוב הדעת איז בײַ מיר געבליבען, איךְ זאָל איהם שרײַבען, אַז פאַר מיר דאַרף ער קײן מורא נישט האָבען, אַז ער דאַרף זיךְ דאָס האַרץ נישט אָבעסען, וואָרום איךְ בין נישט פון די מענשען, וואָס פערלאָזען זיךְ אויף יענעמס שכל, אַז קײן אפיקורס וועל איךְ נישט ווערען, אַז איךְ בין אַ טרײַער יוד א. אַז. וו. א. אַז. וו.

האָב איךְ אָנגעהויבען צו שרײַבען, און בין פערקראָכען גאָט ווײס וואוהין: אין דעת, אין אמונה און אין פילאָזאָפיע מיט חקירה צוזאַמען — און „אָנגעקלאַפּט" אַכט בויגען פּאַפּיר. גאַנצע צוויי חדשים האָט בײַ מיר געדויערט דאָס שרײַבען!

צום בריעף האָב איךְ צוגעגעבען אַ מין הקדמה מיט אַ שטיק פון רבינו סעדיה גאון, דהיינו:

וואָס איז דער אונטערשיעד פון דעם, וואָס האָט דת אָהן ד ע ת, ביז דעם, וואָס האָט דת מיט ד ע ת? דער ערשטער איז געגליכען צו אַ בלינדען מענשען, וואָס האַלט זיךְ אָן אָן אַ צווײטען בלינדען, און דער צווײטער אָן אַ דריטען בלינדען א. אַז. וו. אַ גאַנצען תחום שבת געהען אַלע בלינדע, האַלטען זיךְ אָן אײנער אָן דעם צווײטען; נאָר פיהרען פיהרט זיי אַ זעהענדיגער מענש. ווײסען די בלינדע, אַז דער ערשטער זעהענדיגער וועט זיי ברײנגען אין שטאָדט אַרײַן, וואו זיי געהען; אָבער דער לעצטער בלינדער איז נישט זיכער אין זײַן געהן. עס דאַכט זיךְ איהם אַלץ, אַז ער קאָן געשטרויכעלט ווערען אָן אַ בוים, צי אָן אַ שטײן אויפ'ן וועג. דער צווײטער, וואָס האַלט דעם דת מיט דעת, איז געגליכען צו אַ בלינדען, וואָס האַלט זיךְ אָן דירעקט אָן אַ זעהענדיגען מענשען און בעת מעשה האָט ער נאָךְ אַ שטעקען אין האַנד. דער איז שוין ב ט ו ח, אַז ער וועט ק ו מ ע ן אין דער שטאָדט, וואו ער געהט און וועט נישט געשטרויכעלט ווערען.

אַזוי האָב איךְ דעם טאַטען „דערוויזען", אַז איךְ האָב קײן מורא נישט פאַר קײן שטרויכלונג. מײַן אויפגעקלערטקײט פערהעלפט מיר בלויז און מאַכט מיךְ נישט קאַליע.

אַוועקגעשיקט דעם טאַטען דעם בריעף, האָב איךְ אָבער גאָר פערגעסען, אַז עס איז אַמאָל גאָר אומזיסט מײַן אַרבײט. וואָרום אַז ער טאַטע וועט דערזעהן אַזוי פיעל פערשריבענע פּאַפּירען מיט חקירות

און „פילאזאפיע", וועט ער מורא האבען צו לייענען. און וועט ער דאס נעהמען לייענען, וועט עס איהם אויך זיין נישט אינטערעסאנט. און אזוי איז טאקי געוועזען: ער האט דאס באלד פערברענט.

פון דעמאלט אן האט ער מיר שוין געשריבען א פשוט שלום־ידידי־בריוועלע פון זיין געזונד און פון אלעמענס געזונד.

## עֶלפטעֶס קאַפּיטעֶל.

ווידעֶר ליובאָוויטשאָווע. — איהר איינ'טענה'ן מיט מיין פרוי. — עֶס הויבעֶן זיך אָן מיינעֶ צרות. — איך לויף נאָך רעֶצעֶפּטעֶן. — אַ ביטעֶרעֶר עסק מיט אַ פעֶרד. — דאָקטוירים. — איך קלעֶר שוין ווידעֶר וועֶגעֶן וואַנדערעֶן. — איך פאָהר קיין קאַמעֶניץ. — ביים זיידעֶן אין פּרוסקעֶ. — אַקציז־גנבות. — מעֶן מסר'ט. — פּאַפּירעֶ־רעֶנעֶ מטבעות. — מיינער אַ חבר. — דונקעֶלעֶ קונצעֶן.

ליובאָוויטשאָווע האָט וואָס ווייטער — אַלץ מעֶהר געֶווירקט אויף מיין ווייב. זי האָט געֶאַרבייט טאָג און נאַכט כמעט אָהן אַנ'אויפהעֶר און דאָס האָט מיר פעֶרשטעֶרט דאָס לעֶבעֶן.

מיין ווייב האָט געֶבוירעֶן אַ טאָכטעֶר. אויפ'ן צווייטעֶן טאָג איז געֶקומעֶן די פּריצ'טעֶ בעֶזוכעֶן מיין פרוי און האָט איהר געֶזאָגט, אַז זי זעֶהט אוים זעהר שעֶן און, ווי איהר דאַכט זיך, וואָלט מיין ווייב געֶקעֶנט אויפשטעֶהן פון קינפּעֶט אויפ'ן דריטעֶן טאָג. עֶס פּאַסט נישט פאַר איהר, זי זאָל ליעגעֶן אין קינפּעֶט אַכט טאָג, ווי אַלעֶ יודישעֶ טעֶכטער...

— דו בּיזט דאָך, — האָט זי צונעשמײכעלט — אַזאַ בריה, שטעה אויף שנעל...

מײן װײב האָט זיך צוגעהערט און — נישט אויפ'ן דריטען, װי עס האָט זיך געװאָלט ליובאָװיטשאָװע'ן, נאָר אויפ'ן פּ י נ פ ט ע ן טאָג איז זי אויפגעשטאַנען פון קינפּעט און האָט אָנגעהויבען צו אַרבײטען אַלע שװערע, פאַקטאָרשע אַרבײטען: מאַכען פון זויער-מילך — קעז, פון די סמעטענע — פּוטער, מעלקען די בהמות און נאָך אַזעלכע שװערע אַרבײטען.

עס פערשטעהט זיך, אַז פון אַזאַ מין בריה'שאַפט האָט זי נאָר אָנגעהויבען שטאַרק צו הוסטען און געקראָגען אַ װעהטאָג אין האַרצען. איך האָב געבראַכט אַ דאָקטאָר, און ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אָנהויב פון שװינדזוכט.

איצט האָב איך שוין געקענט אויספירען, זי זאָל נישט אַרבײטען, און איך בין געפאָהרען מיט איהר קײן גראָדנאָ צו אַ צװײטען דאָקטאָר.

אודאי איז זי געװען ערנסט קראַנק. און איצט, אַ קראַנקע, האָט זי געקאָנט זעהן דעם גאַנצען פעהלער, װאָס זי איז בעגאַנגען. װאָרום אויסער װאָס זי איז קראַנק געװאָרען פון אַרבײט, האָט זי נאָך געבראַכט שאָדען דערמיט, װאָס זי האָט אָבגעװעהנט די דינסטען פון אַרבײט. די דינסטען האָבען שטענדיג װעניג געאַרבײט — מײן װײב האָט אַלץ אַלײן געטהאָן. און איצט איז נישט געװען װער עס זאָל אַרבײטען. די דינסטען האָבען דערצו קײן חשק נישט געהאַט... עס איז מיט אַמאָל אַלץ קאַפּויר אַװעק און איך בין נאָר אומגעלאָפען גאַנצע טעג צו דאָקטוירים און נאָך רעצעפּטען.

פאַר דאָס קינד האָב איך געמוזט נעהמען אַן אַם. די קרעטשמע און דער פּאַקט זענען פערלאָזען געװאָרען. ראָזענבלום האָט אָבגענומען פון מיר דעם פּאַקט, ער האָט נישט געקענט װאַרטען — און עס איז געװען חושך.

אין דער קרעטשמע האָבען אויך פערפעהלט מעדען און װײנען. איך האָב קײן צײט נישט געהאַט צו קוקען דערויף, און אַ דערבײאיגער רײכער אַרענדאַר האָט אָבגעצויגען פון מיר די גאַנצע פּרנסה.

דאָס ווייב ווערט וואָס ווייטער קראַנקער און איך האָב נאָר אַנ־
עסק מיט דאָקטוירים און רעצעפּטען.

איינמאָל, בייניאַכט, איז געווען, געדענק איך, דער דאָקטאָר. ער
האָט פאַרשריבען אַ רעצעפּט און געהייסען אומגעזאַמט מאַכען דעם
רעצעפּט. איך האָב גענומען ביי ראָזענבלום׳ן אַ פערד און אַוועקגע־
פאָהרען רייטענדיג קיין קריניק אין אַפּטייק אַריין. אַהיים בין איך געֿ
קומען אַ זייגער איינס נאָך האַלבע נאַכט. פאַר׳ן שטוב שטעל איך אָב
דאָס פערד, און הויב אָן אַראָבצוקריכען פון זאָטעל. פערטשעפּע איך
אָבער אַ פוס אין קלאַמרע פון זאָטעל. דאָס פערד, וואָס איז געווען
זעהר הויך, לויפט זיך דערווייל אַזוי ווי אין הויף אַריין. איך בין
געפאַלען אויף דער ערד, מיט איין פוס פערטשעפּעט אין זאָטעל, און
דאָס הויכע פערד שלעפּט מיך אַזוי איבער׳ן וועג. דעם פערד איז,
אַפּנים, אויך פריקרע געוואָרען, וואָס עמיצער באַמבעלט זיך איהם פון
הינטען אַ פערטשעפּעטער, האָט ער אָנגעהויבען צו קלאַפּען און ברי־
קען מיט די הינטערשטע פיס. און דאָס איז געווען זעהר אַ מאוסער
צוגאָב.

איך האָב אָנגעהויבען שטאַרק שרייען, פון וואָס דאָס פערד האָט
זיך דערשראָקען. ביי אַ פאַרקאַן האָב איך מיך אָנגעחאַפּט אָן אַ סלופּ
און וויל אַרויסרייסען דעם פוס, אָבער איך קען נישט. אַזוי ראַנגלענ־
דיג זיך, האָב איך, מעשה־יוד, אויפ׳ן אָרט געֿחלש׳ט...

פון פערד בין איך פטור געוואָרען: דער שוך האָט זיך מיר
אַליין אַראָבגעשלעפּט און איז פערבליבען אין זאָטעל. ביי אַ האַלבע
שעה האָב איך געמוזט ליעגען אַ גע׳חלש׳טער. דערנאָך בין איך אַליין
געקומען צו זיך. איך האָב אָנגעהויבען שרייען, עס איז געווען נעבען
שטוב, האָט מען מיך, פערשטעהט זיך, אויפגעהויבען, מחיה געווען,
אויסגעריבען מיט שפּירט דאָס לייב, און אַז איך האָב מיך דורכגע־
שלאָפען, בין איך אויפגעשטאַנען אַ געזונדטער.

אַז איך האָב איינמאָל אַראָבגעבראַכט אַ בעריהמטען דאָקטאָר
אַהיים, האָט ער בעטראַכט מיין קרעטשמע, אַ טאַפּ געטהאָן די ווענד.
די ווענד זענען געווען דיק בעצויגען מיט ווילגאַטש. דער דאָקטאָר
האָט געזאָגט, אַז פון די ווענד, פון ווילגאַטש, הייסט עס, איז דאָס

ווייב קראַנק, און אַז אויב זי וועט זיך נישט אַרויסציִהען פון דער קרעטשמע, קען זי נישט לעבען.

איך האָב, דעם אמת זאָגענדיג, דעמאָלט גאָר קיין בעגריף נישט געהאַט פון ווילגאָטש, אַז דאָס איז עפּיס אַ סכּנה. ווער האָט זיך דאָס אומגעקוקט אויף ווילגאָטש? אויך מיר אַ זאַך. געווען בּיי מיר אַ טרוקענער צימער, האָב איך אַהין איבּערגעטראָגען מיין ווייב׳ס בּעט און בּיסלעכווייז האָט זי אָנגעהויבּען קומען צו זיך, בּיז זי איז אינגאַנצען געזונד געוואָרען.

דעם פאַקט האָט מיר ראָזענבּלום צוריק אָבּגעגעבּען, אָבּער די קרעטשמע איז שוין נישט געווען דאָס, וואָס פריהער. די פערלאָזענע געסט האָב איך שוין צוריק נישט געקענט אומקערען.

און איך האָב פון דאָס נייע אָנגעהויבּען קלערען מכּח — — — — וואַנדערן... מאַקאַראָוועצי איז סתם פאַר מיר קיין אָרט נישט; ליובּאָוויטשאָווע וועט אומבּריינגען מיין ווייב מיט איהרע חקירות, אַז מען דאַרף האָרעווען איבּער די כּחות און קאַרגען, קאַרגען, קאַרגען...

איך האָב געשריבּען דעם זיידען אַ בּריעף וועגען דעם. ער האָט מיר געענטפערט, אַז איך זאָל קומען קיין קאַמעניץ, וועט ער שוין קריגען פאַר מיר אַ הויף. נאָך סוכּות בּין איך אַוועקגעפאָהרען קיין קאַמעניץ. פון אונזער פאַמיליע האָט דאָרט געוואוינט דער פעטער מרדכי־ליב מיט זיין בּן־יחיד. דער זיידע האָט געוואוינט, ווי איך האָב שוין געשריבּען, אין פּרוסקע.

פון קאַמעניץ האָב איך מיך געלאָזט צום זיידען אין פּרוסקע. בּיי איהם איז דעמאָלט געווען די רעכטע צייט פון בּרויז, די רעכטע צייט פון אַרבּייט.

אין יענער צייט זענען אין גראָדנער גובּערניע אַלע בּרייזער געלעגען בּיי יודען אין די הענד. אין יעדען בּרויז איז געווען אַ זייגער, וואָס פלעגט ווייזען וויפיעל טראָלעס שפּירט עס געהט אַרויס יעדען טאָג. און פאַר׳ן עפענען דעם בּרויז פלעגען קומען אַקציזניקעס און האָבען פערפלאָמבּירט מיט קאַזיאָנע פלאָמבּעס אַלע קאַדען און קעסלען. די פלאָמבּעס זענען געווען פון אָנפאַנג וועניג. שפּעטער אָבּער האָט מען זיך געכאַפּט, אַז מען קען שוין צופיעל גנבֿ׳ענען שפּירט, זענען צוגעקומען נאָך פלאָמבּעס. וועניג פלאָמבּעס אָבּער זענען אין

אָנהויב געווען נישט דערפאַר, ווייל מען האָט פריהער נישט געוואוסט די ערטער, וואו מען דאַרף פערפּלאָמבירען, נאָר פראָסט ווייל די אַקציזניקעס האָבען גענומען גרויס חאַבאַר און האָבען זיך געמאַכט נישט ווייסען, ביסלעכווייז זענען צוגעקומען ביז דריי הונדערט פּלאָמ־בעס אויף אַלע אַפּאַראַטען, וואָס געהערען צום בראַוז.

האָבען זיך אָבער אָנגעהויבען נייע גנבות מיט'ן זייגער, און די אַקציזניקעס גופא האָבען אויסגעלערנט, ווי אַזוי מען זאָל גנב'ענען פון זייגער, ווי אַזוי מען זאָל אויסצאַפּען שפּירט, נאָך איידער ער קומט אַריין אין זייגער. די אַקציזניקעס האָבען געשעפּט גאָלד צוזאַמען מיט די בראָנפען-פאַבריקאַנטען. די אַקציזניקעס האָבען דאָ פשוט געהאַט אַ קוואַל פון גאָלד.

ביי אונז אין קאַמעניץ איז געווען אַ זייגער-מייסטער מ., וואָס איז געווען אַ גאון אין הלכות פאַלשע פּלאָמבעס און פאַלשע חתימות; ער האָט געקאָנט מאַכען אַזוי גלאַט אַ שטיקעל אַרבייט, אַז עס איז נישט געווען צו דערקענען.

ער האָט, איינענטליך, געקענט נאָכמאַכען זעהר גוט פאַלש געלד, זילבער און גאָלד, האָט ער אָבער נישט געוואָלט איינשטעלען זיין לע־בען אין סכנה. נאָר דאָ, אין די בראַוזער, פלעגט ער נאָכמאַכען אַלע אַקציז-חתימות און פּלאָמבעס, און די אַקציזניקעס האָבען דערפון געוואוסט.

ער האָט געקענט זיין זעהר רייך, נאָר ער פלעגט פערשפּילען אין קאָרטען מיט די אַקציזניקעס. אין קאָרטען איז איהם גראָד נישט געגאַנגען. ער איז אויך געווען אַ לעבּ-קינד, און אין בריסק, וואוהין ער פלעגט אָפט אַריינפאָהרען אויף עטליכע טעג, פלעגט ער פערלעבען אַ פיינע סומע געלד.

ער פלעגט אויך פערלייהען די אַקציזניקעס זעהר פיעל געלד.

מען פלעגט איהם אומשלעפּען איבער גאַנץ גראָדנער גובערניע, אין אַלע בראַוזער, און ער האָט שוין געהאַט פערשידענע עצות, ווי אַזוי צו מאַכען, אַז מען זאָל קענען גנב'ענען שפּירט. דאָך האָט ער אַלץ געטהאָן מיט דער ידיעה פון די העכערע אַקציזניקעס, ווייל ער האָט געוואָלט לעבען זיכער, נישט דאַרפען מורא האָבען פאַר קיינעם.

ביים זײַדען אין פּרוסקע האָט ער דורכגעפירט אזא מין קונץ. ער האָט געמאַכט אַ לעכעל אין קופּערנעם „שלאַנג”. דאָס איז אזא מין קופּערנע, געדרעהטע רעהר, וואָס האָט געוואויגען ביז צעהן פּוד. געהייסען האָט עס שלאַנג, ווייל דאָס איז געווען געדרעהט ווי אַ שלאַנג. דורך דער רעהר איז געגאַנגען דער הייסער שפּירט אין זײַגער אַרײַן.

דאָס לעכעל איז געווען געמאַכט זעהר קונציג. אַהין האָט מען אַרײַנגעזעצט אַ רעהריל און געצאַפּט מאָסען שפּירט אַלע טאָג. אַזוי איז אַוועק אַ חודש צײַט. דער זײַדע האָט געמאַכט נישט קיין שלעכט געשעפט, חאָטש ער האָט געהאַט אַ סך הוצאות. ביי גנבה האָט מען שטענדיג אַ סך הוצאות. אַזוי, למשל, האָט ער דעם סמאָטריטעל גע־געבען פּופציג רובל אַ מאָנאַט, דעם אָביעזדנעם — פינף־און־זיעבציג, און דעם פּערוואַלטער מיט'ן געהילף — דריי הונדערט רובל אַ מאָנאַט. די פּויערים, וואָס האָבען געצאַפּט דעם שפּירט, האָבען אויך גענומען געלד. אַרום און אַרום האָט געקאָסט ביז זיעבען הונדערט רובל אַ חודש.

לאַנג האָט עס אָבער נישט געדויערט. מען האָט גע'מסר'ט אין גובערניע. איז געקומען אַ קאָמיסיע פון אקציזניקעס. געקומען שטילער־הייד און גלייך בעפאַלען די שלאַנג און ריכטיג געפּאַקט, ווען די גוים האָבען געצאַפּט דעם שפּירט. אַ זעקס עמער שפּירט איז געווען אַרויס־געצאַפּט. די גוים האָבען אָבער נאָך אוספּײַעט צו אַנטלויפען.

מען האָט באַלד פּער'חתמ'עט דעם ברויז מיט דער שלאַנג און געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל. עס איז אָבער געווען בײַנאַכט, זיי האָבען נישט געקענט גוט בעטראַכטען, ווי אַזוי דאָ געהט צו דאָס גנב'ענען. האָ־בען זיי אַוועקגעשטעלט דריי דעסיאַטניקעס היטען, מען זאָל נישט אָב־רײַסען די חתימות. די קאָמיסיע צוזאַמען מיט'ן אַסעסאָר האָבען גע־נעכטיגט אין הויף — מאָרגען וועלען זיי בעטראַכטען ווי געהעריג.

דער זײַדע האָט באַלד געבראַכט דעם מעכאַניק. די דעסיאַטני־קעס האָט מען געגעבען אין יד אַרײַן, האָבען זיי זיך געמאַכט, אז זיי שלאָפען, מען האָט אַרויסגענומען די שלאַנג און אינוועניג אַרײַנגע־זעצט אַזאַ מין לאַטקע. דאָס לעכעל איז געבליבען דאָסזעלבע, אָבער קיין שפּירט איז נישט דורכגעגאַנגען. דער זײַגער־מײַסטער האָט שוין געקענט מאַכען שנעל אַנ'אָפּעראַציע, אז מען האָט בעדאַרפט.

אויף מאָרגען, אַ זייגער צוועלף נאָכ'ן פרישטאָג, איז געקומען די קאָמיסיע אויספיהרליכער בעטראַכטען ווי מען גנב'עט דעם שפּירט. אָבער עס געהט קיין טראָפּען נישט. דער שפּירט איז אינגאַנצען דורכגעגאַנגען דורכ'ן זייגער. דערביי האָט מען ווידער געגעבען אין יד אַריין, וויפיעל מען דאַרף און מען האָט פערריבען די גאַנצע מעשה. די קאָמיסיע איז אַוועקגעפאָהרען בשלום און דער זיידע האָט ווידער געטריבען זיין עסק בשלום. אין גיכען האָט מען עפּיס געמאַכט אנ'אַנדער קונץ, נאָר איך געדענק שוין נישט וואָס.

געווען אַ פּאָר בריזער אין בריסקער אויעזד, וואָס פּריצים האָבען געהאַלטען, זענען זיי אין אַ קורצער צייט געוואָרען עשירים: זיי האָבען גע'גנב'עט גאָר אָהן רחמנות.

אַז עס איז געקומען צו רייד וועגען דעם געניאַלען פעלשער דעם זייגערמאַכער, וואָס איז געווען אַזוי טיפּיש פאַר די אַמאָליגע צייטען, איז כדאי צו דערצעהלען אַ מעשה'לע פון זיינע יונגעל-יאָהרען.

ער איז געווען מיינער אַ חבר. מיר האָבען געלערנט צוזאַמען ביי מאָטע דעם מלמד. אין יענער צייט איז, צוליעב מאַנגעל אין קליין-געלד, געווען ערלויבט פון דער רעגירונג יעדערן צו מאַכען אייגענע פּאַפּירענע מטבעות'לעך, דראָבנע געלד, נישט העכער פון פינף-און-צוואַנציג קאָפּ.

האָבען אַסך בעלי-בתים געמאַכט פּאַפּירענע מטבעות'לעך צו איינס, צוויי, דריי, פינף, צעהן, פופצעהן, צוואַנציג און פינף-און-צוואַנציג קאָפּיקעס. כדי די פויערים זאָלען אויך פערשטעהן אויפ'ן געלד, האָט מען געמאַכט סמנים מיט פּאַסקעלעך: פויערשער אלף-בית. יעדעס פּאַסעקעל האָט בעטראָפען אַ קאָפּיקע. וויפיעל פּאַסקעלעך — אַזוי פיעל קאָפּיקעס. נאָר אויף די מטבעות'לעך פון פינף ביז פינף-און-צוואַנציג קאָפּיקעס זענען געווען גרעסערע פּאַסקעס, וואָס האָבען שוין אָנגעוויזען אויף דער צאָהל צעהנערלעך. דערביי איז געווען אונטערגעשריבען דער נאָמען מיט דער פאַמיליע פון דעם מטבעות-אַרויסגעבער.

אַזעלכע קוויטלעך זענען אומגעגאַנגען אין די שטעדט און אין די דערפער אין גאַנץ גראָדנער גובערניע (וואַרשיינליך אין אַנדערע שטעדט אויך). קליינע מטבעות, ווייניגער פין צ דאַלב רובל זענען סתם

נישט געוועזן במציאות. זיי האט מען ווייניג געזעהן. האבען אלע פויערים גענומען די קוויטלעך פאר די פראדוקטען, וואס זיי האבען געבראכט צו פערקויפען. צייהלען פלעגען זיי דאס געלד לויט די פאסקעלעך, וואס איז דאך פאר זיי געוועזן נישט פון די גרינגע זאכען, ווארום א פויער איז אפילו פאסקעלעך אויך שווער צו צייהלען!

אז זיי פלעגען אויספערקויפען די גאנצע סחורה, האבען זיי פאר די קוויטלעך געקויפט סחורה אין די קראמען, אדער פער'שכור'ט, און אז ביי זיי זענען נאך פערבליבען קוויטלעך, האבען זיי פארגעלעגט די יודען אויסבייטען די דאזיגע קוויטלעך. דערפון האבען זיי געהאט עפים היזק און יודען פלעגען אויסבייטען.

פאר די פויערים זענען די קוויטלעך-מטבעות נישט געוועזן פראקטיש. ערשטענס, איז זיי געוועזן שווער דאס צו-צייהלען, צווייטענס פלעגען זיי אפט פערלירען די קליינע קוויטלעך, וואס האבען געהאלטען א צאהל די לענג און, דריטענס, פלעגען זיי ליידען פון אויסבייטען און נאך עהנליכעס.

מיין זיידע איז אודאי געוועזן דער ערשטער, וואס האט געמאכט די קוויטלעך, אבער שפעטער איז עס איהם דערעסען. אלע בעלי-בתים האבען עס פאבריצירט.

פאר קליינע קרעמלעך זענען די דאזיגע קוויטלעך געוועזן ווי אנגעמאסטען. זיי האבען זיך געקענט דורכקירעווען אין „געשעפט“ און קיין געלד האט שוין נישט געפעהלט; און טאמער האט געפעהלט א הונדערטער צי צוויי, האט מען א פאבריציר געטהאן „געלד“ און מען האט עס באלד ארויסגעשטופט. אזוי האבען די קוויטלעך געדויערד א פאר יאהר צייט, ביז עס איז פערווערט געווארען, אויך עפים דורך א יודישע מסירה... אז די קוויטלעך זענען בטל געווארען, האבען פיעל געמוזט באנקראטירען, אבער אהן בזיונות.

אין אט דער צייט, געדענק איך, האט דאס צעהן-יעהריגע יונגעל געמאכט אין טרינקאווסקי'ס קוויטלעך אזא מין קונץ: ער האט גענומען א קוויטעל פון פינף קאפיקעס און צוגעשטעלט אייניגע פאסקעלעך, איז געווארען פינף-און-צוואנציג, דערביי האט ער עס אזוי גערא‌טען געמאכט, אז מען האט בשום אופן נישט געקענט געפינען עפים

אַ פעלשונג. אַרום און אַרום איז דאָס געווען זעהר גוט אָבגעאַרבּייט.

אַז צו טרינקאָווסקי'ן זענען אָנגעקומען אַזעלכע קוויטלעך, וואָס מען האָט געטוישט אויף געלד, האָט ער זיך, פערשטעהט זיך, נישט געחאַפּט. אָבער אַז עס האָבען זיך אויפגעקליבען אַ היבּש ביסעל מטבעות'לעך אַזוינע, האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז די פינף-און-צוואַנ-ציג-קאָפּיקענע קוויטלעך זענען עפּיס אין אַ צו-גרויסער צאָהל. צופיעל, הייסט עס, אַזוי פיעל האָט ער גאַר נישט געמאַכט, און פון דעם האָט ער פערשטאַנען, אַז דאָ איז פאַרהאַן אַ פעלשונג. אגב האָט נאָך דאָס קליינע יונגעל געבּרויכט אַריינקלעפּען אין מיטען פון קווי-טעל אַ שטיקעל פּאַפּיר, וואָס אַז מען האָט שוין גענומען נאָכקוקען, האָט מען דאָס פאַר איינוועגס אויך געפּאַקט.

די דאָזיגע פעלשונג האָט אויפגעהויבען אַ מהומה מיט אַ קאָך אין שטעדטעל און נאָך גרויסע חקירות ודרישות איז מען דערגאַנגען דעם מזיק דערפון. דער רבי, מאָטקע, האָט געגעבען דעם זייגער-מאַכער פינף-און-צוואַנציג שטאַרקע שמיץ — אַ רמז געגען די פינף-און-צוואַנציג פאַלשע קאָפּיקעס. בעת מעשה האָבען אַלע יונגלעך געמוזט צייהלען, און ביי יעדען שמיץ האָט מען געשריען: איין קאָפּיקע א. אַז. וו.

אויף מאָרגען, נאָכ'ן שמייסען, רופט ער זיך אָן צו מיר:

— חאַצקעלע, דו ווייסט, אַז איך הויב שוין אָן צו קלערען עפּיס מכח אַ נייעם קונץ אין די קוויטלעך. איצט וועל איך שוין דאָס מאַכען גלאַטער...

— משה, — זאָג איך איהם — דו האָסט דאָך געשוואָרען, אַז דו וועסט שוין מעהר דאָס נישט טהאָן?

ביי די שמיץ האָט ער פאַר אַלעמען מיט גרויסע קולות גע-שוואָרען.

— עט! — האָט ער זיך צולאַכט, ווי אַ גרויסער, — ביזטו דאָך אויך אַ בהמה, מילא, אַז דער רבי איז אַ בהמה, איז דאָך דאָס דער רבי! איך האָב דאָך אַלץ געשריען, אַז איך וועל ד ע ם קונץ נישט מאַכען, אָבער אַנ'אַנדערן מעג איך דאָך!

ווירקליך, ביי איהם איז דאָס געווען בלויז אַ קונץ און נישט מעהר, וואָרום אין אמת'ן האָט ער זיך נאָכ'ן געלד נישט געיאָגט.

איהם איז געווען, ווי אלע קינסטלער, טייער דער אייגפאל. ער האט אויך געקענט גרויסארטיג צייכענען.

דער זייגערמייסטער האט דאך נישט געקאנט בלייבען ביי זיי־נע קונצען.

לסוף זענען אוועק גרויסע מסירות, און די אקציזניקעס האבען איהם אנגעוואונקען, ער זאל מאכען פליטה. און ער איז אוועקגעפאהרען קיין אמעריקא.

## צוועלפטעם קאפיטעל.

דער זיידע. — דער פריץ שעמעט. — קושעליעווע. — דער פאן שעמעט אבגענארט דעם זיידע'ן. — געדונגען פאר מיר א הויף. — ארויסגעפאהרען פון מאקאראווצי. — איך ווער אנ'עכטער פא־סעסאר. — ביים טאטען. — דאס ארויספאהרען אין קושעליע־ווע. — צרות ווי האלץ. — א געשעפט מיט גוים. — וועלף. — „הו־הו! הו־הו!" א פחד. — זומפען. — חרטות. — אנטאן.

דער זיידע איז געווען זעהר פערנומען אין ברויז און געוואלט האט ער פאהרען צום מארשאלאק שעמעט, וואס האט א סך הויפען אין פרוזשאנער אויעזד. ער אליין האט געוואוינט א מייל דרייצעהן פון קאמעניץ. דער זיידע האט שוין איינמאל געדונגען ביי איהם א הויף באביטש, נעבען קאמעניץ, פאר זיין זוהן יאסלען. ביי איהם האט מען ביליג גענומען א הויף, און די יודען, וואס זענען געזעסען ביי איהם אין ארענדעס, האט ער קיינמאל נישט ארויסגעזעצט.

פערמאגט האט ער סך הכל ביי א פינף מיליאן גילדען רייין געלד, וואס איז געלעגען אין א ווארשויער באנק. אליין אנ'אלטער

מאן, האט ער געהאט נאך א יונגע פרוי און אנ׳איינציגע טאכטער פון פופצעהן יאהר.

קאנטראקטען האט ער פיינט געהאט. זיין ווארט האט ער נישט געביטען. מען דארף נאר צאהלען דאס ארענדע-געלד, אפילו נישט אין דער צייט, איז אויך קיין בייז נישט. שעמעט טהוט נישט קיין שלעכטס.

דער זיידע האט דעריבער געוואלט צום ערשטען פאהרען צו איהם. ער האט זיך אבער אליין נישט געקאנט אריינרייסען פון ברויז און איך האב געמוזט דערווייל זיצען אין פרוסקע. ערשט אין א פאר חדשים ארום איז דער זיידע געפאהרען צו שעמעט׳ן.

ביי שעמעט׳ן, וואס האט זיך מיט איהם דערפרעהט, ווי דאס רוב פריצים, איז ער געוואהר געווארען, אז אלע מאיאנטקעס זענען ביי איהם שוין פערנומען. פארהאן נאר איין קליין מאיאנטעק׳ל, קושעל־יעווע הייסט עס, וואס האט אינגאנצען א הונדערט און פופציג מארג ערד צום זייהען. קיין ווייץ וואקסט דארט נישט, ווייל די ערד איז מאגער, נאר היי איז דא זעהר א סך, בלאטע-היי — עס וואקסט אויף בלאטע, פארהאן אויך היי אין וואלד.

— אפשר זאלסטו עס נעהמען — האט דער פריץ געזאגט דעם זיידע׳ן — דיינעם אנ׳אייניקעל גיב איך דאס אב פאר זעקס הונדערט רובל. דיין אייניקעל קען זיך איינארדנען. ער קען האבען א פיער הונ־דערט פוהרען היי. די פויערים וועלען איהם אבארבייטען די גאנצע פעלד-ארבייט פאר היי. ווערסטו דאס דינגען, זאל קיינער דערווייל דער־פון נישט וויסען, ווארום די פויערים דארפען זייהען די זומער-תבואה. אז זיי וועלען געוואהר ווערען, אז דו האסט עס געדונגען, וועלען זיי אזוי שלעכט זייהען, אז עס וועט נישט ווערט זיין א גראשען. על כן פאהר אהיים מיט אנ׳אנדער וועג, נישט דורכ׳ן דארף מיכאלקע. מי־כאלקע איז צו-נאהנט צו קושעליעווע.

דער שעמעט איז נאך אלעם געווען א גרויסער שווינדלער. זיין ווארט איז טאקי געווען אייזען, אבער אז ער האט געקאנט גלאטיג עמיצען אבנארען, האט ער זיך דערויף נישט געפוילט.

און האט איהם עמיצער געזאגט אמאל:

— פריץ, דו האסט מיך אבגענארט.

פלעגט ער דערויף זאגען:

— ווי שעמסטו זיך נישט אויסצוזאָגען, אַז דו ביזט אַ גרויסער נאַר, ווארום אָבנאַרען קאָן מען נאָר אַ נאַר... ס'איז אַ בושה, אַז אַ מענש זאָל זיך אַזוי קענען פערנאַרען. אַ נאַר, זאָג איך דיר, דאַרף נישט פאָהרען מאַכען מסחרים.

אָט אַזוי פלעגט ער יענעם אויסלאַכען.

נאָר אַז יענער האָט איהם פאָרט אַריינקראַגען אין יד אַריין און דערביי אָנגעוויזען שוואַרץ אויף ווייס, אַז שעמעט האָט דאָ צו־דייטליך פערנאַרט, פלעגט זיך דער אַלטער פריץ אויך נישט אָבעסען דאָס האַרץ דערפון און מיט אַ בעזונדער גאוה פלעגט ער דערויף ענטפערן:

— ערשט ווען טו שוין זיין אַ קלוגער. פונדעסטוועגען אָבער זאָלסטו זיך ווייטער נישט אָבנאַרען...

דעם קלוגען זיידען האָט ער אויך אָבגענאַרט. ער האָט איהם אומישנע נישט געהייסען פאָהרען צוריק מיט דעמזעלבען וועג, כדי דער זיידע זאָל נישט בעקוקען דעם הויף. ווארום ווען דער זיידע זעהט דעם הויף, וואָלט ער דאָס אודאי נישט געדונגען. דעם זיידען איז גאָר אויפ'ן זינען נישט געקומען, אַז זיין איינינקעל וועט דאָ דאַרפען שטענדיג פיהרען אַ מלחמה מיט די פויערים און זיין אין אַ וואַלד פערוואָרפען און איינזאַם. נאָכמעהר אָבער האָט דאָ געפעהלט די טייערע באָבע, זי וואָלט אודאי און אודאי נישט דערלאָזט צו אַזאַ מין פּאָסעסאַריי...

דער זיידע האָט געגעבען אַ הונדערטער האַנד־געלד און בעקומען אַ קוויטעל, אַז ער האָט געדונגען דעם הויף קושעליעווע פאַר זעקס הונדערט רובל אַ יאָהר. דערביי איז נישט געווען אָנגעוויזען אויף וויפיעל יאָהר. דאָס איז איין זאַך. צווייטענס, איז אין קוויטעל געווען געשריבען, אַז איך מוז אַליין די פעלדער פערזייהען און נישט אָבגעבען צו די פויערים, אַז זיי זאָלען די פעלדער בעאַרבייטען, וואָס דערפאַר גיבען זיי דעם בעל־הבית צוויי־דריטעל סנאָפּעס און זיך איין דריטעל. אָט דער פונקט, וואָס ווערט שטענדיג אויסגענוצט און איז דאָ גאָר אונטער'ן האַנד אַוועקגעמאַכט געוואָרען, איז פאַר מיר געווען אַנ'אומגליק.

דער זיידע האָט געפרעגט שעמעט'ן, ווי קומט דאָס, וואָס דאָס גאַנצע דאָרף גוים האָבען קיין ליאַק פּאַשע נישט, בעת נאָכ'ן אויפשטאַנד איז אומגעפאָהרען אַ קאָמיסיע, וואָס האָט בעטיילט יעדען פויער מיט

פעלדער. צו די פעלדער מוז מען דאָך האָבען פּאַשע און היי. ווי קען דאָס זײַן אײַנס אָהן אַנדער'ן?

— בין איך קליגער פון זיי... האָט שעמעט מיט נצחון געשמײכעלט, — אַז די קאָמיסיע איז צו מיר געקומען, האָב איך געגעבען די טשינאָווניקעס פערזוכען מײַן אַלטען בראָנפען — און גענוג... מיט בראָנפען קען מען פערדרעהען אַ קאָפּ. מיט אַלטען אודאי. און די קאָמיסיע האָט געשריבען, ווי איך האָב געוואָלט. איך האָב נאָך בעסער געטהאָן — איך האָב איבערגעלאָזט פאַר מיר אַ שטיק לאָנקע, וואָס בײַם סאַמע דאָרף. און אָט דאָס שטיק לאָנקע, וואָס קען געבען בײַ אַ פופציג פוהרען היי, דיענט מיר פאַר אַ בײַטש פאַר די פויערים. וואָרום די בהמות מוזען אַרויפטרעטען אויף דער לאָנקע נישט ווילענדיג, און ווען איך פערנעהם זיי, קומט מיר פון יעדען שטיק אַ האַלב רובל... אויף אַזאַ אופן קען מען בײַ זיי די הויט אַראָבציהען, אַז דײַן אײניקעל וועט זײַן אַ מענש, וועט ער פון זיי קענען ציהען פיעל געלד. זאָג איהם... זאָג איהם...

דער זיידע, וואָס איז פאַרבײַ קושעליעווע נישט פאַרבײַגעפאָהרען, איז געקומען קײַן פּרוסקע צופרידען. לויט זײַן מײנונג, האָט ער געדונגען פאַר מיר אַ גוטען מאַיאָנטעק און ביליג, מיט אַ גוטען פּריז.

— אַז חאַצקעל וועט דאָרט אַרײַן, וועט ער שוין דאָרט זיצען — האָט דער זיידע געריבען די הענד פון תענוג — שעמעט נעהמט נישט קײַן הוספות, מישט זיך נישט אַרײַן אין פּאָסעסאָר'ס געשעפטען. יענער בעאַרבײַט דעם מאַיאָנטעק אַזוי ווי בײַ זיך אַליין. שעמעט קוקט אפילו נישט אין יענעם'ס זײַט.

איך בין באַלד אַוועקגעפאָהרען אַהײם קײַן מאַקאַראָווצי אויך אַ צופרידענער. ווי דער זיידע — אַזוי איך. אַז דער זיידע איז צופרידען — מעג איך דאָך דאָס אויך זײַן. איך האָב מודיע געווען ראָזענבלום'ן, אַז פאַר פּסח פאָהר איך אַרויס פון דאַנען אין מײַן מאַיאָנטעק, וואָס איך האָב גענומען אין אַרענדע, און ער קען שוין פערדינגען די קרעטשמע מיט'ן פּאַקט אַ צווייטען.

און בײַסלעכווײַז האָב איך אָנגעהויבען קלערען וועגען אַרײַנציהען זיך אין קושעליעווע. קענען וועל איך עס אַרום שבועות. איך וועל

אָבער דאַרפען אָנקויפען אַסך זאַכען און גאָר נישט קיין קליינע: בהמות, אָקסען, פערד, שפּאַנען מיט אַלע מכשירים, וואָס ווערען גע־ברויכט צו אַ מאַיאָנטעק.

מען מוז אָבער אָנהויבען איינקויפען וואָס פריהער. ס׳איז זומער. אין פעלד איז דאָ גענוג אַרבייט, און אַז איך וועל אָנהויבען אלץ איינקויפען און איינריכטען נאָך מיין קומען אין קושע־ליעווע, וועט אַוועקגעהן דער גאַנצער זומער און די פעלדער וועלען נישט זיין בעאַרבייט.

אַלע פּאָסעסאָרען, אַז זיי דינגען אַ נייעם הויף, ציהען זיי זיך אַריין ווינטער, צו ניי־יאָהר, ווען די פעלדער זענען בעדעקט מיט שניי. גרייטען זיי זיך צו דערווייל און צו פּסח־צייט קענען זיי אַלץ פאַרטיג מאַכען. אָבער אַזוי ווי איך וועל מיך קאָנען אַריינציהען דוקא זומער, מוז איך אַלץ צוגרייטען דאָ, פריהער, וואוינענדיג אין אַנ׳אַנדער הויף.

איך האָב מיך צונויפגעשריבען מיט׳ן טאַטען, אַז איך וועל קו־מען צו איהם אין פּאַסעקי אין מערץ, וועל אַלץ איינקויפען און האַל־טען ביי איהם אין הויף, און סוף מאַי וועל איך אַריינפאָהרען מיט׳ן גאַנצען קלאַפּערגעצייג אין קושעליעווע.

אין מאַקאַראָווצי האָב איך דערווייל אַלץ פערקויפט און געשיקט אויסרופען אין אַלע בתי־מדרשים אין קרינִיק, אַז ווער עס האָט עפּיס צו מיר טענות, זאָל קומען צו מיר, ווארום איך פאָהר ארויס פון מאַקאַראָווצי.

אייגענטליך, איז דאָס אויסרופען אין די בתי־מדרשים געווען אַנ׳ איבעריגע זאַך, וואָרום קיינער האָט צו מיר קיין טענות נישט גע־האַט און קיינעם בין איך קיין גראָשען שולדיג נישט געווען, נאָר דאָס האָט זיך געפּאַסט צום רומפּעל, ווי מען זאָגט אין ליטאַ, און ריכטי־גער — דאָס איז געווען אַ מין פוסטע גאוה, וואָס איך האָב אומ־שולדיג עטוואָס גענאַשט פון זיידען.

האָט מען אויסגערופען אין די בתי־מדרשים און... קיינער איז נישט געקומען...

אַזוי בין איך אַרויסגעפאָהרען פון מאַקאַראָווצי. מאַנכע האָבען געוויינט ביים געזעגענען זיך און העכער פאַר אַלעמען — דער אָר־ליאַנער פּאָפּ. ער האָט גאָר נישט געקענט לעבען אָהן מיר און

ער האָט מיר געזאָגט, אַז ווען איך וועל קומען צו איהם בעטען הילף, זאָל גאָט היטען, וועט ער אויסטהאָן פון זיך דאָס לעצטע העמד און מיר אַוועקגעבען.

און מיר האָט טאַקי אויך שטארק געריסען דאָס האַרץ, וואָס איך פערלאָז אַלע מײַנע שכנים און גוטע פרײַנד, מיט וועלכע איך האָב זיך אַזוי אײַנגעלעבט. נאָר וואָס זאָל מען טהאָן, אַז מען מוז וואַנדערן. אַזוי איז שוין בעשערט.

אַז איך בין דערנאָך אַרײַנגעקומען צום טאַטען קורץ געקלײַדט, האָט ער מיך גישט קאַלט אויפגענומען. ער האָט געשמײכעלט מיט זײַן שמייכעל און האָט מיר, אַפּנים, אַלע מײַנע עבירות מוחל גע־ווען, ציִ איז איהם נישט אײַנגעפאַלען, אַז עס איז גלײַכער צו שווײַ־גען, מוחל זײַן, אײדער דרעהען אַ ספאָדיק מיט די הײזען?

די פאַמיליע מײַנע, דער טאַטע, דער פעטער יאָסעל און דער בן־יחיד אריה־ליב, האָבען אַלע מיר געהאָלפען אײַנקויפען די בעלי־בתי'שקײט, וואָס מען בעדאַרף האָבען צו פעלד־אַרבײט. איך האָב מיר בעשטעלט נײַע וועגענס אויף פיהרען שאָקען תבואה און אויף פיהרען מיסט, געקויפט סאָכעס, און בראָנעס, און גראַבלעס, און פערד, און אָקסען, און בהמות. אַלץ, אַלץ, אַלץ.

אײַנגעקויפט האָבען מיר אַלע זונטאָג צו ביסלעך און אויפ'ן טו־מעלדיגען יורי־יריד, וואָס שטעלט זיך אין קאַמענין זעהר גרויס, האָ־בען מיר דערקויפט דאָס לעצטע, וואָס מען האָט נאָך בעדאַרפט — און גענוג!

דעם פופצעהנטען מאַי זענען מיר אַרויסגפאָהרען אין קושעליעווע...

אַז מיר זענען געקומען אין קושעליעווער וואַלד, פיער וויאָרסט פון הויף, האָט אונז אַ פחד אָנגענומען: גרויסע וויסטע בלאָטעס און זומפען, אָהן אַנ'אָנהויב און אָהן אַ סוף, און מיר האָבען זיך געשלעפּט די פיער וויאָרסט אפשר צוויי שעה. מיר איז באַלד געוואָרען זויער אויפ'ן האַרצען.

איך האָב געזעהען וועלדער. ס'איז טרוקען, אַ מחיה, און דאָ גע־העז שרעקליכע זומפען מיט בלאָטעס, אין וועלכע עס דאַרפען זיך פאַ־שען די בהמות. איך האָב באַלד פערשטאַנען, אַז אַזאַ מין פאַשע טויג

נישט פאר בהמות. זיי וועלען זיך איינקנעטען אין בלאָטעס און אין זומפּען און וועלען נישט קענען אַרויסקריכען. איך האָב שוין, זעענדיג אין מאַקאַראָווצי, געהאַט אַ שטיקעלע בעגריף פון פעלד-אַרבייט. אָבער וואָס איז די פּעולה? מען מוז שווייגען, פערפאַלען.

קוים דערשלעפּט זיך צום הויף — איז אונז געוואָרען נאָך פינס-טערער אין די אויגען. אַזאַ יתומ'דיגער הויף, נישט אַרומגעצוימט, גריבער, לעכער, שטיינער, וועניג בעוואַקסען מיט גראָז.

אינוועניג, אין הויף, שטעהט אַ חושכ'דיג הויז, לאַנג ווי דער גלות, שוואַרץ, אַלט, אָבגעלאָזען, און אויף אַלץ ליעגט אַ וויסטעניש מיט אַ טוּמלער קאַלטקייט. פויערים-באַטראַקעס, ווי איך האָב מיך דער-נאָך דערוואוסט, האָבען דאָרט געוואוינט פון אַ יאָהר דרייצעהן...

און נאָך אַ צרה:

אַ סך בהמות האָבען זיך געפּאַשעט אין די קאָרן נעבען הויף — פיינע פּאַראָנדקעס! די פּאַסטוכער, דערזעהענדיג אונזער אָנפאָהרען, זע-נען זיך צולאָפען, און איך מיט'ן ווייב האָבען אויפ'ן ערשטען ברוך-הבא גענומען אַראָבטרייבען די בהמות פונ'ם קאָרן. מיר האָבען זיי פערטרי-בען אין דער אָבאָרע און צוגעצעהלט: צוויי-און-נייַנציג שטיק זענען זיי געווען... מיר האָבען פערמאַכט די טהיר און פערשטעקט די קליאַמקע מיט אַ העלצעל.

אין אַ האַלבע שעה אַרום זענען געקומען אין הויף אַריין כמעט דאָס גאַנצע דאָרף גוים. זיי זענען געקומען בעטען, איך זאָל זיי אַרויס-געבען די בהמות. אַליין אַרויספיהרען זיי פון אָבאָרע, וואָס איז נישט געווען צוגעשלאָסען, האָבען זיי דאָך נישט געוואַגט.

איך האָב כלומר'שט אָנגעהויבען בעטען אַ רובל פון שטיק און זיי גע'מסור'ט, ווי קענען זיי דאָס פּאַשען די בהמות אין פרעמדען קאָרן... ס'איז דאָך אַן'עבירה פאַר גאָט. נאָר זיי האָבען מיך איבער-געבעטען, און איך האָב זיי אַרויסגעגעבען די אַרעסטאַנטען...

איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך גיב זיי צייט צו פּאַשען זייערע פיה ביי מיר אין וואַלד ביז זונטאָג. דעמאָלט וועלען מיר שליסען אין דאָרף-קאַנצעלאַריע אַ קאָנטראַקט, אין וועלכען זיי וועלען זיך פערפליכ-טען צו געבען מיר זומער-אַרבייטער פאַר די פּאַשע.

דער סטאַרשינאַ האָט געוואוינט אין דאָרף מילאַלקע, וואָס גע-

הערט, ווי געזאגט, צום הויף קושעליעווע. האב איך איהם געשיקט רופען.

— פאניע סטארשינא, — האב איך איהם געזאגט, — אויף זונטאג זאלסטו צונויפרופען דעם גאנצען עולם פון דארף, זיעבען־און־צוואנציג געזינדען, זיי זאלען קומען צו מיר איבערריידען וועגען דער פאשע, וואס איך וועל זיי געבען אין מיין וואלד. אויב זיי וועלען זונטאג מיט מיר נישט מושוה ווערען און נישט שליסען קיין קאנטראקט, לאז איך זיי ווייטער נישט פאשען ביי מיר זייערע קיה.

זונטאג פריה איז געקומען דאס גאנצע דארף גוים מיט'ן סטארשינא און מען האט געפרעגט, וויפיעל וויל איך פאר מיין פאשע.

האט מען זיך געדונגען עטליכע שעה צייט, ביז מיר זענען דורכגעקומען, אז פאר יעדע בהמה, אדער א פערד, אדער אפילו א קעלביל, זאל מען מיר געבען צו דער ארבייט אויף א טאג צייט צוויי ארבייטער מיט א שפאן, דאס הייסט מיט א פערד.

דאס האבען מיר געשמועסט ביי מיר אין הויף. דערנאך זענען מיר אלע אוועק אין קאנצעלאריע. דארט איז צוזאמענגעשטעלט געווארען דער קאנטראקט, אין וועלכען איך האב מוסף געווען, אז ווען איך וועל רופען עמיצען צו דער ארבייט, — אנ'ארבייטער אזוי אדער מיט א פערד צוזאמען, — מוז ער באלד קומען; און אז איך וועל רופען צוויי מאל און מען וועט נישט קומען, דארף איינגעצאהלט ווערען דריי רובל שטראף.

ווייטער איז געווען נאך א וויכטיגער פונקט:

צו שניט־צייט, איידער מען הויבט אן שניידען תבואה, דארפען זיי מיט דריי טעג פריהער שניידען ביי מיר, און דערנאך א טאג איבער א טאג: איין טאג שניידען ביי זיך, און איין טאג ביי מיר, און אין א צייט פון צוויי וואכען מוז צו מיר אין שייער אריינגעפיהרט ווערען די גאנצע תבואה.

פאר איין פינף־רובלדיגע האט מיר דער שרייבער אנגעשריבען דעם קאנטראקט; ער איז געווארען אזוי נאלגיביג, חאטש נעהם און קויף ביי איהם אב אלע פויערים. און דער סטארשינא האט זיך גלאט צו מיר געחנפ'עט, האפענדיג, אז ער וועט האבען פון מיר טובות.

מען האָט געלעגט דעם סטעמפּעל און זיך אונטערגעחתמ'עט. פאַרטיג, הייסט עס.

איך האָב אָבגערעדט, אַז מאָרגען פריה, אַ זייגער זעקס, וועל איך קומען אין דאָרף און פערשרייבען וויפיעל בהמות יעדער בעל־הבית האָט, צו וויסען וויפיעל אַרבייטער דאַרף מיר יעדער געבען.

אויף מאָרגען פריה בין איך געקומען אין דאָרף, גענומען דעם סטאַרשינאַ מיט'ן סטאַראָסטאַ און געגאַנגען פון הויז צו הויז ציילען די שטיקלעך.

איך האָב איינגעזעהן, אַז די גוים ווילען מיך אָבנאַרען און דערביי פער'מסר'ט מען דעם צווייטען...

יעדערער האָט, געדענק איך, געזאָגט, אַז אַנדערע גוי'עס האָבען פער'גנב'עט קעלבלעך אונטער אַ שטאַל, — איך זאָל נישט זעהן. האָב איך מיר אָנגעגורט די לענדען און געמאַכט אַ גוטע רעוויזיע, אונטערוואַרימענדיג דעם סטאַרשינאַ. און אַז איך האָב געחאַפּט אַ קעלבעל, וואָס מען האָט בעהאַלטען, כדי מען זאָל פאַר זיין ביסעל אונשולדיג גראָז, וואָס עס עסט אויף, נישט דאַרפען אָבאַרבייטען, האָט דער סטאַרשינאַ געמאַכט אַזעלכע גוואַלדען: „דו גנב!״, פונקט ווי מען וואָלט טאַקי ביי מיר גופא גע'גנב'עט דאָס קעלבעל.

איך האָב פערשריבען מעהר ווי זעקס הונדערט שטיקלעך. האָב איך, הייסט עס, זעקס הונדערט פוהר-אַרבייטער און זעקס הונדערט פוס-אַרבייטער. אַנ'ענין איז דאָס אַ היבשער, אַ ניש'קשה'דיגער.

דאָס שטיק לאָנקע, וואָס נעבען דאָרף, האָבען זיי אָבגעקויפט ביי מיר פאַר הונדערט רובל און זיבען-און-צוואַנציג שניטער. מכח די בלאָטע-היי האָב איך מיט זיי אָבגעמאַכט אויף דער העלפט: אָבקאָשען אַ העלפט און אַריינפיהרען צו מיר אין שייער און אַ העלפט צו זיי.

די גוים האָבען מיר אָבגעאַרבייט די גאַנצע פעלד-אַרבייט פון אלף ביז תף פּינקטליך, שען און מיט טאַלק. פאַר אַ פּאָסעסאָר איז דאָס אַנ'אוצר. מען דאַרף נישט דאגה'ן זומער פאַר קיין אַרבייטער. אַ שפּאַס, וואָס עס טהוט זיך אָב, אַז עס קומט שניט-צייט און גאָט העלפט, עס איז אַ טרוקענער זומער און די זאַנגען ווערען גיך צייטיג און עס הויבען זיך אָן באַלד אויסצושיטען די קערנער; אָדער פער-

קעהרט, ווען די שאָקען שטעהען אין פעלד און עס מאַכען זיך רעגענס און מען דאַרף זיי וואָס גיכער אַריינפיהרען אין שייער אַריין, ווארום אַז נישט — הויבען זיי אָן פוילען; אָדער אָנהויב וויאָסנע, מען דאַרף פערזייהען די זומער-תבואה און עס שטעהען וואַסערן מיט גרויסע רעגענס, קען מען נישט פערזייהען. טהוט אָבער פאָרט באַלד אַ שיין די זון, קאָן מען שוין זיך נעהמען צו דער אַרבייט, מוז מען דעמאָלט האָבען אַ סך הענד, ווייל עס איז שפּעטליך און מען דאַרף זיך צו-איילען. אַקערט מען שנעל, בראָנעווען מען שנעל, זייהט מען שנעל. טאָמער פערשפּעטיגט מען דאָך, האָט שוין די תבואה קיין צייט נישט פאַר זיך צו וואַקסען — ווערט אַ צרה מיט אַ מהומה; דאָס לעבען איז דעמאָלט נישט ניחא. מיט איין וואָרט, מען מוז האָבען וואָס מעהר אַרבייטער. זאָל גאָט אויסהיטען, טאָמער פעהלען דעמאָלט אויס אַרבייטער — מען איז ממש פערפאַלען. די פּאָסעסאָרען לויפען דעמאָלט אַרום, ווי פער׳סמ׳טע מייז, זוכען מיט ליכט אַרבייטער, און גרויסע טראָפּענס שווייס שטעהען זיי אויפ׳ן פנים.

אין דעם פרט וואָלט מיר געווען אמת גוט, ווען נישט די גרויסע חסרונות פון קושעליעווע גופא.

קורם כל דער וואַלד פון קושעליעווע. ער האָט געהאַלטען אַכצעהן הונדערט מאָרג און האָט זיך געגרעניצט מיט טעמרער וואַלד, נאָך אַ גרעסערער; דער טעמרער, ווידער, מיט נאָך וועלדער, אַזוי, אַז עס איז דורכאויס אַרום און אַרום געווען וואַלד. מיין קליין הויפעל איז געשטאַנען אין מיטען קושעליעווער וואַלד, ווי אַ פערוואונדעטער פויגעל, עלענד, איינזאַם און פערלאָזען, — אַנ׳אמת׳ע וויסטעניש. די ערד איז מאָגער, און דאָרט, וואו עס איז נישט מאָגער, ליגען שרעקליכע זומפּען, בלאָטעס, געמויזעכטסען, פאַר שדים אויף צו וואוינען. אין וואַלד איז נישטאָ קיין וועג, וואָס זאָל זיך ציהען, ווי עס טרעפט דאָס רוב, פון איין שטאָדט אין אַ צווייטער. נישטאָ, נישט קיין וועג, נישט קיין שטעג.

אין וואַלד זענען געווען זעהר פיעל וועלף. דער גראָדנער גובערנאַטאָר פלעגט אַרויסשיקען איין מאָל אין צוויי יאָהר אַנ׳אָבלאַווע אויף וועלף. די דאָזיגע וועלף, האָבען זיך נישט געשראָקען צו חאַפּען ביי מיר סאַמע אין הויף אַ גאַנז. איינמאָל, געדענק איך, האָבען פויערים,

אקערנדיג די פעלדער, נעבען הויף, דערזעהן א הינקעדיגען וואָלף. האָ־
בען אלע א וואָרף געטהאָן די אַרבייט אין מיטען און זיך אַוועקגעלאָזט
מיט דראָנגען דער'הרג'ענען דעם וואָלף, און דערביי האָבען זיי גע־
מאַכט אַזוינע גרויסע געוואַלדען, אַז עס האָט געגרוילט.

עס זענען אויך געווען ווילדע חזירים, וואָס פלעגען אויפעסען די
קאַרטאָפלעס פון פעלד.

בעת די קיה פאַשען זיך אין וואַלד, קענען די פאַסטוכער נישט
צונויפקלייבען זיי אין איין אָרט, אַוועקצוטרייבען אַהיים. יעדער פאַסטוך
שרייט און הוקעט צו זיינע בהמות און טרייבט זיי איינציגווייז. אַ בהמה
קען זיך אַמאָל פערדרוקען אונטער אַ בוים און דער פאַסטוך דערזעהט
זי נישט. אַלע בהמות פלעגען זיך צושפּרייטען אונטער די בוימער, און
מען האָט בעדאַרפט האָבען אַ סך פאַסטוכער.

יעדער פויער האָט געהאַט אַ בעזונדער פאַסטוך, אָבער עס איז
דאָך געווען כמעט ווי אונמעגליך, אַז אַ פאַסטוך זאָל ברענגען אַהיים
אַלע זיינע בהמות פאַר אַמאָל. ביי יעדערן פלעגט טיילמאָל פערבלייּ־
בען אין וואַלד אַ בהמה נעכטיגען. דאָס האָט די גוים זעהר געשראָ־
קען. וואָרום עס איז גאַנץ מעגליך, אַז די בהמה זאָל איבער נאַכט
אויפגעפרעסען ווערען פון די וועלף. אין אַזוינע נעכט פלעגען די פוי־
ערים אומלויפען איבער'ן וואַלד ווי משוגעים און זוכען זייערע בהמות.
דערביי האָבען זיי שרעקליך געשריען, כדי די בהמות זאָלען דערקע־
נען דעם קול פון בעל־הבית און די וועלף זאָלען זיך דערשרעקען...

שוין דעם ערשטען אָווענד האָב איך דערהערט די צוזוינגענע
טרויעריגע אויסגעשרייען פון די פויערים, וואָס זענען אַרומגעלאָפען
אין וואַלד:

— הו־הו!.. הו־הו!..

אַ שוידער געהט דורך איבער'ן לייב: וואַלד, נאַכט, וועלף און
פויערים, וואָס דאַרפען מיר קיין גוטע פריינד נישט זיין...

די קולות שטאַרקען זיך, קומען אַלץ נעהנטער און נעהנטער.

— הו־הו!.. הו־הו!..

און אַז מיר האָבען אין דער ערשטער צייט דערזעהן עטליכע
פויערים מיט ביקסען אין די הענד (די פויערים האָבען אַלע געהאַט

ביקסען), נאָך די שרעקליכע געשרייען, זענען מיר געבליבען טויט, סאַמע מתים.

אָבער אַז זיי האָבען אַראָבגעחאַפּט די היטלען און געזאָגט דעם גרויסען דאָברי-וועטשער און געפרעגט מיט גוטע, פערצווייפעלטע שטימען, צי זייערע בהמות זענען נישט פערנומען ביי מיר אין שאָדען, איז אונז עטוואָס לייכטער געוואָרען אויפ׳ן האַרצען.

אַזאַ מין פאָרציגע האָבען מיר אויך געהאַט באַלד אין דער ערשטער נאַכט פון אונזער קומען קיין קושעליעווע. עס האָט אונז געטרייסעלט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. דערנאָך, אַז מיר האָבען דערזעהן די פערצווייפעלטע גוים, האָב איך זיך מיט דער ווייב פאַלש געטרייסט, אַז פאַר די פויערים האָבען מיר גאָרנישט וואָס צו מורא האָבען — גוטע גוים...

אין זין פון אָרדנונג און געזעץ זענען די פויערים דעמאָלט נישט שלעכט געווען אַוועקגעשטעלט. עס איז דאָך געווען נאָך דער פויערים-בעפרייאונג. די פויערים האָבען געהאַט אַן׳אייגענעם סוד, וואָס האָט געהאַט גרויסע פאָלמאַכטען.

אָט דער סוד, וואָס איז בעשטאַנען פון פיער פויערים, האָט געקענט צו׳משפט׳ן פופציג שמיץ אפילו. די טהעטיגקייט פון סוד האָט זיך בעצויגען נאָר צו פויערים. האָט אַ יוד אָבער געהאַט אַ משפט מיט אַ פויער, האָט דאָס שוין געהערט צום מיראָוואָי סודיאַ. אַז דער יוד האָט געוואָלט, האָט ער געקענט איבערטראָגען זיין משפט מיט׳ן פויער אין פויערשען סוד.

דער דאָזיגער סוד איז געווען העכסט אונפאַרטייאיש. מען האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישען אַ יוד און אַ קריסט. מען האָט געמאַכט גערעכט דעם, וואָס איז געווען גערעכט, און, פערקעהרט, פער׳משפ׳ט דעם, וואָס איז געווען אונגערעכט. דער יוד האָט נאָך דערצו געהאַט אַ פריוויליגיע: אויב דער פסק-דין פון פויערים-סוד איז איהם נישט געווען צום האַרצען, האָט ער געהאַט אַ ברירה נישט צו הערען איהם און איבערטראָגען דעם פראָצעס אין מיראָוואָי סוד.

אין יענער צייט האָבען די פויערים בכלל געהאַט אָבשיי פאַר יודען און זאָגאַר געהאַלטען זיי פאַר גרעסערע יחסנים. דעמאָלט האָט מען נישט געהערט, אַז פויערים זאָלען בעגעהן געוואַלדטהאַטען איבער יודען. טאָמער האָט עפּיס אַזוינס געטראָפען, איז עס געווען אַ זעלטע-

נער פאל. די קאנצעלאריעס האבען אויך גוט אלטונג געגעבען אויף זיי.

ביסלעכווייז האבען מיר זיך איינגערוהיגט, הגם זייער הוקעניש און שרייעניש אלע נאכט האט געריסען ביים הארצען.

גרויס עגמת נפש האב איך געהאט פון די בהמות, וואס פלעגען איינזינקען אין די וואלד-זומפען. עס איז נישט אוועק א טאג, וואס א בהמה זאל זיך נישט איינקנעטען אין א זומפ. א זאך איז דאס געווען א געפעהרליכע. א בהמה איז בטבע א „שוואך וועזען", און אין א פאר שעה צייט, ווען זי ליעגט אין זומפ, פערקיהלט זי זיך און פגר'ט גאר אוועק דערנאך.

אלע טאג איז דער פאסטוך געקומען צולויפען מיט דעמזעלבען:

— חאזיאאין, א בהמה זיצט אין זומפ!..

האט מען געמוזט באלד צונויפרופען גוים, אז זיי זאלען ארויסהויבען די בהמה פון זומפ. צוזאמען מיט די פויערים פלעג איך אליין אויך מוזען קריכען אין טיעפע בלאטעס, וואס האבען צוגענומען דאס געזונד. אריינגעקראכען מיט איין פוס און קוים ארויסגעשלעפט, גאט צו דאנקען, ארויסגעשלעפט — און דער צווייטער פוס איז שוין טיעף פערזונקען.

פיעל מאל פלעגען מיר געפינען די בהמות כמעט ווי גע'פגר'טע, פלעגען מיר מאכען א פייער פון טרוקענע צווייגען און ווארימען זיי נאכ'ן ארויסנעהמען פון זומפ, ביז זיי האבען זיך געקענט אויפהויבען און געהן אהיים.

אזוי האב איך געהאט אלע טאג אנ'עסק מיט בהמות.

דערנאך האט זיך אנגעהויבען א סדרה מיט'ן פערקויפען איינציגע שטיקלעך לאנקעס, אנ'ערך פיערציג שטיק, וואס זענען געלעגען צעווארפען אין דער נאסער זייט פון וואלד. פלעגען קומען די פויערים פון די ארומיגע דערפער קויפען שטיקלעך לאנקע. האט מען מיך ארומגעפיהרט איבער'ן נאסען וואלד: איין פוס אריין — דער אנדער פוס ארויס, אזוי כסדר, נאכאנאנד, לאנג, און איך פלעג קומען אהיים כמעט א טויטער.

פון אזא קריכעניש בין איך קראנק געווארען, מיר האט אנגעהויבען וועה צו טהאן אין הארצען, און אז איך פלעג קומען אהיים, פלעג איך פאלען אויף דער קאנאפע. קוים וואס איך האב געלעבט,

און דאָס ווייַב האָט אָפּטער צוגעוואָרפֿען:

— לאָמיר איבערלאָזען די גאַנצע קושעליעווע און אַנטלויפֿען מיט׳ן לעבען.

טייַלמאָל האָב איך בעדאַרפֿט צו־פֿאָהרען אין די אַרומיגע שטעדטלעך אייַנצוקויפֿען אויף די מערק נויטיגע זאַכען, וואָס מען בע־דאַרף אָפֿטער האָבען אין אַ בעלי־בתי׳שקייַט. צוריק אַהיים פֿלעגט מיר אויסקומען פֿאָהרען בייַנאַכט, אַרום מיר פֿלעגען וואָיען הונגעריגע וועלף, און כדי צו פֿערטרייַבען די אומעטיגע רעיונות, פֿלעג איך שרייַ־ען, קלאַפּען און קלינגען מיט אַ גלעקעל. דער העק, די פֿערוואָרפֿענ־קייַט האָט מיך אינגאַנצען דערשלאָגען.

בייַ לייַטען אויף די דערפֿער פֿאָהרט מען אין געסט אין דער פֿרייַער צייַט. בייַ לייַטען אויף די דערפֿער איז נישטאָ אַזוי פֿיל וואַלד, אַרום איז מעהר פֿרייַ, מען פֿערברענגט ביז שפּעט אין די אָוועגדען אייַנער בייַם צווייטען און דערנאָך פֿאָהרט מען זיך אַהיים; אָבער דאָ קומט קיינער נישט צו מיר און נישט איך צו קיינעם. דער פֿערשאָל־טענער וואַלד האָט פֿאַר אַלעמען פֿערצוימט דעם וועג.

איך האָב אינגאַנצען פֿערוואָרפֿען מייַנע חקירה־ספֿרים און בין געוואָרען אַן׳אמת׳ער העק־ישוב׳ניק מיט אַלע פּיטשעווקעס, און אין די זונטאָגען אָדער חגא־טעג פֿלעג איך פֿערברענגען מיט די פּויערים. אויפֿ׳ן האַרצען איז מיר געווען שווער, זויער, נישט ניחא. מיר האָבען באַנג געטהאָן מייַנע קינדער, וואָס וועלען פֿערגרעבט ווערען אין אַזאַ מדבר.

און אַז איך פֿלעג מיך דערמאָהנען אָן די מאַקאַראָווצער פֿער־געניגענס מיט די פֿרייַהייַטען, מיט די טייַערע האַרציגע פֿרייַנד און בעקאַנטע, פֿלעגט מיר אויפּקאָכען דאָס בלוט פֿון פֿערדרוס, אַז איך וואָלט זיך אַליין צוריסען אויף שטיקלעך.

צו וואָס האָב איך אַרויסגעוואַנדערט פֿון דאָרט אַהער?

שלעכט מיט די קושעליעווער פּויערים האָב איך נישט געלעבט. איך האָב זיי קיינמאָל נישט בעשטראָפֿט, ווען זייערע בהמות פֿלעגען געהן צו מיר אין שאָדען. פֿונדעסטוועגען בין איך געווען אַ יוד, אַ פֿער־וואָרפֿענער יוד און זיי — אַ סך, אַ סך גוים...

איך האָב זיי אַלץ געשענקט, געליהען זיי געלד, ווען זיי האָבען

נויטיג בעדארפט, איך האב זיי אפטמאל טובות געטהאן און זיך לפי ערך איינגעלעבט מיט זיי. אבער דער פויער איז מיר דאך פערבליבען פרעמד. און אפילו מעהר זוי פרעמד... נישט קוקענדיג דערויף וואס פויערים געדענקען א טובה, מענשליכע גוטסקייט.

איך בין איינמאל אין א חנא געגאנגען בעקוקען מיינע פעלדער אין וואלד. דערזעה איך, ווי צוויי אקסען פאשען זיך אין די קארן, און דער פאסטוך אנטאן, א יונג פון א יאהר 20, דער גרעסטער גבור אין דארף, זיצט זיך גלייכגילטיג מיט'ן פייפעלע, ווי נישט איהם מיינט מען. נעהם איך און שנייד אויס א רוט פון א בוים און הויב אן צו טרייבען די אקסען צו זיך אהיים. אבער אנטאן טרייבט זיי צו זיך אין דארף אריין. איך טרייב זיי אין הויף און ער — אין דארף. האב איך דערצעהלט דעם סטארשינא, אז אנטאן האט מיר נישט געלאזען פערנעהמען זיינע אקסען, וואס זענען געגאנגען אין שאדען. האט מען זונטאג געמאכט אין קאנצעלאריע א משפט אויף אנטאנ'ען און מען האט איהם צוגע'משפ'ט 20 שמיץ.

דער פאפעסאר — א גוטער, למאי איהם אנטהאן שאדען?.. איז צו מיר געקומען אנטאנ'ס פאמיליע, בראש מיט זיין ברודער פאוועל דעם סטאראסטא און מען איז מיר געפאלען צו די פיס, איך זאל איהם מוחל זיין. און אז איך האב איהם מוחל געווען, איז דאס ביי זיי זעהר אנגעלעגט געווען. אבער גאר אין גאנצען זיין צו מיר גוט, האבען זיי דאך נישט געקענט. מיר האט זיך געדאכט, אז זיי טראכטען שטענדיג איין זאך: וואס טהו איך דא צווישען זיי? ווי קום איך אהער? וואס פערגעהם איך זייערע פעלדער? וואס באמבעל איך זיך, א יוד, צווישען זייערע שווארצע, האאריגע פנימ'ער און בייזע, חמארנע, הונגעריגע אויגען?..

שניט-צייט האט דאס גאנצע דארף זיך גענומען צו מיין תבואה. זיי האבען מיך פריהער געוואלט אב'פטר'ן און דאס איז געווען א גרויסע זאך. די תבואה איז געווארען טרוקען און מען האט בעדארפט וואס גיכער אבשניידען, און גלייך אויף מארגען אריינפיהרען די שאקען אין שייער, בכדי די קערנער זאלען זיך נישט אויסשיטען אין פעלד. אין צעהן טעג צייט איז שוין געווען ביי מיר אבגעשניטען דאס גאיצע קארן און אריינגעפיהרט אין שייער.

די זומערדיגע תבואה איז דאָס יאָהר געווען אזוי געראָטען, אז אַלטע גוים האָבען געזאָגט, אז זיי געדענקען שוין נישט נאָך אזא גע־ראָטען יאָהר אויף קאָרן, גערשטען, האָבער, קאַרטאָפּלעס, אַרבעס, גריקע און אַלע גערטנער־גרינסען זענען געווען זעהר שלעכט: פון פיערציג מאָרג פערזייהטען האָבער האָב איך אפילו נישט געהאַט פאַר מיין פאָר פערד צו געבען עסען. מאָגערע שווארצע קערנער—און אויף זייהען איבער אַ יאָהר האָב איך געמוזט אַלץ דערקויפען.

נאָר היי האָב איך געהאַט זעהר פיעל. אפשר 400 פוהרען היי.

אָבער וואָס איז די פעולה, אז עס איז שלעכט, אומעטיג און נודנע, אז איך קאָן מיך קיין אָרט נישט געפינען?

און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל האָב איך פאַר זיך, אין דער־שטיל און מיט וועה דערמאָהנט די גוטע, די ליעבע און היימליכע מאַקאַראָווצי...

## דרייצעהנטעם קאַפּיטעל.

דער וואַלד ברענט. — אַ שרעקליכע שׂרפה. — איך בין צומישט. — מיר ראַטעווען די שטוב־זאַכען. — אָבגעברענט אַ פּופציג דעסיאַטין וואַלד. — דער וואַלד ברענט ווידער. — איך לויף הענ־דום־פּענדום זוכען לעשער. — דער סטאַראָסטע. — איינגעלאָשען. — מיינע אַגראָנאָמישע פּלאַנען. — אַ נייעם אומגליק. — אַ דאַך איינגעפאַלען. — נאָך גרעסערע צרות. — דאָס קינד פון וויעגעלע אַרויסגעפאַלען. — מיין ווייב'ס קראַנקהייט. — די קינ־דער קראַנק געוואָרען. — לויף אַהין — לויף אַהער. — יעקב־יאָ־סעל. — אַ יודענע מיט אַ חלום. — געוואַלד !!! — די צואה מיט די האָהר. — מיין נגונ'דעל.

איינמאָל, ביים שניידען האָבער, בין איך מיר אַזוי געשטאַנען נע־בען די שניטער פערטיעפט אין מיינע רעיונות. צווישען די שניטער איז געווען אַ פויער טעאָדאָר, זעהר אַ בייזער, אַ שלעכטער, אין וועלכען איך האָב געפיהלט שטענדיג אַ בעזונדער שנאה צו מיר. און אָט גיט זיך דער דאָזיגער טעאָדאָר פּלוצלונג אַ דרעה אום און לאָזט אַרויס אַ פרעהליכען געשריי:

— דער הויף ברענט!..

איך בין בלאס געווארען. פון דער זייט פון הויף שטייגט ארויס א רויך אין הימעל אריין. מיט די לעצטע כחות בין איך אוועקגעלאפען צוזאמען מיט נאך א פינף פויערים צום הויף. וואס ווייטער איך לויף צום הויף, אלץ מעהר, זעה איך, גרעסערט זיך דער רויך און פערשפרייט זיך איבער'ן גאנצען וואלד, ווי א דונקעלע טוך, און אז איך קום צום הויף, לויפט מיר דאס ווייב אנטקעגען מיט פערבראכענע הענד:

— דער וואלד ברענט!...

דאס פייער דערנעהנטערט זיך צום הויף און אט וועלען אודאי איינגעשלונגען ווערען די שטרויענע דעכלעך פון פייער...

און איך ווייס גארנישט, וואס מען טהוט און ווי מען לעשט אזא גרויס פייער אין וואלד. און איך ווייס גלאט נישט אויף וואסער וועלט איך בין. די פויערים האבען געזאגט, אז דער הויף איז אין סכנה, ווארום דער וואלד איז פול מיט טרוקענע צווייגען. שוין פיער יאהר, אז מען האקט אין וואלד בוימער, וואס דארפען געהן קיין דאנציג. א פאר חדשים אז קיין רעגענס זענען נישט געווען. דאס גראז מיט די צווייגען זענען טרוקען: גאלדען ברען-מאטעריאל!

מיט פופצעהן יאהר צוריק איז אויך אבגעברענט געווארען דער הויף. דא זענען געווען צוויי ברייזער, א בראנפען- און א ביער-ברויז. דאס אלץ איז אומגעקומען פון פאזשאר, וואס האט זיך אנגעהויבען אין וואלד. אום איינצולעשען אזא גרויסען שטח פייער, מוז מען האבען א פאר הונדערט מענשען.

ערשט איצט האב איך געזעהן, ווי די פערבארגענע שנאה פון די פויערים צו מיר וויל גיפטיג און שטיל ארויסטרעטען פון אויבען...

א פרעמדער בין איך זיי. איינגאנצען א פרעמדער. פרעמדעס בלוט איז אין מיר.

דעם ווייב האב איך געהייסען, זי זאל דערווייל מיט די פויערים ארויסראטעווען אין א פורגאן די שטוב-זאכען און אליין חאפ איך א פערד און לויף נאך גוים צו לעשען דאס פייער. אבער עס איז זומער, קיין שפור פון א פויער איז נישטא אין די דערפער. די קליינע פאשען, די גרויסע שניידען תבואה ביי זיך און ביי די פאסעסארען.

לויף איך מיט א טרויעריגען גאלאפּ ווייטער און טרעף אויפ'ן וועג פויערטעס, וואס שניידען תבואה. שריי איך צו זיי און בעט זיך, אז זיי זאלען אוועקווארפען דאס שניידען און וואס גיכער לויפען לעשען דאס פייער אין וואלד.

דערפאר וועל איך זיי שענקען די שניטער, וואס זיי זענען מיר שולדיג פאר די בייטען קאנאפּליעס, וואס זיי האבען ביי מיר גענומען. יעדע פויערטע נעהמט ביי מיר א בייט אויף צו זייהען קאנאפּליעס, און פאר יעדע בייט גיט מען מיר פינף שניטער אדער אנדערע ארבייטער.

אזוי בין איך געלאפען א וויארסט אלט צווישען די פעלדער און אלעמען געבעטען רחמים: לויפען העלפען לעשען דעם גיהנם. און לויפענדיג, קוק איך מיך אלעמאל אום אויף הינטען... זעה איך, ווי דער רויך איז אזוי גרויס ווי דער וואלד, קיין פייער זעהט מען נישט, נאר א געדיכטען, רויטען רויך, אויסגעמישט מיט פייער, וואס דערגרייכט ביז'ן הימעל.

דאס הארץ האט אין מיר געצאפּעלט. מיר האט שוין נישט געארט, וואס איך וועל דא אנ'ארימאן, נאר איך האב איבערגעלאזען אליין מיין ווייב מיט צוויי קליינע קינדער אין אזא גרויסער שרפה, צווישען שונאים, און זי וועט דארט אודאי חלש'ען און עס וועט נישט זיין ווער עס זאל זי מינטערען. מיר האט זיך דאך איינגעגעבען איינצובעטען אלע פויערים און פויערטעס, וואס איך האב געטראפען אויפ'ן וועג, אז זיי זאלען לויפען לעשען, און אליין בין איך געפאהרען ווייטער.

אז איך בין געקומען אהיים, האב איך געטראפען דעם רויך קלענער. מען האט, אפנים, געלאשען.

די פויערים האבען געוויס נישט צוגעלעגט צו דער שרפה. איך וועל זיי דאך שענקען זייער ארבייט, וואס מיר קומט!

עס האט אפּגעברענט א פופציג דעסיאטין וואלד, נישט וויט פון מיין הויף; אנדערע בוימער האבען שטיל געטליעט. געלאשען האבען די גוים מיט לאנגע ריטלעך אין די הענד; מיט די ריטלעך האט מען געשמיסען דאס גראז, איינגעקלאפּט דאס פייער.

טרוקענע צווייגען ברענען ארום די בוימער שנעל, אבער די בוימער גופא ברענען נישט. איך בין שוין נישט אוועקגעגאנגען ביז

מען האָט אינגאַנצען נישט איינגעלאָשען. צוזאַמען זענען געווען עטליכע הונדערט מאַן, פויערים און פויערטעס.

נאָך דער סכנה בין איך אַוועק אַהיים און אָבגערעכענט די פויערים, ביי אַ פיער הונדערט ארבייטער. די פרעמדע האָב איך צוגעזאָגט געבען יעדען צו פאָר פוד היי.

דערמיט האָט זיך עס אָבער נישט געענדיגט. אַ וואַלד קען מען נישט איינלעשען פאַר אַמאָל. אויף מאָרגען האָט ביסלעכווייז ווייטער געהאַפּט ברענען דער וואַלד. איך האָב געמוזט ווידער לויפען נאָך ארבייטער, זיי זאָלען לעשען דאָס פייער.

אַזוי האָט כמעט אַלע טאָג געברענט. איך האָב געמוזט פערלאָזען מיין ווירטשאַפט און לויפען יעדען טאָג ברענגען ארבייטער. אייגענטליך האָב איך געוואוסט, אַז ווען מען רופט פויערים אויף צו לעשען אַ שרפה, מוזען זיי געהן. אָבער מען קען זיי דאָך נישט נויטען, און זייער הילף מוז קאָסטען געלד.

בכלל איז פייער אַ געוואַלטיגע סטראַשידלע אין דאָרף. מיט פייער מוז מען דאָרט זיין זעהר פאָרזיכטיג.

איך האָב זיך דערמאָהנט, אַז איינמאָל בין איך אַזוי געזעסען אויפ'ן גראָז, ביי די שניטער, און פעררויכערט אַ פּאַפּיראָס. איך האָב אַוועקגעוואָרפען די ברענענדיגע שוועבעלע, און דאָס גראָז האָט זיך אָנגעהאַפּט מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז איך האָב קוים מיט די טריט געקענט איינלעשען. און ווען איך וואָלט באַלד נישט איינגעטראָטען דאָס פייער, וואָלט עס זיך אפשר פערשפּרייט אין אַ קלייניגע ווייל אויף וויאָרסטען וויַיט.

דערפון האָב איך אויך איינגעזעהן, אַז יעדער שנעק, אַ פּאַפּטוך צי וועך, קען אין אַ רגע אונטערצינדען מיין הויף.

דעם אַנדערן האַלבען זומער ביז אין מיטען אָסיען האָבען מיר געלעבט אין טויט-שרעק. עס איז געוואָרען פון מיר אַ תל. קיין טראָפּען בלוט איז אין מיר דערמאָלט נישט געבליבען. אין מיר האָט שטענדיג געקאָכט דאָס הארץ. אונגליקליך בין איך געוואָרען פון די וואַלד-פּאַזשאַרען.

איך האָב שוין צוגעזאָגט געבען דעם סטאַרשינאַ אַ גוטע מתנה: פינף פוהרען היי, און דעם שרייבער אַ פינף-און-צוואַנציג-רובלדיגע, אַז

טאָמער וועל איך קומען בעטען הילף, זאָלען זיי מיר באַלד אַרויס־שיקען פון די דערפער די פּויערים.

אוּמערדעם האָב איך געטהאָן און געטיילט בראָנפען...

איינמאָל, אין אַ פריימאָג ביינאַג, האָט גענומען פון דאָס ניי ברענען דער וואַלד. דאָס פייער האָט זיך שנעל און שטאַרק פערשפּרייט. צו מיין גליק איז דאָס געווען אַ חגא-טאָג. בין איך געלאָפען אויף אַ וועגעל גלייך אין קאַנצעלאַריע צום שרייבער. דער סטאַרשינא, וואָס וואוינט ביי מיר אין דאָרף, איז נישט געווען. איך קום אין קאַנצעלאַריע, — דער שרייבער איז נישטאָ. זאָגט מען מיר דאָרטען, אַז דער שרייבער געפינט זיך אַ צוויי וויאָרסט פון דאַנען — ביי זיין געליעבטער.

בין איך געלאָפען אַהין. די טהיר איז פערמאַכט. איך קלאַפּ און קלאַפּ — קיינער רופט זיך נישט אָן. פרעג איך די שכנים, צי דאָ איז נישט געווען דער שרייבער, זאָגען זיי, אַז ער איז דאָ מיט זיין געליעבטער און וויל נישט עפענען. האָב איך אָנגעהויבען זעצען און האַקען שטאַרק אין טהיר, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב און זיך געוואָלט וואַרפען שלאָגען, נאָר אַז ער האָט דערפיהלט אין האַנד אַ צעהן-רובלדיגע, וואָס איך האָב איהם גיך אַריינגעשטעקט, האָט ער אָבגעהאַלטען די הענד. איהם האָט זיך זעהר נישט געגלוסט אוועקצעוואַרפען די געליעבטע און לויפען צונויפרופען די פּויערים.

— איך בין קראַנק... — האָט ער געלייגט.

מיט צרות און מיט מילדע סטראַשונקעס האָב איך איהם קוים איינגעבעטען. אויפ'ן וועג האָבען מיר אויפגעקליבען אַ דריי הונדערט פּויערים און איך האָב געקויפט צוואַנציג טעפּ בראָנפען מיט הערינג און קעז...

ביז איך בין געקומען צוריק, אַזוי אין אָווענד, האָט זיך שוין דאָס פייער פערשפּרייט איבער'ן גאַנצען וואַלד אין דער לענג און, צו מיין גליק, האָט זיך דאָס פייער געריסען אין דער צווייטער זייט, נישט צום הויף. די פּויערים האָבען געזאָגט, אַז זיי זענען נישט בכח צו לעשען אַזאַ גרויס פייער, נאָר זיי וועלען אַלע היטען דעם הויף, אַז דאָס פייער זאָל נישט צוקומען.

פּויערים האָבען געראַטען, מען זאָל שיקען צו די וויינבער נאָך

די לײַוועַנדען, וואָס זיי וועבען אויס. די לײַוועַנדען זאָל מען ווייקען אין וואַסער און בעלעגען די דעכער פון הויף.

צוגעזאָגט גוט צו בעפרידיגען, האָט מען אָנגעבראַכט פעסער און עמער, און קאַדעס פון אַלע אַרמיגע דערפער און מען האָט געווייקט לײַוועַנדען. דרײַ־הונדערט פויערים האָבען געמאַכט אַ שנאַפּס און זיך צולעגט אויפ׳ן גראָז וואַרטען, ביז דאָס פײַער וועט קומען נעהנטער צום הויף...

פון זייער וואַרטען אַליין האָט אָנגענומען אַ שוידער.

אַרום איז אַ גיהנם פון פײַער, און די פויערים ליגען זיך רוהיג און וואַרטען, נאָכ׳ן שנאַפּס, אויפ׳ן פײַער. איך זעה, אַז עס גענעהנט זיך — און די פויערים שווײַגען. עס פּלאַצט אין מיר דאָס האַרץ. דער קאָפּ ברענט. משוגע ווער איך.

— זאָלסט וויסען, — האָב איך פערצווייפעלט אַ געשריי געטהאָן צום סטאַרשינאַ, — אַז איך געה אַוועק אינגאַנצען פון הויף און איך לאָז איהם איבער אויף דײַן אחריות. געדענק, אַז דו וועסט אין טורמע פערפוילט ווערען, און שעמעט וועט דײַנע קינדס־קינדער אויסרײַסען!...

דער סטאַרשינאַ האָט זיך, ענדליך, בעוועגט און אַ געשריי געטהאָן צום עולם:

— לאָמיר געהן לעשען!..

מען איז אַרײַן אין וואַלד, אויסגעשניטען לאַנגע ריטער און אַ מחנה פון דרײַ־הונדערט מאַן האָבען זיך צושטעלט אין דער ברייט בײַם פײַער און געשמיסען, געשלאָגען מיט די ריטער. לאַנגזאַם רוקט זיך די מחנה פאָראויס און טהוט דאָס איהריגע: שמײַסט, שמײַסט דאָס פײַער...

אַזוי איז מען די גאַנצע נאַכט געגאַנגען און געשמיסען מיט די ריטער, ביז מען האָט אײַנגעלאָשען דאָס גאַנצע פײַער, וואָס איז ווײַט פערלאָפען.

דאָס פײַער איז געווען אַזוי גרויס און אַזוי הויך, אַז אין די אַלע שטעדטליך אַרום האָט מען עס געזעהן, און קיין איין מענש פון די דאָזיגע אַרומיגע שטעדטליך האָט די נאַכט נישט געשלאָפען. מען איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אויף די גאַסען, ווי מען האָט מיר דער־

צעהלט, און געקוקט אויף דעם ים פײַער. אַ סך האָבען געוואוסט, אַז דאָס ברענט אַ יוד און האָבען בעווײַנט זײַן אונגליק.

אַ זײַגער זעקס אין דער־פריה האָט מען אײַנגעלאָשען דאָס פײַער, האָב איך ווידער געשיקט נאָך בראָנפען און נאָך הערינג. דער עולם האָט לוסטיג געטרונקען און געגעסען.

אַ זײַגער אַכט אין דער־פריה איז געקומען דער ברעזער אַסעסאָר מיט זעקס־הונדערט גוים. ער האָט נישט געהאַט וואָס צו טהאָן, אָבער געלד האָט ער בײַ מיר יאָ גענומען. ווי קאָן מען אַרויסלאָזען אַנ׳אַסעסאָר אָהן געלד אין האַנד? אָדער פערקעהרט: ווי קאָן אַנ׳אַסעסאָר אַרויסלאָזען אַ יודען אָהן געלד...

די גוים האָבען מיך געטרייסט, אַז מעהר וועט שוין נישט ברענען, וואָרום דאָס גראָז האָט שוין אָבגעברענט. קוים איז נישטאָ קײן גראָז — איז שוין מעהר נישטאָ קײן געפאַהר פאַר אַ שרפה.

און אַזוי איז טאַקי געווען.

געענדיגט מיט די וואַלד־שרפות, וואָס האָבען מיך פאַר דער צײַט אַלט געמאַכט, האָט מען זיך דאָך גענומען צוריק צו דער אַרבײַט. איך האָב בעשלאָסען שטעלען בײַ מיר אין אָבאָרע אַ סך בהמות, וואָרום קײן היי פעהלט מיר נישט. וועל איך האָבען אַ סך מיסט, און אַז איך וועל גוט מיסטיגען און בעאַרבײַטען די ערד, קען איך האָפען, אַז עס וועט זײַן גוט. איך האָב אַזוי געטהאָן.

איך האָב זיך גענומען אויסצופיהרען מײַן פּלאַן: שאַפען אַ סך מיסט און אויסצובעסערן מײַנע פעלדער. איך האָב געגעבען סוף זומער צו וויסען אין אַלע שטעדטליך אַרום, אַז איך נעהם צו פיה אויף ווינטערן, פאַר פינף רובל וועל איך אויסהאַלטען ווינטער אַ בהמה צי אַנ׳אָקס. האָט מען אָנגעבראַכט פון די אַרומיגע שטעדטליך אַ זיעבעציג שטיקלעך.

אויך איז צו מיר געקומען אַ פריץ, וואָס האָט געהאַט אָבצוגעבען פיערציג אָקסען אויף ווינטערן. האָב איך מיט איהם געמאַכט אַ קאָנטראַקט צו פינף רובל פון שטיק. ער האָט מיר תיכף געגעבען צוויי הונדערט רובל דערויף. אין קאָנטראַקט איז געווען געשריבען, אַז טאָמער וועט פגר׳ן אַ שטיק, איז עס מײַן שולד; דאַרף איך בעצאָהלען דערפאַר פופציג רובל. צוזאַמען האָב איך געהאַט הונדערט־

אונ-צעהן שטיקלעך, אויסער מײַנע אײגענע, וואָס זענען געווען בײַ עטליכע-און-צוואַנציג.

אָבער שוין אין אָנהויב ווינטער האָב איך זיך געכאַפּט, וואָס פאַר אַ נאַרישקייט איך האָב דאָ אָבגעטהאָן. ווארום אָנהויב ווינטער האָט דער פרײַז פון היי געשטיגען ביז דרײַסיג קאָפּיקעס אַ פוד. וויפיעל-זשע וועט מיר קאָסטען אַ פוהר מיסט? איך וואָלט בעסער פערקויפט די היי און נישט אָננעהמען אַזוי פיעל מײַלער אויף צו עסען, וואָלט איך געהאַט גאַנץ גרינג אַ פּאָר טויזענד רובל פאַר היי. די האָפנונג אויסצובעסערן די פעלדער מיט׳ן מיסט קאָן סײַ-ווי-סײַ ערשט מקוים ווערען אין עטליכע יאָהר אַרום.

אַ פּלאַן איז דאָס אפשר פאַר אַזאַ ראָזענבלום׳ן, וואָס וואוינט אין אַ פירשטליכען הויף. אָבער איך, וואָס איך לעב אַ ביטער לעבען אין דעם גרויסען מדבר צווישען פײַער, וועלף און פויערים-שונאים, וועל מסתמא אויף לאַנג דאָ נישט בלײַבען. וואָס האָט עס מיר געלוינט? אָבער דאָס איז שוין געווען פערפאַלען, ווי אַלע מײַנע נאַרישקייטען, וואָס איך האָב אָבגעטהאָן. און עס האָט געשטאָכען דאָס האַרץ.

אַז מען האָט אָנגעהויבען אַרויסצופיהרען די מיסט פון אָבאָרע, האָט מען געפונען אונטער די מיסט שרעקליכע גרויסע שלאַנגען. די פויערים האָבען זעהר מורא פאַר אַ שלאַנג, איז געוואָרען אַ געשריי, מען איז זיך צוזאַמענגעלאָפען מיט דראַנגען און דער׳הרג׳עט די שלאַנגען. עס זענען געווען מעהר פון זעכציג גרויסע שלאַנגען. אַנדערע האָבען בערך געהאַלטען אָנדערטהאַלבען אַרשין די לענג.

די שלאַנגען האָבען אויף מיר אויך שלעכט געווירקט.

ווינטער, בעת אַרבייט איז געווען ווייניג און די נעכט זענען גרויס, האָב איך אָנגעהויבען פון דאָס-נײַ צו בענקען נאָך ביכער, און מיך איז בעפאַלען אַ גרויסע מרה-שחורה.

די נעכט זענען גרויס, בײַטאָג האָב איך אויך נישט וואָס צו טהאָן, חאָטש ווער משוגע, בין איך געפאָהרען קיין קאָברין, זעקס מײַל, צו ר׳ יאָשע׳ס זוהן — לײַהען בײַ איהם אַ בוך. לײַה איך איין בוך, צוויי ביכער, פאַר אַ פּאָר טעג לעז איך זיי איבער און האָב שוין ווײַטער נישט וואָס צו טהאָן. אָבער גאָט האָט מיך מיט צרות נישט פערלאָזען.

חנוכה־צייט דערהער איך פלוצלונג, אין שטוב זיצענדיג, ווי עס האָט עפּיס אַ קלאַפּ געטהאָן, אָבער שטאַרק און שווער, אַזוי ווי אַ דונער. לויפען מיר אַלע צו צום פענסטער, זעהען מיר, צו אונזער גרויסען שרעק, אַז דער דאַך פון דער גרויסער אָבאָרע, וואו אַלע בהמות שטעהען, איז איינגעפאַלען. איך קען מיר נישט פאָרשטעלען, ווי אַזוי זענען מיר אַלע דעמאָלט נישט אויסגעשטאָרבען פון שרעק.

זענען מיר הענדום־פּענדום אַריינגעלאָפען אין אָבאָרע. דאָס האַרץ טיאָלקעט, טיאָלקעט. אָבער אַלע בהמו׳ת זענען געווען גאַנץ... אַפנים, די בהמות האָבען אינסטינקטיוו זיך געדריקט צום וואַנד, בעת זיי האָבען דערהערט, אַז דער דאַך ברעכט זיך. איינגעבראָכען האָט ער זיך אין דער מיט. געשטאָרבען זענען מיר נישט. אָבער מיין ווייב איז טאַקי דעמאָלט קראַנק געוואָרען פון שרעק.

דער דאַך האָט זיך איינגעבראָכען פון דער גרויסער שניי־משא. דעמאָלט זענען געווען גרויסע שנייען, און איך האָב נישט געוואוסט, אַז מען דאַרף די שנייען אַראָבוואַרפען פון די דעכער...

האָט דער דאַך נישט געשעדיגט קיין בהמות, האָב איך פון איהם אַזוי געגוג געהאַט; ווארום די בהמות קענען נישט פערטראָגען קיין קעלט. חאָב איך זיי געמוזט געבען בעסער עסען, כמעט דורכאויס היי, וואָס איז ביי מיר אַוועקגעגאַנגען דאָפּעלט און וואָס האָט, מיר אויף צו להכעיס, געשטיגען ביז זעכציג קאָפּיקעס אַ פוד.

אַלע פויערים האָבען געמוזט פערקויפען זייער פיה, זיי האָבען נישט געהאַט מיט וואָס זיי צו קאָרמען. בהמות האָט מען געקענט קויפען ממש בחצי חנם. אַ בהמה, וואָס האָט פריהער געקאָסט דרייסיג, פיערציג רובל, האָט מען דאָס יאָהר געקויפט פאַר אַכט, ניין רובל, און אַ קאַלב פון אַ פּאָר וואָכען אַלט, האָט מען פערקויפט פאַר אַכט גילדען...

פאַר פסח זענען געקומען די אַרומיגע פויערים קויפען ביי מיר היי. איך האָב זיי אָבגעזאָגט. קיין היי האָב איך נישט, נאָר אין ווינקעל שייער ליעגט ביי מיר פערפוילטע, פערפרוירענע היי פון די סטייגעס, איז דאָס ביי זיי אויך געווען אַ סחורה. האָבען די פויערים מיר געצאָהלט פינף־און־צוואַנציג קאָפּיקעס אַ פוד... אַזעלכע נישטיגע היי.

איך האָב אָבגעלייזט דערפון הונדערט־און־פופציג רובל.

ווען נישט מיין נארישקייט מיט'ן מיסט, וואלט איך דאס יאהר גליקליך געווארען. אנ'אנדערער אויף מיין ארט וואלט זיך אויפגעגעסען א לעבעדיגער פאר עגמת נפש, וואס ער האט בידים אנגעווארען אזא גרויס פערמעגען. איך האב אבער געהאט צער נישט פון דעם געלד, וואס איך וואלט דא געקאנט פערדינען, נאר פון מיין שלים-מזל, פון מיין „מיט די פוטער אראב", וואס עס געהט מיר קאפויר, שלעכט, נאריש, וואס איך רעכען אויס נישט גוט, וואס איך ווער בעגראבען אין אלץ...

נישט האבענדיג וואס צו טהאן און קלערענדיג, ווי קומט מען איבער דעם גרויסען ווינטער אהן א שטאך ארבייט, בעת קיינער קומט צו מיר נישט און איך צו קיינעם נישט, האט דאך גאט אויף מיר ווידער רחמנות געקראגען, זיך דערבארימט, הייסט עס, און צוגעשיקט א נייע צרה, אבער גאר א גרויסע.

מיין ווייב איז קראנק געווארען אויף א טיפוס, נאכדעם ווי זי האט אבגעפרעגעלט אלצעהן גענז שמאלץ און איינגעזאלצען א סך פלייש. גלייך נאך איהר האבען זיך אוועקגעלעגט די אלע דריי יונגלעך מיינע.

אויב דאס איז אבער געווען ווייניג, פאלט נאך ארויס דאס קלענסטע קינד פון וויגעלע, וואס איז געהאנגען אונטער'ן סופיט, לויט'ן אמאליגען שטייגער, אויף שטריקלעך.

דאס וויגעלע איז געהאנגען הויך איבער דער פאדלאגע און דאס יונגעלע איז ארויסגעפאלען און זיך צושלאגען דאס שטערענדיל, נעבען די אויגעלעך. עס איז הויך אנגעשוואלען געווארען. דאס טיפאזנע קינד האט געהאט מאוים'דיגע שרעקליכע יסורים.

אין שטוב האט זיך ביי מיר געפינען א מלמד מיט א דינסט. זענען זיי אנטלאפען פון הויף צו זיך אהיים, מורא האבענדיג פאר'ן טיפוס. בין איך גאר געבליבען איינער אליין. טאמער האט זיך ביי מיר געפונען א פאסטוך מיט זיין ווייב, האבען זיי געהאט גענוג ארבייט ארום די בהמות און איך האב זיי אין די אויגען נישט אנ-געזעהן.

אין די אלע ארומיגע שטעדטליך איז קיין דאקטאר נישט גע-ווען, נאר פעלדשער'ס — קאליקעס. א דריי מייל פון קושעליעווע, אין ברעזע, איז אפילו געווען א פעלדשער א מומחה, איינער א יעקב-יאסעל.

איהם פלעג איך ניצען. און אז איך פלעג פאהרען איהם ברענגען, פלעג איך מוזען איבערלאזען אלע מיינע חולאים אויף א קליין, נארישׁ שיקסעלע.

א בעל־בכי בין איך, פלעג איך, פאהרענדיג נאכ'ן פעלדשער, בעגיסען דעם גאנצען וועג מיט ביטערע טרעהרען.

גוט איז נאך געוועז, אז איך פלעג טרעפען דעם פעלדשער אין דערהיים. און איינפאלען פלעגט מיר מיין הארץ, ווען מען פלעגט מיר זאגען, אז ער איז אויפ'ן וואקזאל, וואו ביים נאטשאלניק פון דער סטאנציע איז געלעגען קראנק א שוועסטער.

לויף איך א פערסאפעטער צום וואקזאל.

— יעקב־יאסעל, — וויין איך מיט גרויסע טרעהרען פאר איהם — האט רחמנות און לאמיר שוין פאהרען אין קושעליעווע. מיין ווייב און קינדער זענען פארביי! האט, יעקב־יאסעל, רחמנות!

אבער יעקב־יאסעל ריהרט זיך נישט פון ארט. ער מוז, זאגט ער,ווארטען ביז צוועלף א זייגער. עס דארף קומען א דאקטאר פון ער־גער. און ער מוז זיין, בעת דער דאקטאר וועט קומען. הויב איך אן וויינען אויפ'ן קול — העלפט עס עפּיס? דער נאטשאלניק לאזט איהם נישט אב פון זיך ממש ווי אנ'אוצר.

וואס טויגען אבער טרעהרען... האב איך טעלעגראפירט נאך דאקטוירים, און איינמאל אוועקגעשיקט א בעל־עגלה קיין קאברין נאך א דאקטאר, וואס מיט איהם צוזאמען זאל אויך קומען יעקב־יאסעל. איך האב אויך אויפגעזוכט עפּיס א יודינע, וואס זאל ארומגעהן ארום די קראנקע.

קריגען א יודינע, וואס זאל מסכים זיין פאהרען מיט מיר, איז מיר אנגעקומען מיט גרויס מאטערניש, ווייל אין אלע ארומיגע שטעדט־ליך איז געוועזען בעוואוסט, אז אין קושעליעווע הערשט צוליעב די זומ־פען דער טיפוס.

די יודינע זעץ איך אריין אין וועגעלע און דערווייל לויף איך עפּיס דערקויפען אין קרעמעל. ווערט די יודינע איינגעשלאפען אין ווע־געלע און עס חלום'ט זיך איהר נישט מעהר און נישט ווייניגער, אז זי איז געשטארבען אין קושעליעווע...

אויפגעשטאנען איז זי נישט טויט, נישט לעבעדיג, און איז באלד

אוועקגעלאָפּען צו זיך אַהײם. איך קום צום ברוטשקע — נישטאָ שוין די יודינע! פאָהר איך אַהײם אָהן אַ פעלדשער און אָהן אַ יודינע.

איך קום אַהײם, טרעף איך דאָס ווײַב מיט די קינדער ליגען אין היץ, און דאָס קלײנע קינד ליעגט מיט אַ געשוואָלענעם פּנים און „יענטשעט" מוראדיג. אויפ'ן טיש בלײַבט עפּיס אַ פּאַפּיר. וואָס איז דאָס? דאָס ווײַב האָט אָנגעשריבען אַ צוואה מיט'ן סאַמע ווײַבערשען סטיל און לשון...

איך האָב אַרײַנגעקוקט דערין.

— געוואַלד!!! — האָב איך געוואָלט שרײַען.

אין דער צוואה — נישט מעהר און נישט ווענינער — האָט זי מיר אָנגעוויזען, מיט וועמען איך זאָל חתונה האָבען...

— געוואַלד!!!

אויסער דער צוואה, האָט נאָך דאָס ווײַב בעוויזען אָבצושערען זיך די האָהר. זי האָט געשיקט נאָך עמיצען און יענער האָט איהר אָבגעשאָרען די האָהר, וואָרום זי וויל נישט שטאַרבען ווי אַ זינדיגע, אַן אשת איש טאָר נישט טראָגען קײן האָהר...

בלײַבט אויפ'ן טיש די צוואה און נעבען מײַן ווײַב'ס בעט וואַלגערן זיך איהרע שענע, שוואַרצע האָהר...

איך האָב מיך אַרומגעדרעהט ווי אַ צומישטער, ווי אַ משוגע'נער.

וואָס וועט עס זײַן? — האָט מיר געברענט דער מח.

אין צרות, אין נויט האָב איך מיר אויסגעקלערט אַ נגונ'דעל, אַ טרויעריגעס, אַן אומעטיגעס, און מיט איהם פלעג איך וויגען דאָס קינד, וואָס איז געלעגען אין טיפוס, געהאַט היץ און איז אַרויסגעפאַלען פון וויעגעל. אָט דאָס נגונ'דעל, אַז עס קומט מיר הײַנט אויפ'ן זכרון, נעהמט מיר דורך, ווי מיט קעלט, דאָס לײַב.

אַזוי האָב איך מיר געוויעגט דאָס קינד און געזונגען דאָס נגונ'דעל און אַלעמאָל געלאָפען צו די איבעריגע חולאים, וואָס האָבען געקרעכצט פון די ערטער יעדער בעזונדער.

פאַרנאַכט איז געקומען דער פעלדשער יעקב-יאָסעל מיט'ן פּרושזשענער דאָקטאָר, און אין אַ פּאָר שעה אַרום איז אָנגעפאָהרען אַ דאָקטאָר פון קאָברין.

אָבער די דאָקטוירים האָבען גאָרנישט געהאַט וואָס צו טהאָן.

וואָס קענען זיי טהאָן צו אַ טיפוס? זיי האָבען פערבראַכט אַ פּאָר שעה, אָבגעגעסען גריבענעס, געטרונקען טהיי. נו, וואָס נאָך? איך האָב גע-געבען צו פיערציג רובל יעדען פון זיי, און זיי זענען בשלום אוועק-געפאָהרען. נישט רופען קיין דאָקטאָר — האָט דאָס האַרץ געציטערט. אַז איך האָב גערופען, האָבען זיי נישט געהאַט וואָס צו טהאָן, זענען זיי אַזוי גוט ווי איבעריג געווען.

זיי האָבען גאָרנישט פערשריבען פאַר די קראַנקע. ע פּ י ס ג אָ ר ק ל יי-נ י ג ק יי ט ע ן האָבען זיי געהייסען געבען, איך געדענק שוין נישט וו אָ ס. נאָר דער סאַמאָוואַר, געדענק איך, האָט נישט אויפגעהערט צו קאָכען. איך האָב כסדר אַרומגעטאַנצט אַרום די חולאים און געוויעגט דאָס קינד מיט מיין נגונ'דעל...

איך האָב איינגעזעהן, אַז אויסער מיך איז קיינער נישטאָ, וואָס זאָל העלפען די קראַנקע. איך בין אַליין. דאַרף איך עסען, טרינקען, היטען די כ ח ו ת, כדי איך זאָל זיך קענען ה אַ ל ט ע ן אויף די פיס. האָב איך זיך געמאַכט האַרץ, געגעסען, געטרונקען...

אויפגעגעסען די פּאָר צעהנדליג איינגעזאַלצענע גענז, מיט די צוויי גרויסע שיסלען גריבענעס. געגעסען מעכאַניש, ווי אַ מאַשין. איך טאָר נישט אַוועקפאַלען. אָבער געשלאָפען האָב איך ג אָ ר נ י ש ט, לחלוטין גאָרנישט. דאָס קינד האָט מיך נישט געלאָזען. עס האָט כסדר געקרעכצט און געיעגטשעט. בין איך די גאַנצע נאַכט געזעסען און גע-וויעגט דאָס קינד און שרעקליכע געדאַנקען האָבען מיר געלעכערט דעם מח.

דאָס ווייב האָט געהאַט גרויסע היצען. פלעגט זי אַראָבלויפען ביינאַכט פון בעט און שרייען:

— איך וועל געהן אין וואַלד אַריין!

איך פלעג זי דאַרפען אָנחאַפּען פאַר די הענד און זי פלעגט זיך רייסען מיט כח אין וואַלד אַריין. מיט גרויסע אָנשטרענגענישען פלעג איך זי אַריינלעגען אין בעט אַריין, צוהאַלטען מיט איין האַנד—זי זאָל נישט אַראָבלויפען, נישט אויסרייסען זיך און מיט דער אַנדערער פלעג איך וויעגען דאָס וויעגעלע.

איך האָב אָבער דאָך נישט געקאָנט אויסהאַלטען. צו-שווער גע-ווען. צו-שרעקליך.

און איך האָב דערפּעשירט אין קיעוו. קיינער איז אָבער נישט געקומען צופאָהרען פון דאָרטען, פון קאַמענעץ אויך נישט. מען האָט מיך פערוואָרפען. מען האָט זיך פערגעסען אָן מיר. און איך האָב מיט ווערה געטראַכט וועגען דער באָבען. אַז די באָבע ביילע-ראַשע וואָלט געלעבט, וואָלט זי געוויס באַלד געקומען צו פליהען. קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט זי נישט אָבגעהאַלטען, און אודאי וואָלט זי מיטגעבראַכט אַ פּאָר קינדער צו הילף און וואָלט מיך מחיה געווען.

## פיערצעהנטעס קאפיטעל.

עס בעסערט זיך עטוואס. — גענסט. — דער טאטע מיט דער שוועסטער. — דער זיידע. — ציגארען. — עס רודערט זיך. — א קאנטראקט מיט פויערים. — „ברידער, מען גיהט!“. — טשער־נאקאווע. — דעם פריצ'ס הונד. — פאן שעמעט'ס פרוי. — די טאכטער. — די טאכטער אנטלויפט מיט א גאליבטען. — ווי אזוי פאן שעמעט האט זיך געמאכט דאס פערמעגען. — דער סקאנדאל מיט דער טאכטער. — זי בעט זיך אהיים. — א שווע־רע סצענע ביים פארקאן. — דער סוף פון שעמעט'ן, פון זיין פאמיליע און פערמעגען. —

איך פערשטעה ביז היינט נישט, ווי האב איך געקאנט לעבען ביי א חודש צייט אין אזא שרעק, אהן שלאף, צווישען אזוינע מחלות, אין א וויסטען וועלף־העק.

די וויטליכע, אבער די איינציגע שכנים האבען מורא געהאט צו קומען אין מיין הויז מבקר־חולה זיין די קראנקע; אפילו די גוים האָ־בען זיך אויך דערווייטערט פון מיין הויף. וואס איז אזוינס טי־פוס, האבען זיי, אפנים, יא פערשטאנען. און עס איז געווען שא, און ארום איז געשטאנען א שווערע, א געדיכטע שטילקייט, וואס האט אָנ־געווארפען אנ'אימה.

דאָס ווײַב און קינדער זענען עטוואָס בעסער געוואָרען, אָבער דערנאָך האָבען זײ ווײַטער בעקומען היץ, און דער קלײניטשקער האָט מיך גאָר צובראָכען מיט זײַן יענטשען.

נאָר דער קלײניטשקער איז גיך געשטאָרבען, און נאָך גיכער האָט מען עס צוגענומען... די קראַנקע זאָלען נישט זעהן. די קראַנקע זאָלען נישט וויסען.

אַז די קראַנקע זענען בעסער געוואָרען, האָט מען זיך אָבגערופען אויף מײַן טעלעגראַם, זענען ערשט געקומען צו מיר געסט. דאָס הײסט אַקוראַט דעמאָלט, ווען זײ זענען מיר גאָרנישט אַזוי נויטיג געווען. געקומען דער טאַטע און מײַן שוועסטער און מײַן ברודער. זאַלבעדריט איז מען געקומען. אָבער איך בין געווען אַזוי מיעד, אַז מיר איז געווען דונקעל אין די אויגען, און איבערלאָזענדיג אַלץ אויף די געסט, האָב איך נאָר געטהאָן און געשלאָפען.

דער טאַטע איז באַלד אַוועקגעפאָהרען און די איבעריגע זענען געבליבען אויף אַפּאָר וואָכען. דערנאָך איז געקומען דער זײדע אין געסט, און עד היום פערדריסט מיך, וואָס איך האָב איהם דעמאָלט נישט צופרידענגעשטעלט מיט די ציגאַרען, וואָס איך איהם געקויפט.

דער זײדע האָט גערויכערט מילערס ציגאַרען, צעהן שטיק — צעהן קאָפּיקעס. דעמאָלט זענען דאָס געווען כמעט די טײַערסטע ציגאַרען. דאָס האָבען שוין גערויכערט גבירים. זײ זענען געווים געווען בעסער ווי די הײַנטיגע, וואָרום די טאַבאַק־בלעטער, וואָס האָבען דעמאָלט געקאָסט אַכציג רובל אַפּוד, קאָסטען הײַנט בײַ אַפיער־הונדערט רובל. אויך איז דעמאָלט דער אַקציז געווען גאָר אַקלײנער.

האָט מיר מײַן קרעמער אײַנגערעדט, איך זאָל קויפען הונדערט ציגאַרען פאַר אַרובל. דאָס זענען, זאַגט ער, גאָר פּרימאַ שבפּרימאַ, פיעל בעסער פאַר מילער׳ס. איך האָב זיך געלאָזען אײַנרײדען און געקויפט די ציגאַרען. אָבער דער זײדע האָט פראָסט פערוואָרפען מיט׳ן קאָפּ, ווען ער האָט פערזוכט דעם ערשטען ציגאַר...

דאָס האָט מיר עפּיס זעהר טיעף און זעהר שווער באַנג געטהאָן: דער זײדע איז בײַ מיר — איך בין שוין אַבעווײַבטער — דאָס ערשטע מאָל צוגאַסט און איך האָב איהם שלעכטע ציגאַרען געקויפט!...

דערנאָך זענען אַלע מײַנע געסט אַוועקגעפאָהרען און איך בין ווידער געבליבען בײַם פריהערדיגען שאַ, בײַ דער פריהערדיגער שטילקײַט. אָבער איצט האָט זי שוין מיר נישט געאַרט. אדרבה, די שטילקײַט איז מיר געווען זיס און אָנגענעהם, וואָרום מיר האָט זיך זעהר־זעהר געוואָלט רוהען, און זיבען, אַכט אַ זייגער אין אָוונד פלעג איך זיך לעגען שלאָפען, און געשלאָפען מיט טעם און מיט איין אָטעם, ביז אויף מאָרגען אַכט, ניין אַ זייגער.

איך האָב נאָך אַלץ נישט געקאָנט קומען צו די כחות.

אין עטליכע וואָכען אַרום האָט זיך שוין אָנגעהויבען די אַרבײַט אין פעלד. איך האָב בעדאַרפט קויפען אַלע זוימען צום זייהען; מען מוז דאָך זיין אַ פּאָסעסאָר. עס העלפט דאָך נישט. מען דאַרף אַקערן און בראָנעווען און דערנאָך אַרויספיהרען די מיסט. אָבער דאָ בין איך פראָסט בדלות געוואָרען. הונדערט פוהרען האָט מען בעדאַרפט האָבען צום פיהרען די מיסט, אַזוי, אַז מיט וואָס צו זייהען תבואה האָב איך נישט געהאַט.

די קראַנקהײַט, דער הויז־שפּיטאָל האָט בײַ מיר צוגעשלעפּט אַ פינף, זעקס־הונדערט רובל. שווינדלען און דרעהען אין געלד־זאַכען, ווי אנדערע יודען טהוען אין זייער נויט, האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געפּרובט. איך האָב אפילו נישט געוואוסט, ווי אַזוי מען בעט בײַ עמיצען לייהען אַ גמילות־חסד און דאָ דאַרף איך קויפען האָבער און גערשטען און אַרבעס, און קאַרטאָפעל — און נישטאָ מיט וואָס צו קויפען...

צו די טויזענדער קושעליעווער מכות מײַנע איז דאָס געווען נאָך אַ מכה.

סוף ווינטער האָבען זיך אָנגעהויבען קעלבען די בהמות, און צו־ליעב דער טײַערקײַט פון היי זענען בהמות געוואָרען אַזוי ביליג, אַז אויף קיין קעלבער זענען גאָר קיין קונים נישט געווען. ווער דאַרף איצט קעלבער? חאָטש נעהם און גיב אַוועק בחצי חנם. האָב איך אַלע קעלבער אַליין געמוזט קײַלענען און נאָך ערגער: אַליין אויפעסען. אַך־און־וועה איז צו אַזאַ עסען.

ביסלעכווײַז־ביסלעכווײַז איז אַוועק דער ווינטער. שווער און פויל האָט ער זיך גערירט, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט, ווי ער וואָלט

זיך געראַנגעלט. אָבער ווער סנע האָט אַ כח — און ער איז אַוועק, ווי אַ שווערער חלום, נאָך וועלכען עס האָט זיך פריי אויפגעאָטעמט.

נאָך פסח האָב איך אויף דאָס ניי געשלאָסען אַ קאָנטראַקט מיט'ן גאַנצען דאָרף פויערים, ווי פאַר-אַ-יאָהרען. נאָר דאָס גרויסע שטיק לאָנקע, וואָס איז געווען נעבען סאַמע דאָרף, האָב איך זיי פאַר דעם-זעלבען פרייז, ווי פאַר-אַ-יאָהרען, נישט געוואָלט אַוועקגעבען. איך האָב געוואָלט הונדערט-און-צוואַנציג רובל אָנשטאָט הונדערט, וואָס איך האָב גענומען פאַר-אַ-יאָהרען, און מיר זענען נישט מושוה געוואָרען.

האָב איך געהאַט אַ גרוס, אַז די פויערים טרייבען אַלע ביינאַכט זייערע פערד אויף דער לאָנקע און מען פטר'ט מיר די היי. בין איך איינמאָל, צוועלף אַ זייגער ביינאַכט, געפאָהרען אַ קוק טהאָן, צי דאָס איז אמת. היטען דאַרף מען, וואָרום דאָס שמעקט מיט גרויסען היזק.

און אַז איך בין געקומען, האָב איך געטראָפען דאָס גאַנצע דאָרף פויערים מיט זייערע פערד... מען פאַשעט אויף וואָס די וועלט שטעהט, און דערזעלבער טעאָדאָר, דער שלעכטער גוי, וואָס איך האָב שוין פון איהם פריהער געשריבען, האָט אַ געשריי געטהאָן איבער דער גאַנצער נאַכט:

— ברידער, מען געהט!

האָבען זיך אַלע אַ זעץ געטהאָן אויף די פערד און שנעל צולאָ-פען געוואָרען. בין איך געבליבען שטעהן ווי אַן'אָבגעשמיסענער. נאָר אויף מאָרגען בין איך געפאָהרען קיין פרוזשאַן, אַ מייל פינף פון קוי-שעליעווע, צום מיראָוואָי סודיא און אנגעגעבען אַ תביעה אויפ'ן גאַנ-צען דאָרף, זיבען-און-צוואַנציג בעלי-בתים, אַז זיי פאַשען אַלע נאַכט אויף מיין לאָנקע.

די פויערים האָבען באַלד בעקומען פאָוויעסטקעס: שטעלען זיך אין פרוזשאַן צום געריכט. זענען שוין אויף מאָרגען געקומען צו מיר אַלע גוים מושוה ווערען פאַר דער לאָנקע און נאָך אַ לאַנגגען דינגען זיך האָבען זיי מיר געגעבען הונדערט-און-צעהן רובל מיט זיבען-און-צוואַנציג שניטער. איך ווייס נישט, וואו האָט זיך גענומען אין מיר אַזאַ מוטה, ווער האָט פון מיר אַוועקגענומען דעם פחד, די אימה פאַר דער גרויסער, בייזער און פרעמדער מחנה גוים? מאַנכע האָבען מיך שפע-

טער אויפמערקזאם געמאכט, אז אזא מין שפיעל איז אפילו געפערליך. ווארום אזא, ווי טעאדאר, קען פשוט דער'הרג'ענען באלד אויפ'ן ארט, מיט איין איטפעט. מיט איין האס. מען דארף זיין פארזיכטיג.

די זומער-ארבייט איז דאסמאל אוועק בעסער. עס איז מעהר ארדנונג געווען, ווי פאר-א-יאהרען.

עס האט מיר נאר אשיין געטהאן אויף ארגע, און איך האב ווידער גענומען בענקען נאך השכלה, נאך ביכער, און עס האט מיר ווידער אנגענומען ארחמנות צו מיינע יונגע יאהרען, וואס געהען פער-פאלען צווישען גוים.

נו, וואס וועט זיין, אז איך וועל שוין דא האבען פרנסה אין מדבר. וואס וועט דעמאלט זיין? איך וועל לעבען פערגרעבט און די קינדער וועלען בלייבען פערגרעבט, פויעריש, האמעטנע... און שטי-לערהייד האב איך ביי זיך בעשלאסען צו בלייבען בעסער אנ'אָרימאן אין שטאדט איידער אגביר אין מדבר צווישען וועלף...

אויף צו להכעיס איז ביי מיר אוועק דער זומער כשורה, און איך בין מיך מודה, אז איך האב געהאט ענגמת-נפש דערפון... אזוי וויט ענגמת-נפש, אז איך האב שוין אפילו חרטה געקריגען, וואס איך האב זיך אבגעזאגט פון מלמדות אין ווארשוי. געוואלד, אגרויסע שטאדט!..

איך האב געטראכט אלץ וועגען דעם — און אויפגעהערט צו טהאן דאס, וואס זאל זיין לטובת פון דער קושעליעווער צוקונפט. קושעליעווע איז ביי מיר ארויס איגנאנצען פון קאפ. יא, מען דארף וואס גיכער ארויס פון דאנען...

---

אין טשערנאקאווי, צום מארשאלאק שעמעט, פלעג איך קו-מען פיער מאל אין יאהר צאהלען איהם די ראטעס פאר'ן הויף. ביים פריץ נעבען פאלאץ, וואס האט אויסערליך אויסגעזעהען פשוט, אבער אינוועניג זעהר רייך און שען, איז געלעגען זעהר אבייזער הונד און אז עמיצער פלעגט דארפען האבען צום מארשאלאק, פלעגט ער געהן צום פאקטאר, איוד, און יענער האט שוין מיטגעשיקט זיינס א קינד בעגלייטען דעם גאסט ביז'ן טהיר פון „פאקאי". ווארום מען האט זעהר מורא געהאט פאר דעם דאזיגען הונד.

קום איך אזוי איינמאל צום פריץ און פערגעה פריהער צום פאקטאר — מען זאל מיך בעגלייטען צום פריץ, האב איך אבער ביים פאקטאר קיינעם נישט געטראפען אין דערהיים. וויל איך אבער אבפטר'ן מיין נסיעה און פרוב געהן אליין; דעם הונד האב איך גראד נישט בעמערקט. נאר אז איך בין געקומען נאהענט צום פאלאץ, איז ער פון ערגעץ ארויסגעשפרונגען און אריינגעחאפט די האנד מיינע אין זיין גרויסען מויל אריין. די נידעריגע פענסטער פון פאלאץ זענען געווען בעת מעשה אפען, שפרינג איך אריין אין פענסטער און פאל ארויף אויף א טיש.

אויף מיין געשריי איז די פריץ'טע אנגעקומען. דער פריץ'טע, א יונגער, שענער און ריהרעוודיגער פרוי, איז געפעלען געווארען מיין בריה'שאפט: ארויסהאפען די האנד פון דעם הונד'ס מויל איז געווען א נס מיט א העלדישקייט צוזאמען, און זי האט באלד געהייסען דערלאנגען טהיי מיט גוטע זאכען און האט מיך לאנג אבגעהאלטען ביי זיך.

פון דעמאלט אן פלעגט שעמעט'ס פרוי, פאהרענדיג שפאצירען, פערפאהרען צו מיר אין הויף, און איך האב ביי איהר גרויס „לאסקע” געהאט.

אט די יונגע פרוי האט געהאט זעהר א שען טעכטעריל, וואס האט אויסגעזעהן צו זיין גיכער איהר'ס א שוועסטער'ל איידער א קינד.

ווי דאס רוב פון די דעמאלטיגע פריצים, האט שעמעט געהאט א וויסטען סוף. און אנגעהויבען האט זיך דער סוף פון דעם דאזיגען טעכטעריל זיינס.

חאטש דאס טעכטעריל איז געווען יונג, דאך האט מען זיך שוין גע'שדכנ'ט צו איהר, און שטארק. האט צו דער צייט אנגעהויבען קומען צו זיי אין געסט א יונגער פריץ פון סלאנימער אויעזד. רייך איז דער דאזיגער יונגער פריץ נישט געווען, אבער דערפאר א לעבקינד, און טייל ווייז אויך א פערדינער: פאדריאדען פלעגט ער אננעהמען אין פעטערבורג.

פלעגט ער ברענגען דעם טעכטעריל פון פעטערבורג טייערע קינדער-צאצקעס, ווען זי איז נאך אלט געווען א יאהר צוועלף, דרייצעהן. די דאזיגע אנטיקען-צאצקעס פלעגען אנטרעפען גרויסע געלדער

און מיט דעם האט ער ביסלעכווייז צוגעצויגען דאס הארץ פון דער יונגער פאניע.

אז זי איז שוין אלט געווארען פופצעהן יאהר און איז געוועזען וואונדערליך שען, האבען די גרעסטע פריצים זיך געשדכנ'ט צו איהר. אבער דער יונגער פריץ, וואס האט געהייסען ליזאנסקי, האט געקויפט דאס הארץ איהר'ס פון קינדווייז אן מיט זיינע רייכע און וואונדערליך-שענע צאצקעס, וואס ער פלעגט איהר ברענגען פון פעטערבורג. און איצט, אז זי איז געווארען עלטער, האט ער איהר געבראכט א נייע מתנה — פיער קליינינקע פערדעלעך, וואס האבען געקאסט זעקס טויזענד רובל, און א קליין קארעטקעלע מיט א זילבערנעם און גאלדענעם שפאן. די יונגע פאניע האט זעהר ליעב געהאט פערד. די פערדעלעך מיט דער קארעטקע האבען איהר ממש בעצויבערט.

דער אלטער שעמעט וואלט אזא יונג פאר אנ'איידעם נישט געוואלט. דער אלטער האט געזוכט יחוס, אוצרות מיט גאלד און גדולה. דער יונגער טאכטער אבער איז זעהר געפעלען געוועזען די לעצטע מתנה, און ביידע האבען אפגערעדט צו מאכען פליטה... ארויס'גנב'ענען זיך, אנטלויפען. דערנאך — איז דערנאך: אנ'אבגעטהאנענע זאך. קיינער וועט זיי שוין דעמאלט נישט קאנען צושיידען...

און איינמאל, א פרייטאג, איז ער געקומען אין געסט צו שעמעט'ן און פערבראכט גאנץ שפעט. אין דער צייט האט ער אבגערעדט מיט אלע דינער, געגעבען יעדערן צו הונדערטער, אז זיי זאלען מאכען א שוויינ, זיך מאכען נישט וויסען, ווען ער וועט ארויס'גנב'ענען ביינאכט די יונגע פאניע. אזוי איז געוועזען.

א זייגער צוויי ביינאכט, ווען אלע זענען געשלאפען, איז שוין זיין קארעטע געשטאנען אויף יענער זייט טויער און ער האט זיך מיט איהר ארויסגע'גנב'עט און אוועקגעפאהרען קיין סלאנים. זי האט איבערגעלאזען א בריעף צו די עלטערן, אז מארגען צעהן א זייגער אין דער-פריה זאלען זיי קומען קיין סלאנים טאקי גלייך צו זייער חתונה...

דער אלטער איז אויפגעשטאנען גאנץ פריה, ווי שטענדיג, און האט זיך געטרונקען טהיי. א זייגער צעהן איז אויפגעשטאנען שעמעטאווע. אבער אז עס איז געווארען שפעט און די טאכטער האט זיך

נישט בעוויזען פון שלאף־צימער, איז דאס זיי געווארען קשה, און דע־
מאלט האט מען זיך געחאפט.

אויפ'ן טיש האט מען געפונען דעם בריעף.

שעמעטאווע האט גע'חלש'ט און געוויינט. ליזאנסקי איז פאר זיי
קיין אײדעם נישט. דערצו איז ער נאך געווען, ווי די מאדע איז ביי
יונגע פריצים, פערטונקט איבער'ן קאפ אין חובות. דאס איז זיי גע־
ווען א שרעקליכער פאטש אין פנים.

דער אלטער שעמעט, וואס איז געווען א נ'אפענהערציגער
פריץ פון אמאליגען שניט, האט דערצעהלט, ווי אזוי ער האט
„געמאכט" געלד. ער פלעגט זיינע לייב־קנעכט פערדינגען אין ווארשוי
און אומעטום פאר אכט רובל א חודש, און דאס געלד פלעגט ער
קלייבען אין א קאסע. אז ער האט פערדונגען א צאהל פויערים, צום
ביישפיעל, אין ווארשוי אין ציטאדעל, האט ער נאך צוגעגעבען א פויער
א שמייסער, וואס זאל שמייסען די פויערים, ווען זיי וועלען זיך פוילען
צו ארבייטען.

— פאר וועמען האב איך דאס געזאמעלט דאס געלד? — האט
ער זיך געקלאגט, — פאר א קינד... פאר א קינד...

ווי דער שטייגער איז, האט ער אריינגעשיקט א בריעף צו לי־
זאנסקי'ן, אין וועלכען ער האט געשריבען, אז ער זאגט זיך אב פון
א טאטע, און די ירושה וועט ער אבשרייבען זיין ברודער'ס קינדער.
דער טאכטער — איין גראשען נישט...

ליזאנסקי'ן האט עס נישט געשמעקט. ער האט קיין געלד נישט
געהאט. ביי די ארומיגע יודען האט ער זעהר פיעל אנגעליהען און
בעת־מעשה אנגעוויזען, אז ער האט חתונה מיט שעמעט'ס בת־יחידה,
וואס איהר פאטער איז זעהר אלט און זעהר רייך. דאס גאנצע געלד
וועט איבערגעהן צו איהר אין האנד אריין.

עס פערשטעהט זיך, אז יודען האבען געליהען ווי וויים מען
האט געקאנט. אבער אז דער בריעף איז בעקאנט געווארען אין דער
סביבה, האט מען אויפגעהערט צו לייהען און ליזאנסקי איז געבליבען
א הן א גראשען געלד.

ענדליך, האט די טאכטער אנגעשריבען א בריעף צום פאטער
און אין א פערצווייפעלטען טאן געבעטען, מען זאל איהר מוחל זיין.

דער מוטער האָט זי בעזונדער געשריבען אַ בריעף. זי האָט געוואוסט, אַז ווען די מוטער וועט לעזען דעם בריעף, וועט זי זיך געוויס צע־וויינען, וועט נישט קוקען אויפ'ן אַלטען אײַנגעשפּאַרטען טאַטען און וועט קומען צופאָהרען צו איהר און זיך איבערבעטען מיט איהר. אַ מוטער איז דאָך אַלעמאָל נאָכגיביגער.

אָבער די בת־יחידה האָט געהאַט אַ גרויסען טעות. דער פאָטער האָט גאָרנישט געוואָלט הערען פון איהר און די מוטער איז אויך נישט ווייכער געוואָרען.

די מוטער האָט אײַגענטליך נישט אַזוי גע'דאגה'ט וועגען דעם, וואָס די טאָכטער האָט אַ קבצן אַ מאַן ווי דאָס, וואָס זי האָט פערלאָ־רען אַ שטיק פערגעניגען. איהר איז געווען אַ שאָד די פּאָמפּע, דער שיק, וואָס עס וואָלט געווען, ווען איהר טאָכטער וואָלט חתונה געהאַט מיט אַ חראַביע. דעמאָלט וואָלט זי איבערגעקעהרט אַ וועלט! זי וואָלט, צום בײַשפּיעל, בעדאַרפט פאָהרען מיט דער טאָכטער אין די גרויסע אייראָפּעאישע שטעדט: וואַרשאָ, בערלין, פּאַריז, לאָנדאָן, וויען, וואָלט דאָרט געניהט דער טאָכטער אַ גאַרדעראָב און וואָלט אַזוי געקאָנט אָבהוליען אַ קײַלעכדיג יאָהר אין אויסלאַנד. אגב, וואָלט זי אַליין זיך אויך געמאַכט טײַערע קליידער און קאָקעטירען אַרום דער טאָכטער מיט יונגע לײַט.

דער טאָכטערס בריעף האָט אויף אַזאַ אופן קיין ערפאָלג נישט געהאַט. מען האָט זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף איהם.

אָבער אַז די בת־יחידה האָט אָנגעהויבען צו לײַדען נאָכמעהר מאַנגעל אין געלד, אַז זי האָט פּשוט נישט געהאַט אויף צום לעבען, אַז זי האָט זיך דערזעהן אין אַ שרעקליכען דלות, האָט זי אַרײַנגע־שיקט אַ צוויי ט ען בריעף, אַז זי וועט קומען צופאָהרען אַהיים, און פון טויער וועט זי קריכען אויף אַלע פיער ביז דער טהיר פון שטוב, און וועט קושען די פיס דעם פאָטער און מוטער. זיי מוזען איהר מוחל זײַן דעם גרויסען חטא.

בעקומענדיג דעם דאָזיגען בריעף, האָט שמעמעט שטרענג אָנגעזאָגט די דיענער, אַז ווען די טאָכטער וועט צופאָהרען צום הויף, זאָל זיך קיינער נישט דערוועגען צו עפענען דעם הויף־טויער און מען זאָל זי נ י ש ט אַרײַנלאָזען אין הויף. אַזוי האָט ער אויך געגעבען צו וויסען

דער טאָלטער, אַז ער וויל זי מער נישט קאָנען, און אויב זי וועט קומען אַהיים, וועט זי נישט אַריינגעלאָזט ווערען אין שטוב.

דאָס יונגע טעכטעריל, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוואוסט פון נויט, האָט סיי-ווי מער נישט געקאָנט איבערטראָגען דעם עלענד און דחקות און איז אַוועקגעפאָהרען אַהיים. זי איז געווען זיכער, אַז דער טאַטע וועט איהר דאָך מוחל זיין.

אַז זי איז צוגעפאָהרען צום הויף, האָבען איהר די דינער נישט געוואָלט עפענען דאָס טויער. האָט זי זיך געבעטען רחמים ביי די דינער, אַז מען זאָל זי אַריינלאָזען אין הויף און געוויינט מיט טרערען פאַר דעם אַלטען דינער, וואָס האָט זי אויסגעהאָדעוועט, געטראָגען אויף די הענד, ווען זי איז נאָך אַ פיצעל קינד געווען און האָט פאַר איהר פריהער גרויס דרך-ארץ געהאַט. איצט אָבער האָט ער אויך מיטגעוויינט מיט איהר און דאָך נישט אַריינגעלאָזען.

עס איז שטרענג אָנגעזאָגט געוואָרען:

— ניין !..

דאָך האָט ער געשיקט זאָגען שעמעט'ן, אַז די טאָכטער געהט אוים פון טרערען און בעט זיך רחמים אַריינלאָזען. דערויף האָט שע-מעט געשיקט זאָגען, אַז אויב דער לאָקיי וועט אַריינלאָזען די פאַניע, וועט ער איהם מיט'ן שטעקען דעם קאָפּ צושפּאַלטען.

פון יאוש האָט זי בעשלאָסען איבערקריכען דעם פאַרקאַן, מיט די דינער קען זי סיי-ווי-סיי גאָרנישט מאַכען.

האָט זי אָנגעהויבען קריכען אויפ'ן הויכען פאַרקאַן אין איהרע לאַנגע קליידער. עטליכע מאָל איז זי אַראָבגעפאַלען, אָבער דערפון האָט זי זיך אָנגעזאַפּט נאָך מיט מער גיפט און יאוש און, דראַפּענדיג דיג זיך מיט אַלע כחות, און צורייסענדיג זיך די קלייד, די הענד און די פּים אָן די טשוועקעס פון פאַרקאַן, איז זי דאָך אַרויפגעקראָכען אויפ'ן שפּיץ.

אָבער דאָס איז נאָר אַ האַלבען וועג דורכגעמאַכט. איצט דאַרף מען אַראָבקריכען פון שפּיץ אויף דער ערד און דערויף האָט זי קיין כחות נישט געהאַט. זי איז געווען פערמאַטערט און צובראָכען. דאָס איז געווען אַ שרעקליכע סצענע, וואָס נאָר אַ קאַרגער און צעווילדע-טער פריץ האָט עס געקאָנט צוזעהן.

און אַז זי האָט נישט געקאָנט אַראָפּקריכען, האָט זיך זיך אַראָפּ־געוואָרפען פון דער הויך אויף דער ערד...

און ווען נישט די פויערים, וואָס זענען געקומען קוקען, ווי די פּאַניענקע קריכט אַ צובלוטיגטע אויפ׳ן פּאַרקאַן און האָבען אינסטינקטיוו אויסגעשטרעקט די הענד אין דער הויך זי צו חאַפּען, טאָמער וועט זי זיך אַראָבוואַרפען, וואָלט זי אפשר דער׳הרג׳עט געוואָרען.

דאָך האָט זי זיך גוט צושלאָגען, און פון שרעק האָט זי גע־חלש׳ט. עס איז געוואָרען אַ גוואַלד און באַלד איז געקומען די מוטער. מען האָט איהר אָבגעראַטעוועט און אַריינגענומען אין הויז. די טאָכ־טער האָט מען אַריינגעלעגט אין בעט; אַזוי האָט מען אויך געטהאָן מיט דער מוטער. די לעצטע איז צורודערט געוואָרען.

אָבער שעמעט איז זיך געזעסען מיט׳ן ציגאַר אין מויל און האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. ער האָט געזאָגט, אַז ווען די טאָכטער זאָל אפילו שטאַרבען, וועט ער נישט געהן צו איהר לויה. און ער וואָלט געוואָלט, זי זאָל שטאַרבען.

אַז דער טאָכטער מיט דער מוטער איז לייכטער געוואָרען, האָ־בען ביידע בעשלאָסען אַריינגעהן צום פאָטער איהם איבערבעטען. זיי זענען אַוועק, און די טאָכטער איז געפאַלען צום פאָטער׳ס פיס מיט אַ שרעקליכען געיאָמער. זי האָט לאַנג, לאַנג געוויינט, אָבער ער איז זיך געזעסען און געראויכערט זיין ציגאַר.

דאָ האָט אָבער שוין די מוטער אויך אָנגעהויבען צו וויינען און האָט געזאָגט, אַז אויב ער, שעמעט, וועט זיך נישט איבערבעטען מיט דער טאָכטער, וועט זי אויך אָבטרעטען פון איהם. זאָל ער זיין אַליין. מיט אַ גזלן וויל זי נישט לעבען. און האָט אַזוי לאַנג אַריינגע׳טענה׳ט מיט איהם, ביז ער האָט זיך געלאָזט איבערבעטען און האָט זי אויפ־געהויבען פון דער ערד. עס איז געוואָרען שלום...

אין אַ ביסעל צייט אַרום איז די מוטער געפאָהרען מיט דער טאָכטער קיין וואַרשאָ און האָט איהר ערשט געמאַכט אַ גאַרדעראָב פאַר אַ צעהן טויזענד רובל. דעם מאַן האָט מען דאָך אין הויף נישט צוגעלאָזט. דערויף איז שעמעט בשום אופן נישט איינגעגאַנגען, און די טאָכטער פלעגט פון צייט צו צייט פאָהרען קיין סלאָנים.

אין אַ פּאָר יאָהר אַרום איז שעמעט געשטאָרבען. די מוטער איז

משוגע געוואָרען און אויך גיך אַוועקגעשטאָרבען. פאַר דער טאָכטער איז איבערגעבליבען דאָס גרויסע איינגעאַרטיגע שעמעט-פערמעגען, וואָס דער מאַן האָט עס אין אַ קורצער צייט צו׳פּטר׳ט, צודרעגדעלט און צושלייַדערט, ווי דער שטייגער איז. אַ סוף האָבען מסתמא ביידע געהאַט נישט קיין גוטען, זייער סוף איז מיר אפילו אונבעקאַנט, נאָר איך בין מיר איהם אַזוי משער.

און איך וועל געוויס קיין טעות נישט האָבען.

## פּוּפּצעהנטעס קאַפּיטעל.

דער סעלצער „גובערנאַטאָר". — אַ מלמד. — מען גיט מיר אַ „פּיינעם" מלמד. — ער קאָן קיין עברי נישט. — אַנטאָפּאָליע. — דער צווייטער מלמד. — דער ערשטער פּוילט זיך אַוועקצופּאָה־רען. — דער עקזאמען. — שלמה'לע. — אַ גמרא־נגון דערפרעהט מיך. — איך הויב אָן לערנען. — שרעק פאר תוספות'ן. — וועגען לערנען בכלל. — דער קאָנטאָרשטשיק. — ווי אַזוי מען בע־דאַרף לערנען. — מיין ליעבע צו שלמה'לען. — דער מאַלטשער רב. — זומער אין פעלד. — שלמה'לע קומט צו די כחות. — הערבסט. — שלמה'לע פאָהרט אַוועק. — מיין בענקשאַפט נאָך שלמה'לען. —

גראָד דאָס צווייטע יאָהר איז געוועזן אַ נאַס יאָהר און היי איז ווידער געוועזן לרוב. איך האָב שוין אויפ'ן ווינטער נישט אָנגענומען קיין בהמות ווי פאַראַיאָהרען; אָבער אַזוי ווי איך בין דאָך אַ גרויסער בעל־מזל — האָב איך דאָס יאָהר געלייזט צו צעהן קאָפּיקעס אַ פוד היי און געמאַכט קנאַפּע גליקען פון דעם עסק.

חל־המועד סוכּות בין איך געפאָהרען קיין סעלץ צום „גו־בערנאַטאָר".

שרעקט זיך נישט, דאָס איז נישט געווען קיין גובערנאַטאָר, נאָר אַ פשוט'ער יוד, וואָס האָט אַזוי געהייסען צוליעב זיין חכמה און תקיפות און ברייטקייט. צו איהם בין איך געקומען, ער זאָל מיר נאַראַיען, ווי מען זאָגט אין ליטאָ, עפּיס אַ גוטען מלמד, וואָס זאָל קאָנען גוט תנ"ך און דקדוק.

איך האָב געוואָלט באַלד פון אָנפאַנג אַוועקשטעלען דאָס לער־נען מיט די קינדער, ווי עס בעדאַרף צו זיין.

דער „גובערנאַטאָר" האָט אַוועקגעשיקט זיין אייניקלען אין בית־המדרש אַריין און דאָרטען אויפזוכען מיט מיר צוזאַמען אַ גוטען מלמד. קומען מיר אין בית-המדרש מנחה־צייט. ווי, געוועהנליך, אין אַ קליין שטעדטיל, וואו מען זעהט קיינמאָל קיין אורח נישט אָן אין די אויגען און בפרט, אַז עס איז געקומען דעם „גובערנאַטאָר'ס" אייניקלען מיט אַנ'אורח, האָבען זיך אַלע אויפגעשטעלט מיט גרויס דרך־ארץ, אַרום־געקוקט אונז פון אַלע זייטען און אָנגעשטעלט מויל און אויערן — צו הערען, וואָס דאַרף דאָ האָבען דער אורח.

צווישען דעם עולם האָב איך בעמערקט שענע יונגע־לייט מיט ברענענדיגע אויגען, וואָס זענען, קענטיג, ווי אַמאָליגע יאָהרען, שטאַרק פערטהאָן געווען אין לערנען.

איך האָב דערצעהלט, אַז איך ברויך אַ מלמד, וואָס זאָל קאָנען תנ"ך און דקדוק. אַנ'אַלטיטשקער דיין, וואָס האָט זיך אויך געפונען צווישען עולם, האָט זיך אָנגערופען, אַז ער האָט פאַר מיר אַזאַ מלמד, ווי איך פערלאַנג.

— אָט דער יונגערמאַן, — האָט אָנגעוויזען דער דיין אויף איי־נעם פון עולם, — קען זיין ביי אייך אַ מלמד. אַ וואוילער, זעהר אַ וואוילער יונגערמאַן... נעהמט איהם, נעהמט איהם...

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויפ'ן יונגענמאַן. אויפ'ן קוק איז ער מיר נישט געפעלען געוואָרען: שרעקליך הויך, ברייטביינינ, מיט גרויסע גראָבע הענד, — ממש אַ בעל־עגלה...

אָבער אַז דער דיין רעקאָמענדירט איהם, בעת איך האָב דעם דיין דייטליך געזאָגט, אַז איך וויל נעהמען אַ מלמד—אַ גוטען לערנער און אַ משכיל, וואָס קאָן תנ"ך און דקדוק, מסתמא מוז דאָס זיין אַזוי.

רייד איך אין דער-גיך איבער מיט'ן יונגענמאַן און ווער מיט

איהם מושוה: פיערציג רובל אַ זמן אויף אַלעם פּאַרטיגען. און איך בעט דעם דיין מיט׳ן מלמד געהן מיט אונז צום „גובערנאַטאָר" מאַכען אַ שנאַפּס לכבוד דעם „געשעפט", וואָס מיר האָבען געשלאָסען.

בײם „גובערנאַטאָר" אין שענק האָב איך געהײסען דערלאַנגען גוטען שנאַפּס מיט קיכעל און געגעבען דעם דיין אַ דרײ־רובל׳דיגע פאַר זײן מעקלערײ.

זאָגט דער דיין, אַז ער וויל קײן געלד נישט, נאָר אַזוי ווי ער האָט אַ בהמה, וואָלט ער געוואָלט, אַז מיט דער פוהר, וואָס איך וועל שיקען נאָכ׳ן מלמד באַלד נאָך סוכות, ווי מיר האָבען פריהער אָבגע־רעדט, זאָל איך איהם שיקען מעקענע פאַר דער בהמה...

— אַ בהמה דאַרף עסען... — האָט ער געשמײכעלט.

איך האָב צוגעזאָגט צו שיקען מעקענע, חאָטש דאָס בעטרעפט שוין פינף רובל, נאָר אַ יוד אַ דיין, מהיכא תיתי.

נאָך סוכות האָב איך אָנגעלאָדען אַ פוהר מעקענע און בעגינען אוועקגעשיקט קײן סעליץ צום „גובערנאַטאָר" מיט אַ בריעף, אַז דער מלמד זאָל קומען מיט דער פוהר קײן קושעליעווע.

דער מלמד איז באַלד געקומען, און בעת איך בין אין אָווענד אַרײן אין שטוב, האָב איך געהאַט די זכיה צו הערען דעם ערשטען דעביוט פונ׳ם מלמד. ער האָט געלערנט מיט מײנע קינדער.

אָבער פון זײן ערשטען דעביוט איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. דער „מלמד" קען פראָסט קײן חומש נישט. ער האָלט אַ גרויסען חומש מיט עברי־טײטש און לערנט פון דאָרטען...

וויל איך מיך דאָך איבערצײגען, שטעה איך שוין נעבען טיש און הער, ווי ער לערנט מיט דעם יונגעל די סדרה נח. נאָר דערזע־הענדיג, אַז איך שטעה נעבען טיש, איז דער מלמד גאָר צוטומעלט געוואָרען. פינטעלט ער מיט די אויגען אינ׳ם עברי־טײטש, מורמעלט עפּיס מיט די ליפּען און מישט איבער דאָס בלאַט. מישען זיך איבער אונגערן צוויי בלעטער, אָבער ער לערנט ווײטער און פיהלט גאָרנישט, אַז דער אינהאַלט איז דאָ איבערגעריסען געוואָרען. דאָס האָט מיך שוין שטאַרק פערדראָסען.

מאַך איך אָבער דערווײל אַ פּראָבע. נעהם איך און מיש אויף אַקוראַט אין בראשית און חאַפּ אָן דעם פּסוק ה׳, קאַפּיטעל ב׳. גיב

איך איהם דאָס, ער זאָל מיר פערטייטשען. דער פסוק הויבט זיך אָן אַזוי: ואדם אין לעבוד את האדמה — און עס איז נישטאָ קיין מענש צו בעאַרבייטען די ערד. טייטשט ער מיר עס אַזוי:

— אדם — אַ מענש, אין — אַנ'אויג א. אַז וו...

— עה, ביזטו נאַר פון די לייט!.. — האַלט איך מיך קוים איין פון לאַכען.

פאַלט מיר איין צו פרעגען איהם פון קאַפּיטעל י"ד. דאָרט ווערט דערצעהלט וועגען דעם, ווי אברהם האָט איינגענומען אַלע פינף מלכים, וואָס האָבען מלחמה געהאַלטען מיט סדום. זענען אַרויס אַנטקעגען אברהמ'ען דער מלך פון סדום און דער מלכי-צדק, דער מלך שלם. און דער לעצטער, דער מלכי-צדק, האָט געבענשט אברהמ'ען מיט די ווערטער: ברוך אברהם לאל עליון.

פרעג איך איהם, ווער איז ער געווען, דער ברוך, צי פון אברהמ'ס גוטע פריינד, צי פון לויט'ס?

ווייס ער נישט וואָס צו ענטפערן.

קוקט ער מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען צום טיש און זייט קוים אַרויס דורך די צייהן:

— פון אברהמ'ס גוטע פריינד...

נו, האָב איך שוין צוגעמאַכט דעם חומש. וואָס האָב איך שוין מיט איהם וואָס צו ריידען ווייטער?

עס האָט מיך נאָר שטאַרק פערדראָסען אויפ'ן דיין, וואָס האָט אַריינגערוקט אַ „גראָבען ישוב'ניק" אַ מלמד אַנ'עם-הארץ. אַ פיינער דיין, נישטאָ וואָס צו ריידען. בלייבט ביי מיר, איך זאָל פאָהרען קיין אַנטאָפּאָליע, אַ בעקאַנט לומדיש און נגידיש שטעדטיל.

געקומען בין איך אין אַנטאָפּאָליע פאַרנאַכט און אַריין, ווי דער שטייגער איז, אין בית-המדרש. זיצען דאָרט יונגעלייט און לערנען. דערצעהל איך זיי, נאָך וואָס איך בין געקומען און די צרה מיינע מיט יענעם מלמד.

— אַ מלמד וואָס קאָן קיין עברי נישט...

לאַכען זיך אַלע פונאַנדער.

זעה איך ביים טיש שטעהט אַ יונגערמאַן, אַנגעשפּאַרט מיט'ן האַנד איבער אַנ'אָפענער גמרא, אויף וועלכער עס ליגט אַ טיכעל —

אַ סגולה, אַז די שדים זאָלען נישט האַפּען לערנען דערווייל אין דער אָפענער גמרא.

אַז איך האָב שוין אַלץ דערצעהלט, פערבעט מיך דער דאָזיגער יונגערמאַן אין ווייבער-שטיבעל. אַ סוד האָט ער מיר צו זאָגען. און אויג אויף אויג, אין ווייבער-שטיבעל, זאָגט ער מיר, אַז ער איז אַ קאַמעניצער, אַז הייסען, הייסט ער שלמה און איז דעם בריסקער דיינ'ס אַנ'איידים און האָט אַ שם פאַר אַנ'עלוי.

נאָר דאָס איז איינענטליך דער סוד:

ער איז אַ בן-יחיד און דאַרף זיך שטעלען צום פּריזיוו. האָט ער אָבער מורא, עס זאָל נישט דערגעהן צו לגאַטניקעס, בעהאַלט ער זיך דערווייל פון פּריזיוו. דאָ, אין אַנטאָפּאָליע, לערנט ער מיט אַ רייכען יונגענמאַן און נעהמט זיעבען גילדען אַ וואָך מיט שבתים. ער האָט אפילו געקאָנט קריגען אַ מלמדות אין אַ דאָרף ביי אַ רייכען ישוב'ניק פאַר אַכציג רובל אַ זמן און אויף אַלעם פאַרטיגען, נאָר ער וויל אין קיין דאָרף נישט זיין, ביי אַ ישוב'ניק.

מיין פאַמיליע איז איהם אָבער בעקאַנט און ער וואָלט מרוצה געוואָרען ביי מיר צו בעזעצען זיך. אויף אַ דאָרף איז דאָך זיכערער.

— איך דאַרף אייך נאָר פרעגען, — האָט ער זיך מיט אַ בעזונדער ערנסטקייט אָנגעבויגען צו מיר, — האָט איהר אין דערהיים אַ ש"ס?

— איך האָב.

— רוהיג איז ביי אייך?

— רוהיג.

— אויב אַזוי, — האָט ער זיך שטאַרק דערפרעהט, — פאָהר איך מיט גרויס תענוג צו אייך.

און ביים יונגערמאַן לייכט-אויף דאָס געזיכט.

זעהר אַ סימפּאַטיש געזיכט. קענטיג אין זיין יעדער בעוועגונג, אַז דאָס איז אַ וואוילער לערנער — און איך האָב מיך אויך שטאַרק געפרעהט.

ערשטענס, וועל איך האָבען אַ גוטען מלמד און, צווייטענס, וועט זיין מיט וועמען צו פערברענגען אין די לאַנגע שווערע ווינטער-אָווענדען אין דעם גרויסען מדבר. און איך גיב איהם די האַנד און מיר ענדיגען און געהען צוריק אין בית-המדרש אַריין.

אין בית־המדרש האָט מען שוין געדאַווענט מנחה. אַנ'אומעם האָט אַרויסגעפלאָסען פון נגון און פון די ווערטער, און איך האָב מיך נישט ווילענדיג דערמאָהנט אָן מיינע גוטע, זיסע, זאָרגלאָזע קינדער־יאָהרען.

נאָך מעריב בין איך אַוועק צו זיך אין קרעטשמע. שלמה איז שוין דאָרט געווען מיט די זאַכען (עס האָט איהם געטריבען) צוזאַמען מיט נאָך יונגענליַיט, וואָס זענען געקומען מיך בעגלייטען.

איך האָב געשפּאַנט דאָס פערד, אַריַינגעזעצט זיך אין בריטשקע און גענומען די לייצען אין האַנד. די לייצען אָבער האָבען זעהר אימפּאָנירט מיין מלמד. ער האָט זיי אַרויסגענומען פון מיין האַנד און גענומען אַליין „פּראַווען" מיט'ן פערד. דאָס האָט איהם, קענטיג, פערשאַפט גרויס הנאה. ער האָט זיך ענטציקט, ווי אַ קינד. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געהאַלטען לייצען אין האַנד...

די יונגע־לייט האָבען אונז אַ היבשע שטרעקע בעגלייט און האָבען אונז אודאי מקנא געווען. די קנאה האָט זיך גיכער בעצויגען צום פאָהרען, צום בייטען דעם אָרט, וואָס איז אַזוי זיס אַ יונגען מענשען.

אין קושעליעווע זענען מיר געקומען שפּעט ביינאַכט.

אָבער דאָרט איז נאָך געזעסען דער ערשטער „מלמד", און איך האָב איהם בעדאַרפט א ו י ס ר י כ ט ע ן, וואָס איז געווען נישט פון די גרינגע זאַכען.

דערוויַיל אָבער האָב איך שלמה'לען, ווי אַ בן-יחיד, איינגעלעגט שלאָפען און דערנאָך האָב איך מיך גענומען שרייבען אַ בריף צום „גובערנאַטאָר".

אין בריף האָב איך איהם גוט אויסגעזידעלט פאַר דער מתנה, וואָס ער האָט מיר אַריַינגעשיקט. אַ מין האַרצוועהטאָג דאָס איז. ווי טהוט מען דאָס אַזוי. דאָס איז אַנ'אמת'ע מערדערייַ.

אָנגעשריבען דעם בריף, בין איך אויך אַוועק שלאָפען מיט דעם געדאַנק, אַז מאָרגען מוז ווערען אַנ'עק.

אויף מאָרגען אין דער-פריה האָב איך געהייסען שפּאַנען דאָס פערד — אָ ב צ ו ש י ק ע ן ד י מ ת נ ה צוריק קיין סעלץ, צום „גובערנאַטאָר", צוזאַמען מיט'ן בריף...

דער „מלמד" האָט אָבער נישט געוואָלט פאָהרען און האָט מיט

טרעהרען אויף די אויגען געבעטען רחמים, איך זאל איהם לאזען „קנע-לען” מיט מיינע קינדער.

— ווי אזוי וועל איך אוועקפאהרען? — האט ער גע׳טענה׳ט.

— ווי אזוי וועט איהר דא פערבלייבען? — האב איך גע-טענה׳ט.

רייד אבער אהין, רייד אהער — א נעלטיגער טאג, מען קאן זיך מיט איהם נישט אויס׳טענה׳ן.

אז איך האב געזעהן, אז איך קאן מיר דא קיין עצה נישט גע-בען, האב איך איהם פארגעלעגט, ער זאל פאהרען מיט מיינעם א בריעף קיין מאלטש צום רב און וואס יענער וועט פסק׳ענען, וועל איך מקיים זיין.

דער נאר איז דערויף בעשטאנען. ער איז געוועזן זיכער, אז איך בין געגען איהם אונגערעכט. האב איך צוגעשריבען צום מאלטשער רב עטליכע ווערטער, טאקי וועגען דער אייגענער מעשה, און ער איז אוועקגעפאהרען מיט גרויסע האפנונגען.

אמאליגע רבנים האבען געהאט א סך צייט, האט דער מאלטשער רב אלערערשטענס עקזאמינירט מיין העברעאיש (דער בריעף איז גע-ווען געשריבען אין לשון-קודש). און אז מיין העברעאיש איז איהם גע-פעלען געווארען, און אפילו זעהר, האט ער זיך דעמאלט גענומען צום ענין גופא.

נאך א לאנגען ישוב-הדעת האט דער רב גע׳פסק׳ענט, אז מען זאל „עפענטליך” פערהערען דעם מלמד אין שוהל, וועט מען זעהן, צי קאן ער חומש. דער מלמד איז אויך דערויף מרוצה געווארען... אין א קליין שטעדטיל זענען קיין סודות נישטא, און מיין בריעף איז מפורסם געווארען אין שטעדטיל. צום עקזאמען פונ׳ם מלמד זענען זיך צונויפגע-קומען אלע שטעדטילשע יורען.

דער נאר, דער מלמד, איז געגאנגען אין שוהל זיך לאזען פער-הערען. איהם איז גארנישט איינגעפאלען, אז ער קאן דא האבען א מאוס׳ע מפלה. צום עקזאמען איז אבער גאר נישט געקומען. ווארום שוין דער אנהויב איז געווען א ביטערער. געהענדיג אין שוהל אריין, האבען איהם שטעדטילשע יונגאטשעס פערווארפען מיט בלאטע און געשריען:

— קושעליעווער מלמד !.. קושעליעווער מלמד !..

אין אזא מין אנהויב איז שוין אויך דער סוף געלעגען.

ווארום ווער וועט איהם איצט געהן פערהערען?

איז ער אוועק צוריק צום רב, יענער זאל איהם מיטגעבען א בריעף צו מיר. עס פערשטעהט זיך, אז פון שעמעריי איז ער געווען ווייט.

דער יונג איז געקומען צו מיר מיט'ן בריעף. שרייבט דער רב, אז לויט'ן דין קומט דעם יונג פון אייך גאר פעטש — אנ'עם-הארץ טאר זיך נישט אונטערנעהמען צו לערנען מיט יונגלעך חומש, נאר אויב איהר ווילט איהם געבען געלד, קאנט איהר געבען וויפיעל אייער הארץ גלוסט. מילא, איך האב דעם יונג אריינגערוקט א צעהן-רובל-דיגען און געענדיגט דעם קאמישען עסק.

דער קאמישער עסק האט מיר איצט קיין הארצוועהטאג נישט פערשאפט, ווארום געענדיגט האט ער זיך מיט שלמה'לען, זעהר א סימפאטישער יונגערמאן און א וואויל-לערנער. וואס האט מיך פשוט דערקוויקט אין אזא „פוסטקע".

איך האב איהם אבגעגעבען א גרויסע שטוב, „ווי א פעלד", ער זאל דארט לערנען און שלאפען. און טאג און נאכט פלעגט זיך גיסען זיין קול, וואס פלעגט אונז וואונדערליך ווייך מאכען דאס הארץ, און איך געדענק, אז איך פלעג איהם מקנא זיין.

א קליינינקייט, דער תענוג — קאנען לערנען און ועלען לערנען.

ער אליין איז אויך געווען זעהר צופריעדען. א שטילע, א גרויסע שטוב, א גוטע בעהאנדלונג און עסען לרוב.

עסען איז אנ'ענין. פריהער האט ער אזוי ווייניג געגעסען!

אויסער דער הנאה, וואס ער האט מיר פערשאפט מיט'ן לער־נען, הערענדיג ביי זיך אין שטוב דעם זיסען גמרא-נגון, האט ער מיר אויך אפטער דערמאהנט אן מיינע גוטע פרעהליכע בחור'שע יאהרען, בעת איך האב אליין געלערנט טאג און נאכט און „געקליבען רענד־לעך" און געבויט פאלאצען אויף יענער וועלט...

— וואו איז דאס היינט?

דאס אלץ איז עפיס געווען אזוי זיס, אזוי גוט, אז איך פלעג מיך טיילמאל צעוויינען פון זיסקייט און פון ווארימען בטחון.

איך האָב געהאַט אַ גרויסען גאָט און אַ שענע יענע־וועלט און אַ ציעל, צוליעב וואָס צו לעבען. איך וועל זיין אַ רב, איך וועל זיין אַ צדיק, איך וועל טאָג און נאַכט לעבען מיט גאָט. אַלע וועגען זענען פאַר מיר זיכערע און ליכטיגע און לאָמיר נאָר אויסוואַקסען.

— יאָ, לאָמיר נאָר אויסוואַקסען.

נאָר נאָכאַמאָל: וואו איז דאָס היינט?

אַ יוד בין איך היינט, אַ יוד — אַ טאַטע מיט זאָרג, מיט יאָך, מיט אַ קושעליעווע, און אָט דאַרף איך צו דרעשען די תבואה, פו־נאַנדערלעגען זי אין די שפייכלערס און גוי'עווען, און גוי'עווען, און גוי'עווען...

נאָר שלמה'לע האָט אין מיר דערוועקט אַ חשק צום לערנען, אי־בער'חזר'ן פון דאָס־ניי יענע טייערע יונגעלשע יאָהרען, און איך האָב בעשלאָסען אָב'פּטר'ן שנעל מיינע אַרבייטען, ווערען פריער און צוטרעטען צו דער גמרא.

איז נאָר אַזוי בעשלאָסען געוואָרען, האָב איך באַלד געדונגען מעהר דרעשער, געצאָהלט טייערער און געטריבען די אַרבייט. פאַר אַ פּאָסעסאָר איז דאָס נישט זעהר פּראַקטיש...

אָבער איך וויל דאָך לערנען.

שלמה'לע, ווידער, האָט מיר אַליין גע'מוסר'ט, פאַרוואָס איך לערן גאָרנישט... ער האָט נאָך גאָרנישט פערשטאַנען, וואָס הייסט יאָך און „מאַכען אַ לעבען".

— סטייטש, — האָט ער זיך געוואונדערט — איהר דאַרפט דאָך קאָנען גוט לערנען. אין קאַמעניץ האָט איהר אַ גוטען נאָמען געהאַט. איך זעה עפּיס נישט, איהר זאָלט נעהמען אַ גמרא אין האַנד...

היינט געה קלער איהם אויף, אַז פאַר אַ פּאָסעסאָר איז דאָס גאָר קיין ענין נישט, אַז פאַר אַ פּאָסעסאָר איז אַ סך וויכטיגער צו הוי־בען דעם פּרייז אויף תבואות, ביליגער אָנדינגען טאָג-אַרבייטער, שטע־לען בהמות אויף מיסט און דעסגלייכען.

ביי מיר איז געווען אַ פראַגע, וואו איך זאָל לערנען. לערנען ביי זיך אין חדר, אַליין — איז לאַנגווייליג. לערנען מיט איהם — איז אַ מורא...

איך האָב שוין אַלט, ניין יאָהר קיין גמרא אין האַנד נישט גע־

האַלטען, און ווען איך זאָל מיך אין איין חדר מיט איהם זעצען לער־
נען, קאָן איך מיך אַמאָל דערפיהרען צו גרויסע בזיונות... אַ קשיא
אויף אַ מעשה, איך האָב שוין אַלץ אודאי פערגעסען.

די דאָזיגע פראַגע האָט מיך אַ היבש ביסעל געפּייניגט.

דערנאָך בין איך געקומען צום בעשלוס, אַז איך זאָל ערגיץ
קריגען אַ קליין גמרא'לע און זיך אַליין עקזאַמינירען שטילערהייד
ביי זיך אין צימער. צום עקזאַמען וועל איך אַקוראַט נעהמען
יענע מסכתא, וואָס ער לערנט. און דאָ וועל איך זעהן, ווי געהט עס
ביי מיר און זיך אַליין אַרויסגעבען אַנ'אַטעסטאַט...

שלמה'לע האָט געלערנט זעלבצעהן שעה אין מעת־לעת. געלערנט
האָט ער אָהן תוספות'ן און דרעהדלעך, נאָר גלייך און גלאַט. פון
בלאַט צו בלאַט איז ער געגאַנגען ווי אַ גוטער פּאָלקאָווניק אין שלאַכט־
פעלד, און אין עטליכע וואָכען האָט ער דורכגעמאַכט נדרים, נזיר,
סוטה, גיטין און געהאַלטען ביי דער מסכתא קדושין.

געקראָגען, וואָס איך דאַרף — אַ קליין גמרא'לע, האָב איך מיר
שטילערהייד אַריינגע'גנב'עט צו מיר אין צימער און מיך גענומען מיט
גרויס שרעק צום עקזאַמען...

געה איך מיר פּאַרזיכטיג דורך איין בלאַט, אַ צווייטס —
עס געהט, ווי איך בין אַ יוד, ווער איך שוין מוטהיגער און פאָהר
ווייטער. ווייטער איז נאָך בעסער. געה איך נאָך ווייטער — נאָך בעס־
סער. ווי־באַלד אַזוי, בין איך שוין ביי זיך גאָר דערהויבען געוואָרען,
קעהר איך מיר אָב פון גלייכען וועג און פאָהר אַריין אין די שווע־
רע תוספות'ן.

די דאָזיגע תוספות'ן האָב איך אַמאָל ליעב געהאַט, הגם מיט
גרויסער פשטות און קלאָרקייט צייכענען זיי זיך נישט זעהר אויס.

אין זיי ליעגען, ווי שאַטענס, בעהאַלטען די שווערע סודות פון
גמרא. עס איז אָבער זעהר אַנגענעהם אַרויסצוגראַבלען די דאָזיגע
סודות, אויפדעקען זיי, קלאָר מאַכען, פונאַנדערפלאָנטערן, ווי מען
פלאָנטערט פונאַנדער אַ גרויסען געדיכטען קנויל.

— נו, — קלער איך — ביי די תוספות'ן וועט זיך מיין וועגעלע
פערהאַלטען.

אָבער ווי איבערראַשט בין איך געוואָרען, ווען איך האָב מיך

איבערצייגט, אז מיין וועגעלע לויפט איבער די פערפלאָנטערטע תוספות'ן גלאַט און לייכט, ווי אויף אַ שפּיגעלדיגען שניי־וועג. עס געהט!

אין איין אָרט אָבער איז עס פּאָרט געבליבען שטעהן, ווי צו־געשמידט. איך שטופּ און שטופּ — עס געהט נישט. וואס טהוט מען? קנויטש איך דעם שטערן אַהין — אַהער און וויל מיט אַלע כחות טרעפען דעם תוספות. אָבער עס קומט גאָרנישט אַרויס. זעה איך, אַז מיין מיה איז אומזיסט. און דאָ פּלוצלונג בין איך מיך מישב, וואָס וועל איך זיך דאָ שעמען. „ולא הבישן למד", הויב איך מיך אויף, געה אַוועק צו שלמה'לען און פרעג:

— זאָג מיר, מלמד מיינער, דאָס און דאָס.

קוקט ער זיך איין, וואָס איך פרעג און הויבט מיר אָן ערקלערן. אָבער איך זעה, אַז ער וויל מיר דאָ דעם ענין מעהר פערדרעהען, איידער קלאָר מאַכען. פּשוט ער פּלפּול'ט, ער פערדרעהט.

צווישען ליטווישע לומדים איז פאַרהאַן אַזאַ מין דרך: פריהער לערנען זיי דורך דעם ש"ס גאַנץ אויבערפלעכליך. דערנאָך, אַז זיי ווערען שוין בעהאַוועטע אין'ם ש"ס, הויבען זיי ערשט אָן צו לערנען טיעפער, „גרונטאַוונער", און אָנשטאָט פּלפּול און פערדרעהענישען גע־פינען זיי אין יעדען ענין דעם אמת'ן זין.

אַפּנים, אַז מיין שלמה'לע האָט דעמאָלט געהאַלטען ביי דער מדרגה פון בקיאות. ער וויל, היינט עס, פריהער ווערען אַ בקי אין ש"ס, און דערנאָך וועט ער קומען צו חריפות.

איצט האָט זיך שלמה'לע געמאַטערט צו פערדרעהען מיר דעם קאָפּ מיט סברות און פּלפּול. איך האָב זיך אָבער נישט געלאָזען און דריי שעה צייט נאָכאַנאַנד האָבען מיר זיך געראַנגעלט ביי דעם תוספות. עס איז געוועזען קלאָר, אַז זיין תירוץ פערענטפערט נישט די קשיא, וואָס איך האָב איהם געפרעגט, און ער האָט זיך כמעט ווי אונטערגעגעבען.

— אוי, שלמה'לע, אחינו אתה, — האָב איך איהם פרעהליך אָנגעפּאַטשט אין פּלייצע.

— ניין, וואַרט נאָך. — האָט ער פרעהליך געלאַכט.

נאָר איך בין געווען צופריעדען פון צוויי זאַכען: ערשטענס, וועל איך זיך איצט נישט דאַרפען שעמען פאַר איהם און, צווייטענס,

וועל איך טאקי האָבען אַ שטיקעלע פּעולה: ער קאָן פאָרט אַ סך און איז וואונדערליך קלאָר אין גאַנץ ש"ס.

דאָס שטיקעלע תּוספות, וואָס מיר ביידע זענען איהם נישט דורכ־געקראָכען, האָט מיר זעהר אימפּאָנירט, און איך בין אַ בעלן געווען אַ פאָהר טהאָן צום מאַלטשער רב וועגען דעם. ווי באַלד אַז עס געהט אין וויסען, דאַרף מען זיך נישט פוילען.

און אויף מאָרגען בין איך טאַקי געפאָהרען קיין מאַלטש צום רב. דער רב האָט מיר פערענטפערט די קשיא, אָבער אויך נישט גאָר קלאָר, דאָס הייסט, האַלב פערענטפערט, און איך בין אַוועקגעפאָהרען אַהיים אויך האַלב צופריעדען.

ווייניג מענשען לערנען פונדאַמענטאַל. דאָס רוב לויפט דורך דעם ש"ס אויבערפלעכליך, האַסטיג.

פאָהרענדיג פון מאַלטשער רב אַהיים, בין איך פאַרבייגעפאָהרען דעם וואַלד־קאַנטאָר. דער קאַנטאָרשטשיק איז געווען אַ פּוילישער יוד, אַ חסיד.

דער דאָזיגער קאַנטאָרשטשיק האָט נישט לאַנג חתונה געמאַכט אַ טאָכטער פאַר אַ וואויל־לערנער. שטעל איך אָב דאָס פערדיל און כאַפּ מיך אַריין צום יונגענמאַנטשיק. טרעף איך איהם, ווי ער זיצט און לערנט.

זעה איך, אַז ער האַלט אויך גראַד ביי דער גמרא קדושין סאַ־מע אין אָנהויב. אַז אַ מענש האַלט אין אָנהויב, איז דאָך אומזיסט מיין טרחה מיט איהם זיך מתווכח צו זיין, פאָהר איך אַוועק.

אין עטליכע וואָכען אַרום, פאָהרענדיג צום מאַלטשער רב, בין איך ווידער אַריין צום יונגענמאַן, אפשר וועל איך פאָרט קאָנען מיט איהם אַ שמועס טהאָן מכח דעמזעלבען ענין.

זעה איך אָבער, אַז פאַר די עטליכע וואָכען צייט האָט ער מעהר נישט אָבגעלערנט, ווי פיער בלאַט גמרא. מיין איך, אַז ער האָט עפּיס אַנדערש געלערנט. און אַז איך פרעג איהם וועגען דעם, זאָגט ער:

— ניין, איך לערן נאָר די מסכתּא קדושין.

— וואָס הייסט? — וואונדער איך מיך — איין בלאַט גמרא אַ וואָך לערנט איהר?

ענטפערט ער:

— איך זיץ און קלער קשיות צו פרעגען. איך לערן דורך א קליינינקייט און פרעג זיך גופא קשיות...

ווער איך נאכמעהר פערוואונדערט:

— וואס הייסט, איהר זיצט און קלערט וועגען קשיות? איהר קענט דאך אזוי אבזיצען יאהרען און דאס לערנען וועט געהן ביי אייך לאבור? פריהער דארף מען דורכלערנען גאנץ ש״ס און דערנאך זיך מעהר אריינדריגגען אין קשיות.

— ביי אונז אין פוילען לערנט מען אזוי... — ענטפערט ער גאנץ געמיטליך.

איך האב א דריק געטהאן מיט די אקסלען און אוועקגעפאהרען.

אויך א לערנען. אזא דרך איז געווים א שלעכטער און נישט קיין פראקטישער. און איך האב מיך גאר מיאש געוועזען אין די פוילישע וואויל־לערנער.

די פוילישע וואויל־לערנער שלעפען זיך לאנג און אהן טעם, אבער די ליטווישע לויפען שוין צו־האסטיג דורך דאס ערשטע מאל דעם ש״ס.

אנשטאט האסט — מעהר בעדאכטונג, מעהר פערטיעפונג, וואלט געווים ארויסגעקומען מעהר פעולה.

מיין פעטער ר׳ ליפא׳ס א זוהן איז צו פופצעהן יאהר געוועזען אזוי קלאר אין זעקס הונדערט בלאט גמרא, אז ער פלעגט פיעל מאל איבערראשען די גרעסטע לומדים. דער מחותן, צום ביישפיעל, האט איהם פערהערט אויף אזא אופן: ער האט אריינגעשטאכען א נאדעל אין גמרא און געפרעגט ביי וואס פאר א ענין דארף האלטען דער שפיץ. דאס יונגעל האט זיך גוט צוגעקוקט, פערקנייטשט דעם שטערן, געדרעכענט, געדעכענט און געטראפען אקוראט.

ער איז געוועזען א שרעקליכער מתמיד און פלעגט לערנען אכצעהן שעה אין מעת־לעת. א זכרון האט ער געהאט אנ׳אוננאטירליכען, א גע־וואלטיגען.

פונדעסטוועגען האט ער די גמרא פערשטאנען אויבערפלעכליך נישט „גרונטאוונע״, נישט קוקענדיג דערויף, וואס ער האט זי געקאנט איינגאנצען אויסוועניג. און אז ער האט חתונה געהאט, האט

ער געמוזט פאָהרען צום ביאַלעסטאָקער רב, ר' ליפּא'לע — פרעגען ביי איהם אַנ'עצה ווי צו לערנען איצט. ער איז געווען קלאָר אין ש"ס און האָט איהם אָבער גרינדליך נישט פערשטאַנען, און ר' ליפּא'לע האָט איהם אָנגעוויזען, ווי אַזוי צו ערווערבען די מידה פון פערטיעפונג, פון משיג זיין אַנ'ענין.

אַ דאַנק ר' ליפּא'לען, איז דער יונגערמאַן דערגאַנגען צו זיין ציעל.

און אָט אַזוי, האָב איך מיך ביסלעכווייז אַריינגעצויגען אין לער־נען, אונטער דער ווירקונג פון מיין ליעבען שלמה'לען.

קיין מאַלטש צום רב בין איך שוין געפאָהרען דעם גאַנצען ווינ־טער צוויי מאָל אין וואָך. איך האָב געהאַט אַ היבשע פעולה. אָבער אין דערזעלבער צייט בין איך אויך געקומען צו דער טרויעריגער אי־בערצייגונג, אַז איך בין נישט קיין למדן און נישט קיין משכיל, נישט דאָס און נישט יענץ. אויף אַ מיטען וועג שטעה איך — נישט אַהין, נישט אַהער. עס פערשטעהט זיך, אַז זייטיגע האָבען געמיינט, אַז איך בין גאָט ווייס וואָס פאַר אַ למדן. און אָט דער טעות פלעגט מיר טיילמאָל טיעף איינבייסען דאָס האַרץ...

און ווי אַלעמאָל מיט מיר — איז דאָס געווען פערפאַלען...

נאָר אַזוי, צי אַזוי — דער ווינטער האָט מיר נישט ווייניג תענוג פערשאַפט. איך האָב מיך געפיהלט צופריעדען. פרנסה איז ביי מיר, ווי שטענדיג, געוואָרען אַ ביי־זאַך, אַ ביי־געדאַנק, און מיין מח האָט בעסער אַרומגעשוועבט אין די הויכע סברות פון גמרא.

דער דאָזיגער שלמה'לע איז מיר שטאַרק איינגעבאַקען געוואָרען אין האַרצען. זעהר אַ ליעבער יונגערמאַן, זעהר אַנ'ערליכער, זעהר אַנ'אַרבייטסזאַמער, זעהר אַ שטילער, און שטיל און גאָר אונבעמערקט האָט ער געקאָנט ווירקען אויפ'ן צווייטען, און נאָך איצט אפילו בענק איך נאָך איהם טיילמאָל.

פסח, געדענק איך, האָב איך איהם אָבגעטהאָן אַ שפּיצעל, וואָס מיך האָט דערנאָך פערדראָסען. מיר זענען געזעסען ביים סדר. מען האָט אָנגעקאָכט און אָנגעבאַקט פון כל טוב. אויף די ערשטע טעג האָב איך געקוילעט דריי גרויסע קעלבער, אויסער אַנ'ענדיק, וואָס דאָס ווייב האָט אויסגעהאָדעוועט.

מיין שלמה האָט זיך, קיין עין־הרע, גוט אָנגעפּאַקט. זיין חלק

אפיקומן האָב איך גוזמא׳דיג פערגרעסערט, און ווען מיר האָבען עס בעדאַרפט עסען, האָב איך געזעהן, אז דאָס איז איהם איבער די כחות...

ער איז אָבער געווען זעהר פרום און האָט זיך געשטאַרעט אויפ־צועסען. זעה איך, אַז ער האָט שוין באַלד מנצח געווען דאָס גרויסע שטיק מצה, רוק איך איהם אונבעמערקט צו נאָך אַ שטיקעל, נאָך אַ שטיקעל — אַלץ, הייסט עס, זיין אפיקומן. שלמה׳לע האָט געגעסען, געגעסען, ביז ער איז בלאַס געוואָרען און איז מיט אַמאָל אַרויסגעלאָ־פען אויפ׳ן גאַניק...

דאָרט האָט ער געבראָכען.

איך ווייס נישט, וואו איז היינט מיין ליעבער, מיין גוטער שלמה׳־לע. זאָל ער עס מיר אָבער מוחל זיין דאָרט, וואו ער איז. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב דעמאָלט פון אהבה און פון תענוג צופיעל ווײַן געטרונקען... אַ יוד — באַלד שכור געוואָרען.

געענדיגט דער ווינטער, האָט זיך אָנגעהויבען די פעלד־אַרבייט. די זון, דער וואַלד, די פרייע לופט — האָבען אויך שלמה׳לען אָבגע־ריסען פון דער גמרא. מיר האָבען שוין ביידע נישט געלערנט. מיר זענען אומגעגאַנגען אין פעלד, זיך געקוויקט מיט דער זון, אַרומגע־פאָהרען רייטענדיג, גאָר מעשה־פריצים. איבריגענס, אין הלכות רייטען איז ער געווען גאָר אַ קליינער קנאַקער. ער האָט, נעבעך, זעהר מורא געהאַט פאַר פערד... חאָטש עס האָט איהם געצויגען צו זיי, ווי אַלע שוואַכע — צו שטאַרקע און געזונדטע.

אַזוי איז אַוועק דער גאַנצער זומער. שלמה׳לע איז איצט געווען מעהר אין פעלד איידער ביי דער גמרא. די זון האט דערוואַרימט זיינע פערגליווערטע בלוטען. ער האָט גאָר אָבגעלעבט. ער האָט איינ־געזעהן אַז זון, לופט און וואַלד און פעלד־אַרבייט איז אויך אַ שטאַר־קער ענין.

און אַ דאַנק שלמה׳לען, האָב איך גאָרנישט בעמערקט, ווי דער זומער איז זיך איבערגעלאָפען. אָט איז שוין באַלד הערבסט, עס שמעקט מיט אלול.

בלעטער פוילען, בלעטער פאַלען.

און אַקוראַט פאַר ראש־השנה איז שלמה׳לע, צו מיין גרעסטען

האַרצוועהטאָג, אַוועקגעפאָהרען אַהיים. מען האָט איהם געררופען זיך שטעלען צום פריזיוו. זיין פאָטער האָט איבערגעמאַכט דעם פריזיוו אויף היי־יאָהר. נאָך זיין אַוועקפאָהר איז אויף מיר אָנגעפאַלען אַ שרעקליכע מרה־שחורה, און איך האָב מיך אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט בערוהי־גען. דער יונג האָט מיר דאָס האַרץ געבלוטיגט.

אין אַ צייט אַרום נאָך זיין אַוועקפאָהר האָב איך איינמאָל גע־לעזען אַ קאָרעספאָנדענץ פון גראָדנאָ אין דעם דעמאָלטדיגען „מליץ“, וועלכען איך האָב אַבאָנירט, אַז מען האָט אָבגעגעבען דעם קאמעניצער עילוי שלמה פאַר אַ זעלנער און ער שטעהט אין גראָדנאָ. גאַנץ גראָדנאָ סטאַרעט זיך פאַר איהם.

די ידיעה האָט אויף מיר געמאַכט אַ שווערען איינדרוק. איך בין אָבער באַלד געטרייסט געוואָרען: שלמה׳לען האָט מען דאָך בעפרייט. די גראָדנער קהלה האָט איהם צופיעל געשעצט און געזשאַלעוועט.

# זעכצעהנטעם קאַפּיטעל.

איך וויל שוין ווידער וואַנדערן. — דער קאָנטראַקט מיט שע־מעט'ן. — מיין שוואָגער פון קיעוו. — איך גיב צום טרינקען פערד. — אַ פּלאַן מכח אַרויספאָהרען קיין קיעוו. — דער זיידע. — ביי שעמעט'ן. — דעם זיידענ'ס מוסר. — איך פערקויף האַק און פּאַק. — נאָר קיעוו. — די רייזע. — דער ערשטער ברוך־הבא. — אָבלאַוועס. — איך ליעג אונטער אַ בעט. — אימה. — געוויין. — יאוש און חרטה. — דאָס אַרעסטירטע יודעל. —

נאָך שלמה'לעס אָבפאָהרען האָב איך אָנגעהויבען שטאַרק צו קלערען מכח פערלאָזען דעם העק. ביים פריץ שעמעט האָב איך געהאַט אַ קאָנטראַקט אויף דריי יאָהר. זיצען האָט מען איינענטליך גע־קאָנט ביי איהם אייביג. נאָר ביי איהם איז געווען אַזאַ טראַדיציע אַרויסצוגעבען יעדען פּאָסעסאָר זיינעם אַ קוויטעל אויף דריי יאָהר און דערנאָך, אז מען האָט געוואוינט לענגער, האָט ער קיינעם קיין הוספות ניט געגעבען.

האָב איך, אַלזאָ, געקאָנט זיין אין קושעליעווע אַזוי פיעל, וויפיעל איך וואָלט נאָר געוואָלט, אפילו ביז נאָך שעמעט'ס טויט. זיין טאָכטער וואָלט אויך נישט געענדערט די טראַדיציע. פערשטעהט זיך, אויב זי וואָלט דאָס גוט נישט פערקויפט. פרנסה וואָלט איך אויך געהאַט.

שפּעטער וואָלט איך מיך פאָרט איינגעלעבט, וואָלט אפשר בעסער געוואָרען.

אַקוראַט צו דער צייט, בעת איך בין געווען פערנומען מיט די געדאַנקען, ווי אַזוי אַרויסצוקריכען פון קושעליעווע, איז מיין שוואָגער אהרן ציילינגאָלד אַרוים פון פינסק קיין קיעוו. די דאָזיגע שטאָדט האָט דעמאָלט אָנגעהויבען שטאַרק צוצוציהען יודען.

די צייט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען האָט דערצו נישט זעהר געשטערט, און אַ סך יודען האָבען אַריבערגעוואַנדערט קיין קיעוו. דער טייך דניעפּר איז כמעט געוואָרען דער פונקט, אַרום וועלכען יודען האָבען זיך פערזאַמעלט. מחמת יודען האָבען זיך דאָס רוב בעשעפטיגט מיט'ן תבואה-מסחר, האָבען זיי דורך אָט דעם טייך געטריבען זייערע תבואות קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, ניקאָלאַיעוו, קרעמענטשוג א. אַז. וו.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז קיעוו געוואָרען דער צענטר פון יודישען האַנדעל בכלל. אינגאַנצען פריי איז אפילו נישט געווען. פּאָליציי פלעגט אָפט מאַכען די בעריהמטע קיעווער „אָבלאַוועס”, וואָס זענען ביז היינט, צום אומגליק, נישט שוואַכער געוואָרען. נאָר פונדעסטוועגען האָט אַ יוד געקאָנט „עקזיסטירען”. וואָרום עס קומט אַרויף אַלץ דיזעלבע פראַגע: וואו איז בעסער?

בעלי-מלאכות האָבען געמעגט סיי-ווי-סיי וואוינען און האַנדלען. בעקומען אַ „רעמעסלענע” פון אַ מלאכה, איז אויך נישט געווען פון די שווערע זאַכען. אַ דאגה: אַ גלעזער, אַ טינט-מאַכער, אַן עסיג-מאַכער — אַבי אַ „רעמעסלענע”. ערשטע און צווייטע גילדיעס האָבען דאָך אודאי געהאַט וואוינרעכט. אַזוי אַרום האָבען די אָבלאַוועס קיין גרויסען פּאָליציייאישען ערפאָלג נישט געהאַט, און יודען האָבען, גאָט צו דאַנקען, געלעבט אַ סך לייכטער און בעסער ווי היינט.

אויפ'ן ערגסטען אופן רוקט מען עפּיס אין יד אַריין... די אַלטע יודישע סגולה. און אַנדערע יודען האָבען אַרויסגענומען אַ שיין פון

אַ קוּלער. וואָרום וועלכער יוד אָדער יודענע קען דאָס נישט אָבקאָכען אַ קרופּניק מיט אַ שטיקעל פליַיש? און אָט אַזוי איז עס געגאַנגען, און קיעוו איז געוואָרען אַ גרויסע יודישע קהלה מיט האַנדעל, געשעפטען, מלאכה א. אַז. וו.

מיַין שוואָגער איז אַרויסגעפאָהרען מיט דער פאַמיליע קיַין קיעוו און האָט דאָרט געעפענט אַ שען גאַסט-הויז. דאָס וויַיב האָט געפיהרט דאָס גאַסט-הויז און ער, ווידער, האָט געהאַט אַנדערע געשעפטען. גוטע געשעפטען האָבען זיך דעמאָלט ממש געוואַלגערט אין קיעוו.

מיַין שלאָגער האָט געמיינט, אַז איך מאַך גאָלדענע געשעפטען אין קושעליעווע און איהם איז גאָרנישט איַינגעפאַלען אַריבערצופּעקלען מיך קיַין קיעוו.

מאַכט זיך אַ מעשה און עס ברענט אָב זיַין פאָטער׳ס הויז אין פּינסק. איז ער געפאָהרען אין פּינסק אָבנעהמען דאָס סטראַכירונגס-געלד, אַ דריַי טויזענד רובל. אַז מען איז שוין אין פּינסק, דאַרף מען דאָך אַראָבפאָהרען צו אונז אין קושעליעווע, וואָס איז נישט וויַיט. ער האָט אומישנע געוואָלט קומען צו אונז אונגעריכט, כדי ער זאָל אונז קאָנען חאַפּען בײַם סאַמע „וואָכענדיגען לעבען".

און דאַכט זיך, אַז ער האָט געחאַפּט...

שטעה איך אַזוי אײנמאָל פריַיטאָג בײַטאָג און טרינק אָן די פערד בײַם ברונים: איך גיס וואַסער פון ברונים אין קאָריטע, און דריַי פערד שטעהען און טרינקען. און גראָד אין דער מינוט איז גע-קומען אונבעמערקט דער שוואָגער. ער האָט אַ וויַילע צוגעקוקט, ווי איך גיב צום טרינקען די פערד און דערנאָך זיך אַרויסגעגעבען...

שוין שפּעטער, אַז מיר זענען געזעסען אין שטוב, האָט ער זיך אַלץ נישט געקאָנט אָבוואונדערן, וואָס איך, אַ יונגערמאַן, וועלכער איז אַ צײַט לאַנג געזעסען אין בית-המדרש, זאָל קאָנען אַרומגעהן אַרום פערד. אפילו דאָס שעפּען וואַסער פון אַ טיעפען ברונים און גיסען אין קאָריטע איז איהם אויך אויסגעקומען משונה.

— איך האָב אַלץ געמיינט, — זאָגט ער, — אַז דו ביזט אַ פערשלאָפענע בריאה און קאָנסט נאָר אָנשרײַבען אַ לאַנג מליצה-בריוועלע צו מיר. ערשט דו טויגסט זיך גאָר. פאָהר מיט מיר קײַן קיעוו. וועסט דאָרט מאַכען גוטע געשעפטען.

און ער האט אנגעהויבען דערציילען מעשיות פון הונדערטער יודען, וואס זענען געקומען קיין קיעוו ממש „אהן שטיוועל" און זענען אין פערלויף פון עטליכע יאהר געווארען גבירים, וואס פערמאגען הונדערטער טויזענדער רובל. אין קיעוו קאן מען ווערען א גביר פלינק, אויף איין פוס.

עס פערשטעהט זיך, אז דער שוואגער האט אונז לייכט איבערגערעדט, און נאך זיין אוועקפאהר איז ביי אונז געבליבען פערענדיגען וואס גיכער מיט קושעליעווע און ארויספאהרען קיין קיעוו.

איך האב מיך שטארק גענומען דערצו.

אין עטליכע חדשים צייט ביז ניי-יאהר האב איך אלץ געמאכט צו געלד, ביסלעכוויז פערקויפט די בהמות, קעלבער, אקסען, פערד, שפאנען, היי און נאך אזעלכע פאסעסאר-זאכען, נישט געקוקט אויפ'ן פרייז, גיך ארויסגעשטופט די סחורה, אבי אראב פון מארק.

אז איך בין פארטיג געווארען מיט'ן פערקויפען, האב איך געשיקט נאכ'ן זיידען, ער זאל מיט מיר פאהרען צום פריץ דורכקומען. פאר'ן פריץ איז עס געווען אונגעריכט. ער האט געמיינט, אז איך וועל זיצען און זיצען אין קושעליעווע. דער זיידע איז געקומען, און איך האב מיט'ן פריץ אויך פערענדיגט.

דער פריץ האט געזאגט צום זיידען:

— דיין אייניקעל טהוט א גרויסע נארישקייט, וואס ער ווארפט אוועק קושעליעווע. דיין אייניקעל האלט דאס זעהר ביליג. מען גיט מיר שוין לאנג פאר'ן הויף צוועלף הונדערט רובל. נאר איך האב פיינט אנ'אויסדיננגער. שפעטער וואלט איך אפשר אבגעגעבען דיין אייניקעל מיין אייגענעם הויף אין ארענדע. איך בין שוין אלט, איך קאן מיך שוין נישט אבגעבען מיט אזעלכע זאכען, און דיין אייניקעל איז אנ'ארענטליכער מאן... וויל ער אבער נישט, איילט ער זיך, לויפט ער פון דאנען, טא זאל ער לויפען געזונדטערהייד.

— איהר ווילט אבגעבען אייער הויף? — האט זיך דער זיידע א חאפ געטהאן.

— נו, יא, — האט דער אלטער פריץ צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— פאהרט ער נישט ארוים! — האט דער זיידע פעסט געזאגט, — ער וועט דא בלייבען.

— ניין ... — איז שעמעט בייז געוואָרען — איצט ניִשט. ער האָט שוין ביי מיר מעהר קיין חן נישט. וויבאַלד אז ער וויל אַרויספּאָהרען, איז ער ביי מיר שוין קיין פּאַסעסאַר נישט.

דער זיידע איז געווען אויסער זיך.

— סטייטש, סטייטש, — האָט ער מיר דערנאָך מיט האַרץ געזאָגט. — דו וואָלסט דאָך געווען גליקליך. גזלן, דו וואָלסט דאָך רייך געוואָרען.

און ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט בערוהיגען.

— וואָס ציהט דיך אַזוי אין שטאָדט אַריין? וואָס מיינסטו איז אַ שטאָדט? מען רייסט זיך און מען שלאָגט זיך פאַר אַ גראָשען פּרנסה. וועסט זעהן, דיר וועט נאָך אַמאָל פערדריסען, וואָס דו ביזט אַוועק פון די קושעליעווער בוימער. אַזאַ פריץ, אַזאַ פריץ צו לאָזען. דו ווייסט, וואָס הייסט זוכען אין אַ שטאָדט פּרנסה? — האָט ער מיך אָנגעשטאָכען מיט די אויגען. — הלואי זאָל איך ליגען, וועסט זיך נאָך וועגען עס איז רייסען די האָהר פאַר דעם.

איך האָב אָבער דעם זיידען נישט געהערט. זאָל ער ריידען וואָס ער וויל. איך וועל מיר פאָהרען קיין קיעוו... אַ גרויסע שטאָדט, אַ סך מענשען, מען קאָן שמועסען, פערברענגען, פיהרען אַ וכּוח, ריידען פון הויכע זאַכען. קושעליעווע איז פאַר מיר קיין זאַך נישט.

דער זיידע איז אַוועקגעפאָהרען אַ צוקלעמטער און איך האָב פערענדיגט מיט מיין דאַרפישער בעלי-בתיש׳קייט.

אַז אַלץ איז שוין געווען פערקויפט, האָב איך מיין פאַמיליע אַריבערגעפּעקעלט קיין קאָברין, וואו ווייב און קינד וועלען איבערוואַרטען די צייט ביז איך וועל מיך איינאָרדנען, און אַליין בין איך אַוועקגעפאָהרען קיין קיעוו.

קיין קיעוו בין איך געקומען פרייטאָג אין דער-פריה און בין אַ פרעהליכער אַוועקגעפאָהרען צום שוואָגער. ביים בּרעג דניעפּר האָט ער געהאַלטען דאָס גאַסט-הויז. געקומען צום שוואָגער, האָב איך באַלד בעמערקט, אַז ער, דער שוואָגער, זעהט עפּיס אויס נישט גאָר פרייליך. נישטאָ די לוסטיגע מינע, וואָס איז געלעגען אויף זיין פּנים, בעת ער איז געווען אין קושעליעווע. און אַז איך האָב אַ פרעג געטהאָן, פון וואַנען קומט דער שנוי, האָב איך בעקומען אַנ׳ענטפער, אַז דעם

ווינטער האט ווייַנשטייַן באַנקראָטירט אויף זעקס-און-אַהאַלב מיליאָן רובל און אַז דער דאָזיגער באַנקראָט האָט געמאַכט אַנ׳ איבערקערעניש אין גאַנץ קיִעוו, וואָרום ווען האָט דער וויַנשטייַן נישט בעריהרט?

אויסער די גרויסע בענק, האָט ער פּריוואַטע מענשען באַנקראָטירט העכער דרייַ מיליאָן.

מייַן שוואָגער האָט אין דעם דאָזיגען באַנקראָט-ים דערטרונקען דרייַ טויזענד רובל געלד מזומן. דערבייַ האָט ער פערלאָרען געשעפטען, בייַ וועלכע ער פלעגט פערדינען ביז פינף טויזענד רובל אַ יאָהר. איצט, אַז איך בין געקומען קייַן קיִעוו, זענען שוין אַלע געשעפטען, גאָט צו דאַנקען, אין דער ערד, אין קיִעווער מסחר איז אַ חורבן, דער שוואָגער האָט איצט קייַן געשעפטען נישט, אויסער דאָס גאַסט-הויז, לעבען פון גאַסט-הויז אַליין איז שווער, בפרט נאָך אַז ער איז אייַנגעוועהנט ברייט צו לעבען.

ווערליך, מייַנע האָפנונגען, איז דאָס פאַר מיר געווען אַ פייַנער ברוך-הבא. געקומען אַקוראַט אין דער ריכטיגער צייַט אין קיִעוו, אָנגעטראָגען זיך. איך בין דאָ, קיִעוו וואַרט אויף מיר.

קושעליעווע אויף אַ גרויסע שטאָדט געביטען, אַט האָסטו קיִעוו.

און באַלד, אין איין רגע, האָט מיך אַרומגעחאַפּט אַ שרעקליכער יאוש, אַ מרה-שחורה, פּונקט ווי אַ זעהענדיגער מענש וואָלט מיט אַמאָל בלינד געוואָרען. וואָס האָב איך געטהאָן? ווי אַזוי נעהם איך אַנ׳איינגעפונדעוועטע בעל-הבתיש׳קייט און וואַרף עס אַרויף אויפ׳ן ווינד? ווי אַזוי וואַג איך מיך גאָר דערצו? פון וואַנען וועל איך איצט לעבען מיט אַ ווייַב און קינדער? און סתם, ווי קום איך, אַ דאָרף-יוד, זוכען געשעפט אין אַ גרויסער טומעלדיגער שטאָדט? ווער דאַרף מיך דאָ? ווער וואַרט דאָ אויף מיר? ווער וועט מיך, די מציאה, דאָ אויסחאַפּען?

מייַן יאוש איז, אַפנים, פערקראַכען אַזוי ווייט, אַז ער איז געוואָרען קענטיג פאַר די שטובּיגע, און מייַן שוואָגער האָט מיך „גענומען אין די הענד אַריין״.

— קודם כל, — זאָגט ער, — דאַרף מען זייַן אַ מענש. פון קיִעווער באַנקראָט האָסטו דאָך נישט געליטען. וואָס-זשע מרה-שחורה׳סטו? אפשר וועט דיר גראָד גאָט העלפען אין קיִעוו?

און אויף דער נאַכט האָט ער מיך צוליעב פרעהליכקייט אַוועק־געפיהרט אין קאַרלינער חסידים־שטיבעל. אין שטיבעל איז טאַקי געוועזן פרעהליך, און מיין יאוש איז צוגאַנגען געוואָרען. יודעלעך האָבען געפאַטשט מיט די הענד, געטופּעט מיט די פיס און פרעהליך מקבל שבת געווען. איך האָב מיך שוין אָבגעוועהנט פון אַזאַ טומעל. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די ווענד פאַטשען אויך און זינגען לכו נרננה.

איך האָב שוין מעהר קיין אומעטיגע געדאַנקען נישט געהאַט. אין דערהיים האָב איך מיט'ן שוואָגער פרעהליך אויסגעזונגען שלום־עליכם און ביים טיש האָבען מיר זיך אויסגעזעצט אַנ'עדה יודען פון אַ צוואַנציג פּערזאָן, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען גרויסע סוחרים, רייכע קרעמער, געהויבענע מעקלער א. אז. וו.

אויפ'ן טיש איז ליכטיג, עס ברענען ליכט, אויף ווייסע טעלער ליגען שענע חלקים פיש, דער עולם מאַכט קדוש, מען זעצט זיך עסען און עס פערפיהרט זיך אַ לאַנגער שמועס.

אָבער פון וואָס שמועסט מען?

גאָט מיינער, פון אַבלאַוועס.

פּאָליציי חאַפּט יודען! חאַפּט, חאַפּט, חאַפּט.

וואָס הייסט, חאַפּט?

ביז אַהער האָב איך געוואוסט, אַז יודען ליידען צרות, ווערען פערשוואַרצט, טראָגען אויף זיך אַ גרויסען, אַ ביטערן יאָך, אָבער אַז יודען ווערען אויך געחאַפּט, דאָס האָב איך לחלוטין נישט געוואוסט!

מיר האָט אַזש אַ שווייס אַרויסגעשלאָגען אויפ'ן שטערען. פּאָליציי חאַפּט יודען! חאַפּט, חאַפּט, חאַפּט.

— איהר ווייסט נישט, וואָס איז דאָס אַזוינס חאַפּען? — רופט זיך אָן צו מיר אַ יוד, וואָס האָט, קענטיג, בעמערקט, אַז דער ענין איז פאַר מיר ניי. — פאַראַיאָהרען האָט מען דאָ אין רעכטען מיטען כל־נדרי פערחאַפּט אַ גאַנצע שוהל יודען... אַ שוהל יודען. איהר פערשטעהט? אַ שוהל יודען...

— איז אַז אַ יוד האָט דאָ נישט קיין רעכט צו וואוינען, דאַרף ער זיך בעהאַלטען? — האָב איך נישט זיכער און אפילו נאַרישליך געפרעגט, בעת אַ קעלט איז מיר אַדורך דורך די ביינער.

— נו, וואָס קלערט איהר? אודאי בעהאַלטען...

דאָ בין איך שוין אינגאַנצען געבליבען אָבהענדטיג.

און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מײַן שוואָגער האָט מיך אומגליקליך געמאַכט, ממש אָבגעקוילעט אָהן אַ מעסער. למאי האָט ער מיר נישט געזאָגט אין קושעליעווע, אַז אין קיעוו חאַפּט מען יודען? איך וואָלט דאָך נישט געפאָהרען אַהער פאַר מיליאָנען, פאַר מיליאַרדען, מען חאַפּט יודען!!!

אין קאָפּ האָבען זיך מיר אומגעדרעהט די סאַמע שרעקליכסטע רעיונות.

— וואָס האָסטו מיך אַראָבגעבראַכט אַהער? — האָב איך מיט אַמאָל און מיט גאַל געפרעגט דעם שוואָגער.

— שאַ, שרעקט זיך נישט, — האָט זיך אַרײַנגעמישט די שוועגערין, — מיר צאָהלען געלד דעם פּריסטאַוו, ער בעקומט שוין דאָס זײַניגע און ער טשעפּעט אונז נישט. בײַ אונז חאַפּט מען נישט... נאָר טאָמער טרעפט זיך יאָ אַמאָל אַנ'אָבלאַווע בײַ אונז, לאָזט מען זיי אויף מאָרגען גלײַך אַרויס... ווארום דער פּריסטאַוו בעקומט דאָס זײַניגע. אין יד... אין יד...

איך האָב דערווײַל בעמערקט, אַז דער עולם מאַכט עטוואָס חוזק פון מיר, מען לאַכט אונטער.

— וואָס שרעקט איהר זיך אַזוי? — רופט זיך אָן עפּיס אײַנער אַנ'אורח, — איהר זענט דאָך אַ יוד, און אַ יוד דאַרף זײַן געוועהנט צו אַזוינע זאַכען...

און עטליכע מיט אַמאָל דערצעהלען מיר, אַז מען האָט זיי שוין נישט אײַנמאָל געחאַפּט, נישט אײַנמאָל איבערגענעכטיגט אין קאָזע און — מען לעבט, גאָט צו דאַנקען. נישקשה, צו משיח'ן איז נאָך ווײַט. דערווײַל דאַרף מען איבערנעכטיגען אין קאָזע און פערדינען געלד.

און דער עולם האָט אָנגעהויבען זינגען זמירות, פּונקט ווי זיי וואָלטען זיצען אין ירושלים. איך האָב פערדריקט די צײַהן און אַ טראַכט געטהאָן:

— זאָל זײַן, וואָס עס וועט זײַן.

אפּנים אָבער, אַז מיט מיר קײַן קיעוו איז געפאָהרען נישט אײַן

שלים־מזל — מײַנער, נאָר מיליאָנען־מיליאַסען. וואָרום קיעוו האָט לאַנג נישט געוואַרט און מיך באַלד מזכה געווען מיט'ן תענוג פון אַנ'אָבלאַווע...

פונקט אַ זײגער עלף, בעת מיר האָבען נאָך געהאַלטען בײַם רעלטען צימעס, וואָס איז דוקא געווען געראָטען, האָבען מיר דערהערט אַ שטאַרקען קלונג. אַ קלונג פון אַ זילבערער האַנד. אַזוי קלינגט נישט אַ גאַסט, און אַלע זענען אויפגעשפרונגען פון די ערטער מיט טויטע פנים'ער.

אַנ'אָבלאַווע!.. — האָט זיך בײַ עמיצען פערשטיקט אַרויסגעריסען.

די יודעלעך, וואָס האָבען פריהער אַזוי דרײסט גערעדט פון אָבלאַוועס, זענען איצט, אין מיטען צימעס, צומישט געוואָרען.

מײַן שווענערין, וואָס איז געווען זעהר אַ פּראַקטישע, האָט מיך אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנד און אַ שעפּטשע געטהאָן:

— קום גיכער, אַנ'אָבלאַווע. איך וועל דיך בעהאַלטען.

און זי לויפט מיט מיר, שלעפּענדיג מיך פאַר'ן האַנד.

לויפען אָבער אַלע. עס לויפען די גבירים, די שענע יודען, עס לויפען די מעקלערס, די קרעמער. אַ פּאַנישער געלויף. אַפּנים, אין קאָזע איז נישט אַזוי גרינג צו זיצען, ווי זײ האָבען פריהער גערעדט.

די שווענערין איז מיט מיר פערפלויגען אין שלאָפצימער.

דאָרט פיהרט זי מיך צו צו אַ בעט און הײסט מיך אַרונטער־קריכען.

— קריך, קריך אַרונטער, שעם זיך נישט.

די שענע יודען אָבער טהוען עס געשיקטער פון מיר. זײ ליעגען שוין אַלע אונטער די בעטען. און — איך בין אויך אַרונטערגעקראָכען. אונטער'ן בעט הער איך אַ שווער סאָפּעניש פון מײַנע אונטער־בעט־חברים און איך הער אויך ווי עס קלאַפּט זײ דאָס האַרץ. פערקעהרט, איך אַלײן האָב מיך שוין נישט אַזוי געשראָקען. איך האָב דערויף אַזוי ווי קײן צײַט נישט געהאַט.

אַ מאָדנע בילד. אונטער'ן בעט ליעגען זיך יודעלעך מיט שענע בערד, טאַטעס פון קינדער, אָנגעזעהענע סוחרים און מען סאָפּעט ווי געגנז, בעת יענע ווילען טרינקען.

אַז איך שטרענג אָן גוט דאָס אויער, הער איך ווי פּאָליציי

געהט אַרום מיט שווערע טריט אין יענע צימערן און מען רעדט מיט גראָבע שטימען...

— מען זוכט, — טראַכט איך, — אפשר וועט מען געפינען... אַרויסשלעפּען פון אונטער'ן בעט אַנ'ערדה שענע יודעלעך.

דאָסמאָל איז אָבער די אָבלאַווע צוגעגאַנגען זעהר „לייכט,״ וואָרום אָנגעפיהרט געוואָרען איז זי פון'ם „גוטען״ פּריסטאַוו. ער אַליין איז דערביי געווען. נאָר אַזוי ווי חאַפּען עפּים מוז ער, האָט ער לפנים וועגען צוגעחאַפּט אַנ'אָרימען יודען, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטען ביים שוואָגער. מעגליך, אַז דער דאָזיגער יוד האָט אומישנע זיך אָנגעדונגען אויף אַזאַ מין „שטעלע״...

אַז זיי זענען אַוועק, זענען מיר אַרויסגעקראָכען פון אונטער'ן בעט...

מיר האָבען זעהר שען אויסגעזעהן. אויף די שבת'דיגע מלבושים איז געהאַנגען שפּינוועבס און עס האָבען זיך געזעהן גרויסע פלעקען פון שטויב, מיט פערשמירטע נעזער.

ערשט איצט איז צו מיר געקומען די אימה און — נישטאָ זיך וואָס צו שעמען — איך האָב מיך צעוויינט הויך אויפ'ן קול. איך בין מיך מודה, אַז דאָס זענען געווען איבעריגע טרעהרען, נאַרישע טרעהרען. ווי די אָבלאַווע איז נישט שרעקליך, פונדעסטוועגען דאַרף אַ יוד נישט וויינען און נאָך הויך אויפ'ן קול. עס האָט געוויס געמוזט אויסזעהן מאוס און נאַריש.

איך מיין, אַז מיין שוואָגער, דערזעהענדיג די טרעהרען, האָט נאָכמעהר פון מיר חרטה געהאַט, וואָס איך בין געקומען. אַ גאַנצע נאַכט האָבען זיי געהאַט צו טהאָן מיט מיר. איך האָב מיך בשום אופן נישט געקאָנט בערוהיגען. דער שוואָגער האָט אָנגענומען אַלע מיטלען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפען. און אַזאַ מין צושטאַנד האָט זיך ביי מיר געצויגען אויך אויף מאָרגען. איך האָב נישט געקאָנט עסען, נישט טרינקען, און דאָס האַרץ האָט עפּיס גענאָגט און גענאָגט.

מען האָט מיך איבערגעגעבען צו די געסט — יענע זאָלען מיך בערוהיגען. האָבען זיי מיר דערצעהלט מעשיות פון מיליאָנערען און זיך געטענטעלט מיט מיר, ווי מיט אַ קינד. די שוועגערין האָט געבראַכט פון צירקעל דעם אָרימען יודען.

— עט! ס'איז גאָרנישט. — האָט ער זיך בערימט קומענדיג פון דאָרטען.

— זעהסטו, — האָט די שוועגערין פון מיר געלאַכט — אין קאַווע געזעסען און ווייִנט נישט...

— וואָס האָט איהר דאָרטען געזאָגט? — האָב איך געפרעגט דעם יודען.

— געזאָגט, אַז איך בין היינט געקומען און דאַרף באַלד אוועקפאָהרען... — האָט דער יוד גאַנץ געמיטליך געענטפערט.

איך קוק אויף דעם יודען און טראַכט: פערפאַלען, וואָס קאָן איך איצט טהאָן? און מיט וואָס בין איך בעסער פון אַזאַ יודען? ער ליידט, נעבעך, צוליע פרנסה, לאָמיך אויך ליידען. און מיט געוואַלד האָב איך מיך אָנגעהויבען צו בערוהיגען. איך האָב נישט געוואוסט, אַז דעם טעם פון שרעק אין קיעוו וועל איך ערשט שפּעטער האָבען, אַז דער שרעק איז אַגאָרנישט געגען יענעם, אַז איך וועל מיר גענוג אָנטרייסלען דאָס האַרץ און וויינען מיט גרעסערע טרעהרען...

## זִיעבּעֶצעֶהנטעֶס קאַפִּיטעֶל.

אִיך זוּך אַ קראָם. — פלוּצלוּנג אַ געֶווִיסעֶר. — מײַן װײַב מִיט דִי קִינדעֶר אִין סאַמע געֶווִיסעֶר. — שוין דאָ אַ קראָם. — גרויסעֶ חרטות. — צרות. — קרִיסטעֶן. — קרִיסטלִיכעֶ געֶשעֶפטעֶן. — דאָס לעֶבּעֶן צווִישעֶן יודעֶן מִיט רוּסעֶן. — אַנדרײַעֶווסקִי ספּוּסק. — יודעֶן פוּן אָבּלאַװעֶס. — דעֶר לִיטװאַק אִין קִיעוו. — מײַן עוּבדה. — ר׳ לֵיבּ שאַפִּירא. — דעֶר פּרִיסטאַװ מִיכאַילאָװ. — מאַדאַם ראָזעֶנבּעֶרג. — ר׳ הִירש עֶפּשטײַן. — ר׳ משה־יצחק לעֶווִין.

אִיבּעֶרגעֶגאַנגעֶן דעֶר שבּת, געֶקוּמעֶן דִי וואָך, אוּן אִיך האָבּ מִיך דאָך עֶטוואָס בּעֶרוּהִיגט. אוּן אַז עֶטוואָס בּעֶרוּהִיגט, האָבּ אִיך מִיך אָנגעֶהויבּעֶן אִינטעֶרעֶסִירעֶן מִיט געֶשעֶפט. עֶס זעֶנעֶן געֶוועֶן פעֶרשִידעֶנעֶ פּלעֶנעֶר.

נאָר מײַן שוואָגעֶר׳ס אַ גוּטעֶר פרײַנד האָט מִיר אויפגעֶגעֶבּעֶן אַ פּלאַן, צוּ מאַכעֶן שוּתפוּת מִיט אַ הִיגעֶן תּבוּאה־סוחר. אִיך וועֶל דאַרפעֶן אַרוּמפאָהרעֶן אויפקויפעֶן תּבוּאה. דאָס אִיז אַנ׳ענין. מעֶן האָט מִיר געֶראַטעֶן, אִיך זאָל דעֶרוויַיל זײַן אַלײן אִין קִיעֶוו. אַז אִיך וועֶל מִיך „אַרויפאַרבּײַטעֶן" אוּן האָבּעֶן געֶנוּג פּרנסה, וועֶל אִיך אַראָבּנעֶהמעֶן דאָס װײַבּ אוּן קִינדעֶר.

איך בין אָבער געווען יונג און נאַריש און האָב נישט געוואָלט זיין אין קיִעוו אַלײן, אָהן דער פאַמיליע, מיט „הויכע" און, געוויס, נאַרישע ווערטער האָב איך זיי געגעבען צו פערשטעהן:

— איך דאַרף זיין אַ פאָטער צו מיינע קינדער און אַ גוטער מאַן צו מיין ווייב... זיי טאָרען נישט זיין אָהן מיר.

מחמת באַקאַליי איז אין קיִעוו איינער פון די הויפּט-מסחרים, האָב איך בעשלאָסען אָנדינגען פאַר מיין ווייב אַ באַקאַליי-קראָם. זי וועט זיצען אין קראָם און איך וועל מיר קריגען אַנדערע געשעפטען. מיין שוואָגער איז אויך געווען געגען דעם, אַז איך זאָל אַראָפּבריינגען דאָס ווייב. ער איז אודאי גערעכט געווען.

איך האָב אָבער נישט געהאַלטען ביים פאָלגען און ער האָט זיך געפוילט מיט מיר צו אַמפערן, און האָט געהייסען די בעקאַנטע מעקלער זוכען פאַר מיר אַ קראָם.

דעם ווייב האָב איך געשריבען, אַז זי זאָל פערקויפען די גאַנצע כלי-בית און קומען אויף פסח קיין קיִעוו.

נישט אַזוי שנעל אָבער טהוט זיך, ווי עס רעדט זיך, בפרט ביי אַזאַ בעל-מזל ווי איך בין געווען. וואָרום אַקוראַט אין דער צייט האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען דער דניעפּר און די גאַסען פון אַ פּאָר צירקלען זענען פערטרונקען געוואָרען: אַקוראַט די, וואו יודען האָבען געוואוינט.

קיִעווער תושבים האָבען געזאָגט, אַז זיי געדענקען שוין נישט פון אַ צייט מיט יאָהרען אַזאַ געוויסער.

מיין שוואָגער'ס גאַסט-הויז, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון ברעג, איז אַ העלפט פערטרונקען געוואָרען. אין דעמזעלבען ראַיאָן זענען אַלע הייזער געשטאַנען אין וואַסער, און אין די גאַסען האָט מען זיך געשיפט אויף לאָדקעס.

הונדערטער מענשען זענען רואינירט געוואָרען. מען האָט זיך געוואַלגערט מיט קינדער אויף בוידעמער. עס איז נישט געווען וואָס צו עסען.

געליטען האָבען, פערשטעהט זיך, נאָר קבצנים, ווייל דאָס געוויסער איז הויפּטזעכליך בעפאַלען דעם קבצנים-ראַיאָן און יודען.

מכח אָנדינגען אַ קראַם פאַר'ן ווייב האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

גאַנצע טעג האָב איך מיך אומגעשלעפּט איבער די גאַסען און געקוקט אויפ'ן גרויסען געוויסער. פאַר מיר איז דאָס אויך געווען אַ נייעס. אינ'ם וואַסער זענען אַרומגעשוואומען ביינקלעך, לאָקשען־ברעטער, טישלעך, קאַטשעלקעס און נאָך פערשידענע כלי־בית.

ווי געזאָגט, האָב איך מיין ווייב שוין פריהער געשריבען, אַז זי זאָל קומען. אַ פּראַקטישער מענש, זעהענדיג דאָס געוויסער, וואָלט באַלד אָנגעשריבען אַ צווייטען בריעף, אַז זי זאָל נישט קומען.

איך האָב עס אָבער נישט געטהאָן, און עס פערשטעהט זיך, אַז אין רעכטען געוויסער איז זי אָנגעפאָהרען מיט דריי קליינע קינדערלעך. מיט גרויס מאַטערניש האָב איך זיי קוים אַריינגעבראַכט אין שוואָגער'ס הויז. דער אויבערשטער עטאַזש איז נישט געווען פערטרונקען.

דאָס דריטע קינד איז נאָך גאָר געווען אַ ברעקעל, און איך האָב עס געמוזט טראָגען אויפ'ן האַנד אַ שטיק וועג — דעם גאַנצען ברעג. וואָרום קיין דראָזשקע האָט דאָ נישט געקאָנט דורכפאָהרען.

איך בין געקראָכען אויף ברעטער און העלצער, וואָס מען האָט אָנגעלעגט דורכצושפּרייזען דאָס וואַסער, און געציטערט, איך זאָל, חלילה, נישט אַריינפאַלען מיט'ן עופ'עלע אין וואַסער אַריין. און בעת מעשה האָב איך מיך געפיהלט פאַר אַ נאַר און פאַר אַ גאָרנישט. ווי נעהמט מען עס אַראָב אַ פרוי אין מיטען אַ געוויסער!

מיט צרות זענען מיר איבערגעקומען דעם ים וואַסער. מיט צרות האָבען מיר איבערגעלעבט די דאָזיגע שווערע טעג.

נאָך פסח האָבען מיר אָנגעהויבען ענערגיש צו זוכען אַ געוועלב מיט אַ דירה אינאיינעם, וואָס אין קיעוו טרעפט מען עס גאַנץ אָפט.

מאַכט זיך מיר אָבצוקויפען אַ קראָם מיט סחורה ביי איינעם אַ יודען, וואָס האָט געוואוינט אין אַ קריסטליכער גאַס. עס איז געווען קלאָר, אַז דער יוד האָט דאָרט געמאַכט זעהר שלעכטע געשעפטען, וואָרום ווער וועט עס קומען צו איהם קויפען, אַז אַ יוד איז דאָרטען נישטאָ אויף אַ רפואה? און, ווידער, פאַרוואָס פערקויפט עפּיס אַ יוד די קראָם? נאָר ווי אַנ'עכטער מנחם־מענדעל, צוטומעלט, צוהיצט, פער־

דולט, האָב איך געחאַפּט און אָבגעקויפט די קראָם.

ערשט, אַז איך האָב אָבגעקויפט די קראָם, האָב איך דערזעהן, אַז דער בעל-הקראָם האָט מיך סתם פּײַן אָבגענאַרט. די סחורה איז גאָרנישט ווערט געווען דאָס געלד, וואָס איך האָב בעצאָהלט. און דאָס איז בעזונדער געווען אַ ריס אין האַרצען.

אין „אַ שענעם פריהמאָרגען" האָבען מיר זיך אַרײַנגעצויגען אין דער דירה, וואָס האָט זיך געגרענצט מיט דער קראָם. אַז אַרײַן אין דירה — איז אַרײַן אין קראָם. זיצט מען עטליכע טעג, זעהט מען, אַז די קראָם איז אויף צרות. קײנער שמעקט גאָר נישט אַרײַן. אַ נעכטיגער טאָג. חאָטש זיץ און קוק אויף די ווענד.

און אָט האָט זיך אָנגעהויבען אַ שווער לעבען מיט חרטות, מיט פּלאָג, מיט פּערדרוס, מיט האַרצוועהטאָג, מיט יסורים, וואָס זענען בולט'ער און פּײַנליכער אין אַ גרויסער שטאָדט, אײדער אויפ'ן דאָרף.

זוך איך שוין אַנדערע פּערדינסטען. איך האָב מיך בעקאַנט געמאַכט מיט יודען — נגידים און גבירים; האָב איך מיך אַרום זיי געבאָמבעלט, אפשר וועט עפּיס אַרויסקומען דערפון. אָבער עס איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. ווײַל דאָס אײנציגע, פון וואָס איך וואָלט געקאָנט בײַ זיי פּערדינען, איז געווען מעקלערײַ, און צו דעם, להיפוך מנחם-מענדלען, האָב איך מיך נישט געטויגט.

מען דאַרף זײַן אַ פּליאַדער, אַ ליגנער, אַ פּלוידערזאַק, און מײַן צונג איז נאָך געווען נאַאיוו און אונשולדיג אָדער נאַריש.

איך בין געווען אויף צרות. נישט האָבענדיג וואָס צו טהאָן און נישט קאָנענדיג זיצען אין אַ קראָם אָהן לײזונג, האָב איך געבלאָנקעט איבער די גאַסען און צוגעקוקט זיך, ווי די גוים לעבען. צײַטענווײַז פלעגט אָננעהמען אַ קנאה. זיי האָבען געוואוינט וואונדערליך רײן, וואונדערליך ציכטיג. די געשעפטען זײערע האָבען געבלאַנקט. קויפען בײַ אַ גוי איז געווען גאַנץ אָנגענעהם.

גלײַך ווי מען קומט אַרײַן אין אַ גויש געשעפט, ציהט דער בעל-הבית אַראָב דעם הוט מיט אַ העפליכען שמײכעל, קריכט נישט מיט אַ סך רײד צום קונה, רעדט בכלל געלאַסען, זאָגט געלאַסען דעם פרײַז און וואַרפט באַלד נישט אַראָב, און מיט רײנע ציכטיגע פינגער בעווײַזט ער דעם אַרטיקעל, וואָס דער קונה געברויכט.

ביי אזא בעהאנדלונג ווערט דער קונה אבהענגיג אדער ער בעקומט צוטרוי צום פערקויפער, און זעלטען געהט ער ארויס פון קראם מיט לעדיגען.

פאר מיין צייט זענען די רוסען געווען זעהר אויסגעארבייטע סוחרים און האבען אויסגעצייכענט גוט געטויגט צו געשעפט.

זיי זענען אודאי נישט אזוי רעעל געווען, ווי זיי האבען זיך אויסגעוויזען. קויפען ביי אזא איינעם א גרויסען טראנספארט סחורה איז טיילמאל געווען אפילו א ריזיקע. און זאגאר א קאנטראקט האט נישט פערזיכערט. זיי האבען שטענדיג געמאכט אזוינע קונצען אין קאנטראקט, אז ער האט, סוף כל סוף, קיין מאכט נישט געהאט.

אבער דאס איז נאר געווען ביי גרויסע טראנספארטען סחורה. עס פערשטעהט זיך, אז נישט אלע סוחרים זענען אזוי געווען. עס וואלט גאר געווען א פערברעך אזוי צו בעהויפטען. איך האב געקאנט א סך ערליכע, זעהר רעעלע קריסטליכע סוחרים, געשעפטס-לייט, קרעמער.

יודען מיט רוסען האבען זעהר גוט געלעבט, הגם אמאל פלעגט זיך דער רוס א זאג טהאן אהן שום כעס, סתם אזוי זיך:

— זשיד פראקליאטי!..

גלאט אזוי זיך, פון וואוילטאג וועגען...

עסען-פראדוקטען האבען אין קיעוו געקאסט זעהר ביליג און דער עולם האט געגעסען. רוסען האבען געגעסען א סך, און יודען אויך נישט ווייניג. רוסען האבען אבער אין זיך בראנפען געגאסען, פונקט ווי וואסער.

דער עולם, געדענק איך, האט אויך אהן א צאהל געגעסען „מאס-לינעס", א פרי, צו וועלכער מען דארף זיך פריהער צוגעוועהנען.

באלד ווי איך בין געקומען, האב איך דאס נישט געקאנט עסען. עס האט געעקעלט דערפון. דערנאך אבער, ביסלעכווייז, בין איך צו-געוועהנט געווארען און האב עס שטארק ליעב בעקומען.

פאר א וואוינונג האט מען געצאהלט, לפי ערך, גאנץ ביליג און די בעלי-בתים פון הייזער האב אויך נישט געהאט אזא מאכט, ווי דא אין ווארשוי. האט א שכן נישט געצאהלט קיין דירה-געלד, האט ער נישט געקראגען באלד ארויסגעווארפען, ווי אין דעם „קליינעם פאריז".

דער בעל־הבית האט געוואַרט: טאַמער, טאַמער וועט דער שכן פאָרט בעצאָהלען.

און דאס רוב האט אַזאַ בעל־הבית זיך נישט גענאַרט און קיין היזק נישט געהאַט. דער אָרימער שכן האט דאך בעצאָהלט.

פאַר די פינף יאָהר צייט, וואס איך האב געוואוינט אין קיעוו, האב איך נישט געהערט און נישט געזעהן, אַז אַ בעל־הבית זאָל אַרויסוואַרפען אַ שכן פון דירה פאַר נישט בעצאָהלען דירה־געלד. און איך מעג אפשר בעהויפטען, אַז נאך דער בריטער מאַכט, וואס די וואַרשויער ווירטסלייט נוצען אויס בנוגע צו זייערע שכנים, זענען דאך די קיעווער לאָקאַטאָרען ווענינגער שולדיג געווען זייערע ווירטס־לייט, ווי אין וואַרשוי.

קיעווער יודען האבען זיך קאַלט בעצויגען צום ליטוואַק. דער מזל פון ליטוואַק איז שוין אַזוי.

איבעריגענס, איז דאס נישט געווען געפעהרליך. דער ליטוואַק האט זיך געמאַכט נישט זעהענדיג און האט דאָרט געפיהרט די בעס־טע געשעפטען. פון די בתי־מדרשים איז דער שענסטער און דער בעס־טער געווען — דער ליטווישער, און דער סאַמע אָנגעזעהנסטער רב — אויך דער ליטווישער. אודאי: די ליטווישע יודען האבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אין שטאָדט, און צו די אינטערעסען פונ'ם איינגענעם פאָלק זענען זיי געווען מעהר איבערגעגעבען, איידער די רייכע יודען פון אַנ'אַנדער געגענד.

אין מיין צייט האט אין קיעוו געוואוינט איינער אַ ליטווישער גביר, ר' ליב שפּיראָ. אַ מינסקער איז ער געווען. אין קיעוו האט ער געהאַט אַ פאַבריק פון זייף. ער איז געווען אַ גרויסער נדיב און ביי איהם איז געווען אַנ'אָפען הויז פאַר אַלע עלענדע.

סיי ער און סיי זיין פרוי האבען זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די פערוואָגעלטע יודען, וואס פלעגען געהאַפּט ווערען אין די אָבלאַ־וועס פון פּאָליציי. נישט ווייניג יודען האבען זיי אַרויסגעשלעפּט פון די פינסטערע קיעווער קאָזעס און אַוועקגעשיקט אַהיים. עס פערשטעהט זיך, אַז אַזאַ ליכטיגער און ליעבער ליטוואַק, ווי ר' ליב שפּיראָ, איז אין קיעוו געווען נישט איינער.

פאַרביי מיין געוועלב אויף אַנדריעווסקי'ן ספּוסק, פלעגט

מען גראָד דורכפיהרען אַלע אין דער־פריה די געהאַפּטע יודען, נאָכדעם ווי זיי האָבען אָבגעשוואַרצט אַנאַכט אין צירקעל.

פיהרען פלעגט מען זיי צום אָבער־פּאָליצמייסטער. פון דאָרטען פלעגען זיי אַרויסגעשיקט ווערען מיט'ן עטאַפּ אַהיים. אין דער אַרעסטירטער מחנה פלעגען זיך דאָס רוב דורכוואַרפען אַלטע יודען, ווייבער, קאַליקעס און קליינע מיידלעך.

מיין עובדה איז דעמאָלט געווען — אָבוואַרטען די אַלע אַרעסטירטע, און ווען מען פלעגט זיי דורכפיהרען פאַרביי מיין געוועלב, פלעג איך אַריינרוקען דעם „סטאַרשי גאָראָדאָוואָי" אַפּאָר קאָפּיקעס און דערפאַר פלעגט ער מיר ערלויבען מיטגעהן אַגעוויסע שטרעקע מיט די אַרעסטירטע.

אין דער צייט פלעג איך ביי זיי אויספרעגען די נעמען און די אדרעסען, וועלכע איך פלעג באַלד איבערגעבען אין ר' ליב שפּיראָ'ס הויז.

בעזאָרגען די אָבלאַווע־יודען איז דעמאָלט געווען איינס פון די וויכטיגסטע זאַכען ביי די קיעווער יודען. עס האָט זיך שוין אַזוי אויסגעאַרבייט. וואָרום אַיוד האָט נישט געקאָנט נישט העלפען אַיודען, וואָס מען האָט געהאַפּט...

פון ר' ליב שאַפּיראָ'ס הויז איז מען שוין באַלד געלאָפען צום פּאָדאָלער פּריסטאַוו מיכאַילאָוו, אַריינגערוקט אַמטבע אין יד אַריין און גע'פּועל'ט, וואָס מען האָט בעדאַרפט. אַלע טאָג אין יד אַריין איז נישט קיין קלייניגקייט, און מען האָט טאַקי געזאָגט, אַז דער פּריסטאַוו מיכאַילאָוו איז „אָנגעשלאָגען מיט גאָלד".

אין דערזעלבער צייט זענען געעפענט געוואָרען צוויי ביליגע יודישע קיכען פון דעם בעקאַנטען גביר ראָזענבערג, וואָס איז געוועזען באַראָן גינזבורג'ס אַשוואָגער.

אין די דאָזיגע קיכען האָט מען זיך זעהר גענויטיגט, וואָרום איבער'ן שטאָדט האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט נישט ווייניג קבצנים, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין שטעלעס און וואָס עס האָט זיי שטענדיג דערפעלט „קליינגערס" צו אַמיטאָג.

זעהר אַנ'אינטערעסאַנטע פרוי איז געווען די מאַדאַם ראָזענבערג.

דאָס איז געװען אַ פילאַנטראָפּין מיט אַנ'אמת'ן װאַרימען האַרץ, מיט עלטער באַרימהאַרציגקײט.

אַלע טאָג פלעגט זי קומען צופאָהרען פון קרעשטשאַטיק אויף פּאָדאָל אין דער ביליגער קיך אַרײַן — אין אַ שענער קאַרעטע, מיט אַ פּאָר פערד, מיט אַ לאָקײ. צום קאַרעט פון הינטען איז געװען צוגעבונדען אַ שײן קעסטעל.

אין דער קיך פלעגט זי צװישען די פערשידענע פאַרשױנען: קבצנים, צובראָכענע אינטעליגענטען, געפאַלענע סוחרים, צוקאַלעטשעטע אַרבײטער, אױסגעהונגערטע מעקלער און דעסגלײַכען — אױפזאַמלען שריפטליכע בקשות און אַרײַנװאַרפען זײ אין קעסטעל.

די דאָזיגע בקשות פלעגען שױן פריהער צוזאַמענגעשטעלט װערען און בעשטעטיגט װערען דורכ'ן ליטװישען רב.

צום בײַשפּיעל, אײנער האָט בעדאַרפט אַװעקפאָהרען און האָט נישט געהאַט קײן הוצאות. פלעגט ער אָנשרײַבען אַזאַ מין בקשה, און דער רב, צו װעלכען ער פלעגט זיך װענדען נאָך אַ בעשטעטיגונג, פלעגט איהם אױספרעגען, צי װיל ער באמת אַװעקפאָהרען און האָט קײן הוצאות נישט. באַלד נאָכדעם פלעגט ער לעגען זײַן שטעמפּעל אויף דער בקשה.

דערנאָך פלעגט אַזאַ אײנער קומען אין דער ביליגער קיך און איבערגעבען די בקשה דער מאַדאַם ראָזענבערג. אין דערהײם פלעגט די מאַדאַם איבערקוקען די בקשות, און יעדער פלעגט שױן געהאָלפען װערען.

אַסך פלעגט איהר דערין בעהילפיג זײַן ר' ישראל בראָדסקי. בראָדסקי'ס הויז איז דעמאָלט בכלל געװען אַ הויז פון צדקה און פון כלל-אַרבײט.

אָבער זעהר-זעהר שײן איז אויך געװען ר' הירש עפּשטײן. אַ גאָלדען האַ"ץ האָט ער געהאַט. דאָס איז געװען אַ יוד, װאָס האָט בפועל ממש נישט געקאָנט עסען, טרינקען און שלאָפען צוליעב פרעמדער אָרימקײט, צוליעב פרעמדען עלענד, צוליעב פרעמדען צער. אַלײן האָט ער געהאַט װעניג געלד. ער האָט אָבער געקאָנט זאַמלען געלד און שײן, פערבאָרגען און שטיל צוטײלען עס צװישען נויט-לײַדענדע.

דאָס איז געווען אַ יוד, וואָס אויף איהם האָט מען באמת גע־קאָנט, זאָגען, אַז יענעמ׳ס צער, איז זיין איינענער צער, יענעמס נויט — זיין נויט. ער האָט נישט גערוהט צוליעב יענעם, און קיעווער יודען, אפילו די קיעווער לופט פון די אָרימע גאַסען בעדאַרפען איהם, דאַכט זיך, געדענקען אויף דור־דורות.

נאָך אַ סך, אַ סך גוטע, וואוילע, האַרציגע קיעווער יודען קומען מיר אויפ׳ן זכרון, אָבער ווער קאָן זיי אַלע אויסרעכענען. וואו נעהמט מען עס אָרט און צייט דערצו.

איינס נאָר קאָן איך זאָגען, אַז פאר מיין צייט אין קיעוו, האָב איך געהאַט דאָס גליק צו קאָנען אַ היבש ביסעל גרויסע, הייסע און שענע יודען, וואָס האָבען געלעבט שען און געשטאָרבען שען, וואָס זענען געווען איבערגעגעבען זייער פאָלק ביז׳ן לעצטען אָטעם, ווי דרייסטע און בראַווע סאָלדאַטען.

נאָר ווי דערמאָהנט מען נישט, ווי לאָזט מען דורך אזא טשוי־קאַווען און אזא טייערן יודען, ווי ר׳ משה־יצחק לעווין איז גע־ווען. איצט, בעת שמד און אַסימיליאַציע טאַנצען זייער שוואַרצען נוד־נעם טאַנץ אויף דער עלענדער יודישער גאַס, קומט ער ארויף אויפ׳ן זכרון נאָך ליכטיגער און העלער, נאָך וואַרימער און נעהנטער...

דער דאָזיגער ר׳ משה־יצחק לעווין איז גאָר געווען אַ קאַרלינער, און געקומען איז ער מיר אויפ׳ן זכרון צוליעב זיין געראָטענעם זוהן, ר׳ שמואל לעווין, וואָס האָט געוואוינט אין קיעוו און וואָס איז געווען איינער פון די בעסטע קיעווער כלל־טוהער.

ר׳ שמואל׳ס פאָטער, ר׳ משה־יצחק לעווין האָט געשאָטען צדקה, ווי האָגעל, און אין איינציגע שטעדט האָט ער אויסגעבויט תלמוד־תורות. צו תלמוד־תורות האָט ער געהאַט אַ בעזונדער שוואַכקייט. אריינגעהמען אָרימע קינדערלעך אין אַ הויז, בעשוכען זיי, בעקליידען זיי, געבען זיי עסען צו דער צייט און לערנען זיי,— איז געווען זיין גרעסטער תענוג.

עס פערשטעהט זיך, אַז אזא תענוג האָט געקאָסט נישט ווייניג. און זיינע תלמוד־תורה־יונגלעך זענען, חלילה, נישט געגאַנגען אָבגעריסען, ווי עס טרעפט אַמאָל אין אַ יודישער שטאָדט. ניין, גוט בעשוכט און בעקליידט זענען זיי געווען, און פון פנימ׳ל איז איינגאַנצען אראָב־

געוויִשט געווען דער בלײַכער אויסדרוק פון הונגער.

אין ר׳ משה־יצחק׳ס שוהל־שטענדער איז אויך געווען אַ קעסטעל פאר בקשות, און אַלע טאָג, בעת ער פלעגט אראָבנעהמען דעם טלית און תפילין פון זיך, פלעגט ער זיך נעהמען צום קעסטעל פון שטענ־דער... עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז די בקשות פלעגען בעַ־זאָרגט ווערען.

און אַ מאָדנע זאַך: אין געשעפט איז ר׳ משה־יצחק געווען זעהר אַ הארטער. ער האָט נישט נאָכגעלאָזען אַ האַלבען גראָשען. ווער עס האָט מיט איהם געהאַנדעלט, האָט זיך אויפגעגעסען אַ שטיק האַרץ.

עס האָט אויסגעזעהן, ווי אין איהם וואָלטען געזעסען צוויי מענ־שען: איינער אַ נ׳אַכזר פאַר געשעפט, און איינער אַ זײַד, אַ מלאך — פאַר׳ן איינגענעם פאָלק...

נאָר אפשר איז ער געווען אַנ׳אַכזר אין געשעפט צוליעב דעם, אַז ער זאָל קאָנען דערנאָך זײַן אַ מלאך פאַר׳ן פאָלק — פאַר אָרימע תלמוד־תורה־יונגעלעך, פאַר דערשלאָגענע צובראָכענע הערצער און פאַר וויכטיגע צדקה־אַנשטאַלטען?

האָט ער אַמאָל געהאַט היזק אין געשעפט, פלעגט ער זיך דעַ־מאָלט אויסדריקען בזה הלשון:

— ניש׳קשה, מײַן פאָלק וועט מיר העלפען...

איז געווען בײַ איהם איינמאָל אַ שרפה, האָט ער אַלעמען בעת מעשה פאָטערליך געטרייסט:

— ניש׳קשה, מײַן פאָלק וועט מיר אייַנלעשען...

זײַן פאָלק — דאָס זענען געווען די תלמוד־תורות מיט די הונ־דערטער יונגעלעך, די טריבע פערוואָגעלטע יודען, וואָס פלעגען איהם ווארפען הונדערטער בקשות אין שטענדער אריין, די גרויסע צדקה־אַנשטאַלטען א. אַז. וו.

— אָט וואָס אַרט אײַך, מײַן פאָלק וועט מיר העלפען...

דאָס איז געווען זײַן געליעבט ווערטיל.

און זײַן פאָלק איז איהם טאַקי טרײַ און דאנקבאַר געווען. אויף דער שרפה זענען אָנגעלאָפען יודען ווי ביהנען און מען האָט אייַנגעלאָשען.

איינמאָל האָט מען בײַ ר׳ משה־יצחק׳ן ארויסגע׳גנב׳עט אַ געוואַל־טיגע סומע פאַפיר־געלד. אַז ער האָט עס דערהערט, האָט ער גאַנץ

געמיטליך אַרויסגעזאָגט:

— עסט זיך נישט אָב דאָס האַרץ, מײַן פאָלק וועט מיר גע־פינען די גנבה...

צו זײַן הצלחה, זענען טאַקי אין אַ קורצער צײַט אַרום געפונען געוואָרען די גנבים מיט'ן געלד אינאײַנעם. עפּיס אַ קלײַניגקײַט האָט געפעהלט.

און דעמאָלט האָט ער גאָר טריאומפירט:

— זעהט איהר שוין, ווי מײַן פאָלק זאָרגט פאַר מיר? זעהט איהר שוין? זעהט איהר שוין?

און ער האָט קײַנעם נישט אָבגעלאָזען און אַלץ אויפגעוויזען, אַז גוטסקײַט ווערט שטענדיג געצאָהלט מיט גוטסקײַט. והא ראיה — אָט האָט מען געפונען די גנבה...

עס פערשטעהט זיך, אַז פאַר מײַנע צײַטען איז די הילף פאַר דער קיעווער יודישער אָרימקײַט און דלות זעהר גוט אָרגאַניזירט געווען. ווינטער זענען אַלע קיעווער קבצנים בעהאָלפען געוואָרען מיט האָלץ און ברויט. פסח איז אַ סך געלד צוטײַלט געוואָרען אויף מצה, און אָרימע־לײַט האָבען געקאָנט זיצען רוהיג בײַם טיש.

פאַר אַ יום־טוב האָט שוין דער גוטער עפּשטײַן נישט געלעבט, איז כסדר אַרומגעלאָפען צו די געבער, געוויזען אַ רעכנונג, וויפיעל מען דאַרף האָבען, ווי גרויס עס איז די „קאָמאַנדע" פון קבצנים, גע־שלעפּט געלד ווי וואַסער און געטײַלט ווי וואַסער.

געבען דירעקט אַנ'אָרימאַן האָט בעזונדערס שען געקאָנט ר' הירש עפּשטײַן.

ר' הירש עפּשטײַנ'ס געבענדיגע האַנד האָט קײַנמאָל נישט געקאָנט בעלײַדיגען דעם אָרימאַנ'ס געפיהלען, דעם אָרימאַנ'ס אויגען...

דאָס איז זעהר אַ שווערע זאַך און זעהר אַ זעלטענע זאַך.

גוטסקײַט אַלײַן איז נאָך ווייניג.

דערצו דאַרף מען נאָך האָבען אַ גרויס האַרץ און אַ סך שענקײַט אין זיך, דאָס הײַסט מען דאַרף קאָנען פײַן פיהלען.

און דעריבער מײַן איך, אַז דער שענסטער יוד אין קיעוו, פאַר מײַן צײַט, צווישען אַזוי פיעל שענע גרויסע יודען, איז דאָך געוועזען דער גאָלדענער, דער האַרציגער ר' הירש עפּשטײַן...

## אַכצעהנטעס קאַפּיטעל.

קיִעווער יודען. — חסידים. — ציגיינערקעס, האַנדטרעפּער און אַ שיינגעציל. — אַ מעשה מיט אַ רבי. — רבּיים און ציִרונג. — ר׳ דוד׳ל טאַלנער. — דוד מלך ישראל חי וקים. — ר׳ אשר קאַרלינער. — די געהויבענע חתונה ביי ר׳ אשר קאַרלינער און דעם טריסקער רבי. — חסידים—קאָזאַקען. — ר׳ ישראל׳ס קאָזאַצקער מאַרש. — אַ לעגענדע מיט אַ שענעם סוף. — דער זשיטאָמירער באַזאַר. — יודישע האָפנונגען. — פרייערע ווינדטען. — דער פּריסטאַוו מיכאַילאָווו און אַ יונגעל אַ רעוואָלוציאָנער. — אַ בעקאַנטע טראַגעדיע פון יודישע עלטערן. —

אין קיעוו זענען דעמאָלט געווען אַ סך חסידים, אָבער אָהן אַ קהלה, אָהן אַ כולל.

דאָס רוב קיעווער חסידים זענען געווען ווייט פון חסידות. זיי האָבען גאָר נישט געהאַט קיין בעגריף, וואָס הייסט חסיד און וואָס הייסט חסידות, און צום רבי׳ן איז מען נישט געפאָהרען, ווי דאָ, אין פּוילען, מחמת עקסטאַז, מחמת גרויסען גלויבען, מחמת ליבע צום חסידישען כולל.

דאָס איינציגע, וואָס האָט קיעווער חסידים אָנגעהאַלטען אָן חסידות, איז געווען דער מופת, אין וועלכען זיי האָבען געגלויבט.

דער רבי, צום בײַשפּיעל, קאָן זײַן אַ רופא חולים און אַ מתּיר אסורים, און ער קאָן געבּען עקרות קינדער.

עס פערשטעהט זיך, קוים איז זײַער חסידות פערגליווערט געוואָרען אויפ'ן מופת, האָט מען שוין נעגלויבּט אין טאָטערן און אָווטשאַרעס, אין קאָרטען־וואַרפערקעס און אין ציגײַנערקעס, און אין אַלע יענע פאַרשוינען, וואָס קאָנען חכמת היד א. אַז. וו. א. אַז וו.

פלעגען טאַקי זיך אָפטער בעווײַזען ציגײַנערקעס אויף די קיִע־ווער גאַסען, זיי פלעגען אָבּשטעלען דעם רײַכסטען יודען, געוועהנליך, אַ חסיד, און געבּעטען בײַ איהם ווײַזען די האַנד, וואָס יענער האָט אָהן קווענקלעניש באַלד געטהאָן.

די ציגײַנערקע האָט בּעקוקט די האַנד און געזאָגט, וואָס עס וועט מיט'ן חסיד פּאַסירען.

געווען אין אַ קיִעווער פאָרשטאָדט עפּיס אַ קראַנק שײַנגעציל, אַ בעל־מופת, און יודעלעך זענען נעגאַנגען צום שײַנעץ בעטען, ער זאָל אויסהײַלען אַ ווײַב צי אַ קינד, אָדער ער זאָל זאָגען, וואו עס געפינט זיך די גנבה...

דער פאָטער פון שײַגעץ איז געשטאַנען פאַר דער טהיר פון שטוב און גענומען פון יערען פופצעהן, צוואַנציג קאָפּיקעס אָדער אַ פלעשעל בראָנפען און אַנ'עולם איז געווען אַ גרויסער.

איבּעריגענס, מיט דעם דאָזיגען שײַגעציל, האָט סתּם געקעהרט קיִעוו און בעזוכט האָבּען איהם נישט נאָר יודען אַליין.

די גאַס, וואו דאָס שײַגעציל האָט געוואוינט, איז געווען פערשטעלט פון קאַרעטען און עקיפּאַזשען און מענשען האָבּען זיך געדרעהט. ווי מוראַשקעס אין אַ מוראַווײַניק. די מופתים, וואָס ער האָט בעוויזען, זענען געווען געוואַלטיגע...

איך, וואָס איך בּין שוין געווען אַ שטיקעל בּקי אין דער מדרגה פון אַ מופת און וואָס איך האָבּ זיך שטענדיג אָנגעהערט אַזוי פיעל מופתים־מעשיות פון לײַבּקע שוהל־רופער, מוז זיך מודה זײַן, אַז איך האָבּ נאָך אַזוינס נישט געהערט. אפילו די וואונדערליכסטע מופתים און מעשיות פון אַ חסידישען רבּי'ן, להבדיל, זענען געווען שוואַך כּנגד דעם קראַנקען שײַנגעציל'ס אַ וואונדער.

איך האָבּ מיך ערשט דערמאָהנט, למשל, ווי די חסידים האָבּען

דערצעהלט ביים טאטען'ס טיש „אַנ'אמת'ע" מעשה מיט א רבי.

צו אַ חסידישען רבי האָט דער בית-דין של מעלה צוגעשיקט צוויי נשמות, וואָס האָבען אויף דער וועלט געטהאָן איין עבירה. דער רבי האָט זיי בעדאַרפט משפט'ן.

האָט דער רבי געטראַכט און געטראַכט און אויסגעטראַכט אַזא פסק-דין: איין נשמה זאָל לאַנג געפּייניגט ווערען פון די מלאכי-חבלה, און דערנאָך פערוואַנגעלט ווערען אין גיהנם, און די צווייטע נשמה זאָל אַריינגעהן אין גן-עדן און דאָרט אויסרופען אויפ'ן קול פאַר די אויס-געלייטערטע צדיקים אַלע איהרע עבירות, וואָס זי האָט געטהאָן אין איהר לעבען.

האָט די צווייטע נשמה אָנגעהויבען שטאַרק צו וויינען און בעטען רחמים ביים רבי'ן, אַז ער זי בעסער משפט'ן מיט'ן משפט פון דער ערשטער נשמה, ווארום זי שעמט זיך זעהר אויסצורופען איהרע עבירות פאַר אַלע צדיקים אין גן-עדן.

האָט דער רבי געזאָגט:

— פערפאַלען! אַזוי האָב איך גע'פסק'ענט!

איז די נשמה אַרויס מיט אַזא יאָמער און געוויין, אַז די גאַנצע שטאָדט מענשען האָבען עס דערהערט און זיך אויך פונאַנדערגעוויינט.

דעם רבינ'ס האַרץ איז אָבער נישט ווייכער געוואָרען, און די צווייטע נשמה איז, נעבעך, אַוועק אין גן-עדן מיט גרויס חרפה.

אָבער וואָס קלעקט אָט דעם רבינ'ס משפט מיט די צוויי נשמות אַנטקעגען די געוואַלטיגע מופתים פונ'ם קליינעם פויער'ל?

מען האָט דערצעהלט, אַז דער קיעווער גובערנאַטאָר אַליין איז געקומען צופאָהרען צום פויערי'ל פרעגען, ווער וועט מנצח זיין אינ'ם רוסיש-טערקישען קריעג. דאָס איז געווען אַקוראַט אין דער צייט פון דער רוסיש-טערקישער מלחמה. דער שיינגעץ האָט פערזיכערט דעם גובערנאַטאָר, אַז אונזערע וועלען געווינען, און דער גובערנאַטאָר איז אַוועקגעפאָהרען צופריעדען.

פון אָנהויב פלעגט מיך ביי די קיעווער יודען איבערראַשען די אויסגעלאַסענקייט, וואָס האָט זיך גאַנץ רוהיג צוזאַמענגעלעבט מיט אַבערגלויבעריי. איך פלעג עס עפּיס נישט קאָנען משיג זיין.

מיינער אַ שכן, אַ רייכער יוד — אַ חסיד, איז איינמאָל שבת גע-

'עסען מיט זײַנע געסט — חסידים אויפ'ן גאַניק און געראויכערט ציגאַרען. בין איך גראָד פֿאַרבײַגעגאַנגען. זײ האָבען מיך צוגערופען; בין איך צוגעגאַנגען און צוגעלעגט אַנ'אויער צו זײער שמועס.

מען האָט גערעדט פֿון פֿערשידענע מופֿתים און רביים. נאָר אַז עס איז פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ ציגײַנערקע, האָבען זײ איהר געגעבען די האַנד, זי זאָל זײ פֿאָראויסזאָגען וועגען זײער צוקונפֿט.

חסידים, ווי געזאָגט, זענען געווען אַ סך אין קיעוו, הגם חסידים־שטיבלעך — ווייניג. און דעמאָלט האָב איך מיך איבערצײַגט, אַז חסידות איז אַזאַ אַרטיקעל, וואָס וועט נישט אויסגעהן, ווי מיר האָט זיך פֿריהער געדאַכט.

איך האָב מיר פֿריהער געקלערט, אַז חסידים וועלען ביסלעכווײַז ווערען ווייניגער און ווייניגער, דער חסידישער גײַסט וועט זיך אויסוועבען צוליעב השכלה און נאָך אַזוינע זאַכען. איצט אָבער האָב איך אײַנגעזעהן, אַז השכלה קאָן זיך זײַן השכלה, און חסידות — חסידות.

און השכלה קאָן נישט פֿערלעשען דאָס קנאַקענדיגע פֿײַערל פֿון חסידות...

איך האָב געהאַט אַ גוטען בעקאַנטען: אַ פֿערוואַלטער פֿון אַ גרויסען פֿוץ־געשעפֿט. האָט ער מיר דערצעהלט, אַז פֿון מאַקאַריעווער רבינ'ס הויז לייזען זײ פֿאַר לוקסוס־זאַכען, ווי בושעזשקעס, שפּיצען, שניר, האַפֿטונג צו דאַמען־קלײדער, — שענע עטליכע טויזענד רובל אַ יאָהר.

דער רבי שטעהט בײַ זײ אין קרעדיט איצט אין פֿופֿצעהן־הונדערט רובל, און עטוואָס פֿריהער האָט דעם מאַקאַריעווער רבינ'ס שנוהר געקויפֿט פֿאַר זיך בעפּוצונג צו אײן קלײד פֿאַר הונדערט־און־פֿופֿציג רובל.

— אמת, — זאָגט ער, — די סחורה איז טאַקי מעהר נישט ווערט ווי אַ פֿיערציג רובל. דאָס געבעטען — דאָס געגעבען... בײַ די דאָזיגע איז נישט שלעכט צו פֿערדינען... זײ האָבען זיך פֿײַנט צו דינגען... זײ דינגען זיך נישט.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר און זיך פֿונאַנדערגעלאַכט מיט אַ גאַנץ פֿערשטענדליכען געלעכטער.

ווי אַזוי ר׳ דוד׳ל, דער טאַלנער רבי, האָט געלעבט, איז בע־וואוסט. אין שטוב איז ער געזעסען אויף אַ זילבערנעם שטוהל, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעקריצט דער נאָמען דוד, און אַרויספאָהרען פלעגט ער אין אַ טייערער קאַרעטע מיט אָדלער־פערד.

איינמאָל איז ער געקומען קיין קיעוו. די שטאָדט האָט אויפגע־קאָכט. אַלע יודען זענען געלאָפען זעהן דעם גרויסען רבי׳ן, און אַז דער רבי איז געפאָהרען אין גאַס, אין דער טייערער קאַרעטע, זענען יודען נאָכגעלאָפען און געשריען:

—דוד מלך ישראל חי וקים.

האָט זיך געפונען עפּיס אַ יוד, וואָס האָט גע׳מסר׳ט. דערויף איז שטענדיג דאָ אַ יוד. דאָרט, וואו מען בעדאַרף, האָט ער איבערגעגעבען:

— יודען שרייען אין גאַס: דוד מלך ישראל חי וקים.

איז געקומען פּאָליציי צום רבי׳ן און איהם אַרעסטירט, דערביי איז איינגעשריבען געוואָרען אין פּראָטאָקאָל, אַז די יודען רופען דעם רבי׳ן דוד המלך. דעם רבי׳ן האָט מען אַריינגעזעצט אין קיעווער טורמע.

די מעשה האָט אויפגעהויבען אַ געוואַלטיגען רעש ביי יודען און עס האָט אָבגעקאָסט אַ סך צעהנער־טויזענדער רובל.

דער באַנקיר קופּערניק, דעם אַדוואָקאַט׳ס פאָטער, האָט זיך שטאַרק געסטאַרעט ר׳ דוד׳ן צו בעפרייען. דער בעריהמטער טאַלנער רבי איז בעפרייט געוואָרען. פון דעמאָלט אָן אָבער האָט ער אויפגע־הערט אַרויסצופאָהרען.

ר׳ דוד׳ל טאַלנער האָט מיך איצט דערמאָהנט אָן דעם קאַרלי־נער רב, ר׳ אשר, און אָן אַ קייזערליכער חתונה פון ר׳ אשר׳ס אַ טאָכ־טער מיט׳ן טריסקער רבי׳נס אַ זוהן.

איך בין דעמאָלט נאָך אַ יונגעל געווען און האָב געניי געוואוסט וועגען דער גרויסער חתונה, וואָס האָט אויפגערודערט אַ וועלט.

מען האָט פערבעטען אַלע רביים און אַלע כלי־זמר און אַלע בדחנים פון גאַנצען יודישען תחום, און וועגען חסידים—סאָלדאַטען איז שוין גאָר נישטאָ וואָס צו רעדען.

עס זענען געווען צעהנדליגער טויזענדער מענשען. גאַנץ קאַרלין איז געווען געפּאַקט מיט מענשען.

אַלע הייזער, אפילו גאַסען זענען געווען געפּאַקט מיט חסידים.

אין די גאַסען זענען געשטאַנען גרויסע קאדען בראָנפען מיט לע־קעך און פערשידענע צובייסונגען. אין פערשידענע ערטער האָבען גע־שפּיעלט אַנדערע כלי־זמרים און אין פערשידענע ערטער האָבען בדחנים געפּרעדט און פרעהליך געמאַכט.

געגאַנגען איז מען אָנגעטהאָן אין זיידענע און אַטלאַסענע קאַפּאָ־טעס מיט שטריימלעך.

דעם טאָג פון דער חתונה האָבען זיך אַלע חסידים צושטעלט אין שפּאַליערען ביי די זייטען גאַס, וואו די חתן־כלה בעדאַרפען דורכ־פאָהרען צו דער חופּה.

צוויי קאַרעטען האָבען בעדאַרפט פאָהרען: אין איין קאַרעט דער חתן, אין דער צווייטער די כלה. אין דעם חתנ׳ס קאַרעטע זענען געווען געשפּאַנט עפּיס א דרייצעהן פערד כנגד שלש־עשרה מדות. גאָלד און זילבער האָט געגלויכטען פון אַלץ. די פערד, האָט מען גע־זאָגט, זענען געווען גלגולים פון גרויסע מענשען. איך האָב שוין פער־געסען די נעמען פון די אַלע גרויסע נשמות, וואָס זענען פּאַטריאָטיש פערוואַנדעלט געוואָרען אין פערד...

די פּינסקער און מינסקער גבירים האָבען גע׳פּועל׳ט ביים גו־בערנאַטאָר, ער זאָל ערלויבען אויף א ווייַלע צו מאַכען חסידים פאַר „קאָזאַקען". מען דאַרף האָבען אייגענע קאָזאַקען. מען דאַרף האָבען א גאַנצען עסקאַדראָן חסידים, פערקליידט ווי „אמת׳ע" קאָזאַקען, מיט לאַנגע שפּיזען און נאַגייקעס, זאָלען רייטען ביי דעם חתנ׳ס קאַרעט.

אין די וואוילע אַלטע צייטען האָט מען דאָס גע׳פּועל׳ט, און די חסידים האָבען געהאַט קאָזאַקען.

אונזער האַרציגער ר׳ ישראל האָט פערפּאַסט א קאָזאַקען מאַרש און דעם קאַמעניצער רב׳ס זוהן, שמחה, איז פאַר דער חתונה עקסטרע געפאָהרען מיט׳ן מאַרש קיין קאַרלין איינצוזינגען איהם מיט די קינפטי־גע „קאָזאַקען"...

אודאי איז מיר דער מאַרש פערבליבען אין זכרון עד־היום. וואָ־רום אַלע שמחת־תורה, ווען די חסידים זענען געגאַנגען אין גאַס פון חסידים־שטיבעל צו מיין טאַטען, האָבען זיי איהם געזונגען, דאָס זע־נען די נאָטען פון דעם קאָזאַקען־מאַרש.

די דאָזיגע „קאָזאַקען" האָבען געהיט די אָרדנונג, עס זאָל נישט



ר׳ ישראל׳ס קאָזאַצקער מאַרש, וואָס ער, ר׳ ישראל, האָט ספּע־ציעל פערפאַסט פאַר דעם קאַרלינער רבינ׳ס „קאָזאַקען״, צו זינגען בשעת׳ן רייטען אויף די פערד ביי׳ם בעגעגענען חתן־כלה.




ביי דער געלעגענהייט גיבען מיר דא ר׳ ישראל׳ס א יודישען אומעטיגען שטייגער... א פארצייטיגען הארציגען נגון, וואס האט אנגעהאפט ביי דער נשמה און איז אויף לאנג פערבליבען אין זכרון.

קומען, חלילה, צו קיין קאטאסטראָפעס. ביי אזא איינגעניש איז עס אודאי נויטיג געווען.

נאָך דער חופה האָבען די כלי־זמר געשפּיעלט אין אלע גאַסען; חסידים האָבען געטאנצט, וואו די כלי־זמר האָבען געשפּיעלט, און אין שטעדטיל האָט די ערד ממש געציטערט פון די פרעהליכע אויסגעשרייען און טענץ.

צעהנער-טויזענדער מענשען האָבען געטאנצט, גאַנץ קארלין, פון איין עק ביז'ן אנדערן עק, האָט געטאַנצט. די פויקען און טאצען האָבען פערהילכט די לופט, און יעדעס געזילט איז געווען פערגאָסען מיט שמחה.

אַזוי האָט געדויערט גאנצע דריי טעג.

גראַד איז געווען אַ גוט שען וועטער, און דאָס איז אָנגענומען געוואָרען פאַר אַ מופת. דערנאָך זענען זיך די חסידים מיט די רביים ביסלעכווייז צופאָהרען, אָבער נישט וועניג זענען נאָך געבליבען אויף גאַנץ שבעת ימי המשתה.

נאָר איך האָב מיך דערוויילע אַזוי אריינגעטהאָן אין די אמאָליגע טייערע פרעהליכע רביים־מעשיות, אַז איך בין גאָר אינגאַנצען אָבגעטראָטען פון ענין. האַלטען האַלט איך ביים שווענעציל מיט זיינע מופתים. נאָר לאָמיר איהם לאָזען. דער לעזער וועט מיר, מיין איך, מוחל זיין פאַר דעם. מיר וועלען זיך צוריק אומקעהרען צו קיעוו.

ווי אַזוי יודען האָט זיך דעמאָלט געלעבט אין קיעוו קאָן בעווייזען אַ לעגענדע, וואָס איז צו יענער צייט שטאַרק פערשפּרייט געווען צווישען די דאָרטיגע יודען.

אין דער דאָזיגער לעגענדע ווערען עטוואָס די ווילדע פרייע ווינדטעלעך, וואָס האָבען לייכט אַבלאָז געטהאָן אין אלעקסאַנדער דעם II־טענס צייטען, און מעגליך אַז אין איהר, אין דער דאָזיגער לעגענדע, ליעגט פערבאָרגען אַ שטיקעלע אמת...

ווי די מאָדע איז, האָבען די גרויסע רוסישע סוחרים נישט פערגונען, וואָס קיעווער יודען שטייגען אין געשעפט. יודען האָבען קיעוו ממש בעלעבט, דער מסחר האָט אויפגעבליהט, און צוליעב דעם יודען'ס ריהרעוודיגקייט איז אין די סוחרישע רויטע הענד פון די רוסען נישט וועניג יודיש געלד אריינגעפאַלען. יאָ, יודיש געלד האָט מען

האָלט, נאָר דעם יודען גופא, וואָלט מען וועלען בעגראָבען, אַנ׳אַלטע מעשה.

האָבען זיך צונויפגעקליבען, דערצעהלט די יונגע לעגענדע, ניין־און־דרייסיג סוחרים און אַוועקגעשיקט אַ פּאַפּיר צום קיסר: „היות ווי קיעוו איז אַ הייליגע שטאָדט און אַלע קיסרים האָבען דאָרט נישט גע־לאָזט וואוינען קיין יודען, און פאַר׳ן קיסר ניקאָלאַי דעם ערשטען האָט מען גאָר קיין יודען נישט געזעהן אויף די גאַסען, בכן בעטען מיר, אדוני קיסר, אַז דו זאָלסט אָבפּרישען דעם אַלטען הייליגען אוקאַז — צונעהמען פון דאַנען די יודלעך, וואָס זענען אַנגעלאָפען אַהער פון צפון און פון דרום, פון מזרח און פון מעריב״.

געֿחתמ׳עט האָבען זיך אויפ׳ן פּאַפּיר אַלע ניין־און־דרייסיג סוחרים. נאָר עס איז אויך געווען אַ פיערציגסטע חתימה. זי האָט געהערט צו דעם קיעווער שטאָדט־גאָלאָווא דעמידאָוו, אַ גרויסער מיליאָנער.

אויף דעם דאָזיגען פּאַפּיר האָט דער גאָלאָווא באַלד בעקומען אַ דעפּעש פון מיניסטער אין נאָמען פון קיסר: „ביז אַהער האָב איך געמיינט, אַז אין קיעוו פערמעגט איך ניין־און־דרייסיג „דוראַקעס״, איצט אָבער זעה איך, אַז איך האָב דאָרטען עלטע, אמת׳ע פיערציג טפשים״...

די דאָזיגע דעפּעש האָט דעמידאָוו׳ן אַריינגעבראַכט אין מרה־שחורה. דער קיסר אַליין רופט איהם אָן „דוראַק״. דאָס איז דער גרעס־טער קלאָפּ, וואָס אַ מענש קאָן האָבען. אַ חרפּה צו ווייזען די אויגען אין גאַס. מען מוז אַנטלויפען פון רוסלאַנד. דעמידאָוו׳ס ווייב, אַנ׳אינ־טעליגענטע פרוי, איז גאָר צומישט געוואָרען.

— אַנטלויפען! — האָט זי געשריען — אַנטלויפען פון דאַנען!..

און דעמידאָוו האָט פערקויפט זיינע אַלע צוקער־פאַבריקען מיט די הייזער און מאַיאָנטקעס, געמאַכט אַלץ צו געלד און אַרויסגעפאָה־רען מיט דער פאַמיליע קיין אויסלאַנד.

דאָ בעקומט די לעגענדע אַנ׳עכט־יודישען סוף.

אַז דעמידאָוו מיט דער פרוי האָבען, שוין אין אויסלאַנד, איבער־געערדט וועגען דער שרעקליכער דעפּעש, זענען זיי געקומען צום בע־שלום, אַז אפשר זענען זיי טאַקי „דוראַקעס״...

— מיר דאַרפען זיך איצט „בעקאָנען מיט דאָס יודישע פאָלק, מיט זיינע געשיכטע און ליטעראַטור״, — האָבען זיי געוויינט.

זי האָט זיך צוחליפּעט און צוגעגעבען:

— אין דער טעלעגראַם איז דײטליך געשטאַנען, אַז מיר זענען „דוראַקעס"... דוראַקעס זענען מיר.

נו, עס פערשטעהט זיך, אַז פון דעמאָלט אָן האָבען זײ זיך שטאַרק גענומען אינטערעסירען מיט יודען און מיט זײער געשיכטע און זענען באַלד געװאָרען גרױסע יודען־פרײַנד, פערברענטע אָנהענגער פונ'ם פאָלק ישראל, און זי, דאָס װײַבעל דעמידאָװ'ס, האָט אָנגעשריבען און אָבגעדרוקט זעהר אַ װיכטיג בוך װעגען יודען און פונאַנדערגעשיקט אין גאַנץ אײראָפּאַ צו אַלע גרױסע לײַט: אָט זעהט, װאָס יודען זענען. מען דאַרף קושען דעם שטױב פון זײערע פיס...

אַ שטעקעלע אַרײַן, אַ שטעקעלע אַרױס —
די מעשה לאָזט זיך אױס...

אין די קאַלטע און שװערע בעדינגונגען פון יודישען לעבען, האָט אָט די לעגענדע אַרײַנגעטראָגען נישט װעניג נחת און שמחה. אַז אַ מענשען איז אײַנג און שלעכט, האָט ער ליב אַ לעגענדע.

בעת טשערטקאָװ איז אָנגעקומען אין קיעװ פאר אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט מען אױפגעהערט צו מאַכען די אָבלאַװעס אױף יודען, װאָס העלען גאָרנישט אױף ביז'ן הײַנטיגען טאָג. פערקעהרט, זײ מעהרען זיך נאָך...

אַ גוטער און אַ מאָדנער איז ער געװען, דער דאָזיגער טשערטקאָװ. דהיינו, ער האָט אַמאָל בעגעגענט אױף פּאָדאָל אַ שענע „פּראָצעסיע" פון יודען, װאָס איז געפיהרט געװאָרען פון פּאָליציאַנטען... געװען זענען דאָרטען אַלטע, יונגע, פרױען און קינדער.

דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט אָבגעשטעלט די פּאָליציאַנטען און געפרעגט:

— װער זענען די דאָזיגע אַרעסטאַנטען?

— פערנומען פון דער אָבלאַװע, װאַשע װיסאָקאָ־פּרעװאָסכאָדיטעלסטװאָ. — האָט ער געקריגען אַ תשובה.

אױף טשערטקאָװ'ס פּנים האָט זיך געלעגט אַ מינע פון עקעל.

— אָבלאַװעס מאַכט מען אױף חיות — האָט ער זיך מיט עקעל פערקרימט.

און פון דעמאָלט־אָן האָט מען עס פערװערט.

די דאָזיגע בשורה איז אין איין טאָג פונאַנדערגעטראָגען געוואָרען אין גאַנץ וואָהלין און אין קליינרוסלאַנד — און עס האָט אַ רעגען געטהאָן מיט יודעלעך, זאָלען לעבען, פון אַלע זייטען.

בלא גוזמא קען מען זאָגען, אַז אין דעם יאָהר זענען צונעקומען אפשר אַ דרייסיג טויזענד יודען אין קיעוו. יודען האָבען געהאַנדעלט, גע׳מסחר׳ט, געמעקלערט, געעפּענט קראָמען, געקויפט און פערקויפט.

מיט קריסטען האָבען יודען זעהר גוט געלעבט, ווי אַלע מאָל, ווען מען העצעט נישט אונטער פון דער זייט. ביידע האָבען גע׳מסחר׳ט אין אחדות, נישט מעהר, דער יוד האָט אויפגעוועקט דעם קריסט, ענטוויקעלט אין איהם מעהר ענערגיע צו געשעפט, מעהר שכל אין האַנדעל.

אויפ׳ן „זשיטנעם" באַזאַר איז געוועזן דער הויפּט-מסחר פון באַקאַליי, ווי דער „ריאַד" אין בריסק אָדער דער אײַזערנער טויער אין וואַרשוי — און איך פלעג קויפען אי ביי יודען אי ביי קריסטען, וואו עס האָט מיר בעסער געלוינט. איך בין געוועזן מיט די רוסישע באַקאַליי-קרעמער גוט בעקאַנט און זאָגאַר בעפריינדעט. אין די זומערטעג פלעג איך פערפיהרען וכוחים מיט די קריסטען, ווי מיין שטייגער, וועגען יודען.

איין פעלער האָבען זיי דעמאָלט אויסגעזעצט אויף יודען: יודען האַלטען נישט פון ריינקייט. קיעוו איז אַ ציכטיגע שטאָדט, און יודען קענען נישט זיין ציכטיג. זיי האָבען מיר, אַלס אַביישפּיעל, אָנגעוויזען אויף אַ יודען פון אַ האַלבען מיליאָן רובל.

ביי דעם דאָזיגען יודען אין הויף ליעגט אַ בערגעל מיסט. די טרעפּ זענען פערשמוצט און די לופט איז אַ שווערע.

נאָך פון ווייטען קען מען דערקענען, אַז דאָ וואוינט אַ יוד.

דאָס רוב פלעג איך טאַקי נישט האָבען וואָס צו ענטפערן דערויף. אָבער אַז איך בין געקומען קיין וואַרשוי, האָב איך מיר עטוואָס געטרייסט. ווארום איך האָב מיך איבערצייגט, אַז די אָרימע וואַרשויער יודען פיהרען זיך ציכטיגער פאַר די אָרימע פּאָליאַקען.

די לעצטע ווייסען גאָרנישט פון ריינקייט.

אין דער צייט האָבען יודישע כלל-טהוער גע׳פועל׳ט ביי דער

דערגירונג צו עפענען פאר יודען אין גאנץ רוסלאנד רעמעסלענע שולען און איינפיהרען יודישע קאלאניעס. צו דעם צוועק האט מען דעמאלט געקליבען א סך געלד.

פאליאקאוו האט ארייגעשריבען צו ר׳ ישראל בראדסקי׳ן, ער זאל אין קיעוו אויפזאמלען א פאנד אויף רעמעסלענע שולען און דער־ביי ארייגעשיקט א טשעק אויף פיערציג-טויזענד רובל.

בראדסקי האט איבערגעגעבען ר׳ שמואל לעווינ׳ען דעם ענין— יענער זאל צונויפרופען א פערזאמלונג פון קיעווער גבירים.

דאס איז באלד מקוים געווארען, און אויף דער פערזאמלונג האט בראדסקי דער ערשטער געגעבען צעהן-טויזענד רובל. אזוי ארום האט מען געמאכט נאך א פופציג-טויזענד רובל, וואס צוזאמען מיט פא־ליאקאוו׳ס האט געהאפט ביי א מאה אלף.

בכלל האט זיך געטומעלט אין אלע יודישע ווינקעלעך, און די יודישע האפנונג איז געווען גרוים...

א דאנק חאטש פאר דער האפנונג, וואס האט אויף א ווײַלע דערקוויקט, ווארום דערנאך איז ערגער געווארען...

אין די יאהרען האט אנגעהויבען צו וואקסען די רעוואלוציאנערע שטימונג ביים עולם. רײַכע יונגע־לײַט זענען געגאנגען „אין פאלק" ארײַן, זיך מוסר נפש געווען, געוואלט ארויבברײַנגען משיח׳ן, און ארעסטען האבען זיך געשאטען ווי האגעל...

מײַנער א רײַכער שכן האט מיך א רוף געטהאן. די מעשה איז אײַגענטליך געווען א פשוט׳ע, אבער פאר יענער צײַט — אנ׳אונגעווערנ־ליכע, זײַן יונגעל, א גימנאזיסט פון א פופצעהן יאהר און פון פינפטען קלאס, וויל ראטעווען רוסלאנד און ארויבברײַנגען משיח׳ן, אפשר וועל איך איהם קאנען איבעררײַדען און אבהאלטען פון אזא גבורה.

איך קום צוגעהן, טרעף איך דעם פריסטאוו מיכאילאוו, וועלכער טענה׳ט ארײַן מיט׳ן דאזיגען יונגעל. דער פריסטאוו מיכאילאוו בעט זיך ביים יונגעל, ער זאל זאגען ביים זשאנדארמסקי׳ן, וואוהין דער פריסטאוו דארף איהם איצט אבפיהרען, אז ער וויים נישט פון קיין חלום, אז ער האלט גארנישט דערביי, און דאס יונגעל טענה׳ט לא. ער וועט יא זאגען, אז די פאראנדקעס טויגען נישט און אז...

דער פריסטאוו מיכאילאוו האט שוין לאנג בעקומען פינף הונ־

דערט קאַרבען פון דעם יונגעל'ס פאָטער און זײַן אויפגאַבע איז — ראַטעווען דאָס יונגעל פון דער זשאַנדאַרמעריע. אָבער וואָס טהוט מען, אַז דאָס יונגעל ציהט אַלײן דעם האַלז צום מעסער...

איצט האָב איך בעדאַרפט איבערנעהמען מיכאַילאָוו'ס מלאכה, וואָס האָט גאָרניט גע'פועל'ט, און מיכאַילאָוו האָט דערויף אַרויסגעגעבען צוויי שעה צײַט, וואָרום ער מוז באַלד דאָס יונגעל צושטעלען אין זשאַנדאַרמעריע.

איך בין מיך מודה, אַז איך האָב אויך גאָרניט אויסגעפיהרט, חאָטש דאָס יונגעל האָט פאַר מיר שטענדיג דרך-ארץ געהאַט. מײַנע רייד נעהמען איהם ניט. ער האַלט זיך בײַ דאָס זײַניגע:

— דאָס פאָלק איז ווילטיגער פאַר אַ יחיד, און זאָל מען איהם פערברענען אָדער אויף שטיקער צורײַסען, אַרט עס איהם אויך ניט, אַבי דערפון זאָל זײַן אַ טובה פאַר'ן פאָלק.

די מוטער האָט גע'חלש'ט; מען האָט זי אָבגעמינטערט. פאַלט זי דערנאָך פאַר איהם אויף די קניה און בעט זיך מיט טרעהרען, ער זאָל אויף איהר רחמנות האָבען, און ער איז בלאַס ווי דער טויט, קאָן ניט צוזעהן איהר חלש'ן און איהרע געוויינען, אָבער דאָך האַלט ער זיך בײַ זײַנס. און — אַ חרפה: איך בין אַוועק מיט גאָרניט. סאַמע מיט גאָרניט. ניט געקאָנט איהם איבעררײדען.

דאָס יונגעל האָט געהאַט אַנ'אײַזערנעם האַראַקטער, וואָס האָט ממש איבערראַשט.

אודאי האָט מען איהם אַרעסטירט און אַוועקגעפיהרט קיין מאָסקווע. דער פאָטער איז איהם נאָכגעפאָהרען. ער האָט זיך געוואָלט לאָזען קאָסטען טויזענדער, חאָטש בלויז דערויף, ער זאָל זיך קאָנען מיט איהם זעהען פון צײַט צו צײַט. אָבער דאָס איז אויך געווען אונמעגליך. די מוטער איז אין אַ קורצער צײַט אַרום געשטאָרבען.

דאָס יונגעל איז אַ היבשע צײַט געזעסען. דערנאָך, אַז עס איז געווען דער סוד, האָט מען איהם, אַלס אַ מינדעריעהריגען, אומגעקעהרט קיין קיעוו, וואו ער האָט זיך בעדאַרפט געפינען אונטער דער השגחה פון פאָליציי.

אַז ער איז געקומען אַהיים, איז ער שוין געווען צוטרויסעלט, צורודערט, און אַז ער האָט ניט געפונען די מוטער, איז ער אַרײַנ־

געפאלען אין א שווערע מרה־שחורה און איז שוין אזוי פערבליבען.

די יודישע ק״לה איז זיך דאך געגאנגען פארווערטס. עס האָבען זיך געפונען רייכע יודען, וואס האבען נישט געזשאלעוועט קיין געלד אויף א גרויסער רוסיש־יודישער צייטונג, וועלכע זאל זיך וועהרען מיט׳ן אנטיסעמיטישען „קיעוולייאנין״, א צייטונג, וואס האט, ווי אלע שמוציגע אנטיסעמיטישע בלעטער, געשאטען טאג־טעגליך פעך און שוועבעל אויף יודען.

די נייע יודישע צייטונג, וואס האט געהייסען „זאריא״, איז ערשיענען אין גאר א גרויסען פארמאט. דאס דאזיגע בלאט האט גרויס־ארטיג ערפילט זיינע אויפגאבען און האט געהאט ברייטע קרייזען לעזער. מען האט געלייענט, געקוואלען פון די דרייסטע ארטיקלען, פון די געפעפערטע פארציעס, וואס די אנטיסעמיטען פלעגען בעקומען, און דאס יודישע הארץ האט ווידער געהאפט...

נאכאמאל: א דאנק פאר די האפנונגען, חאטש אויף א רגע — אבי עס דערקוויקט.

## ניינצעהנטעס קאַפּיטעל.

ר׳ ישראל בראָדסקי׳ס פערוואַלטער. — אַ נישט־יודישער פּע־לער. — אַנ׳עסק. — רייז און ראָזשינקעס. — עקשנות. — פער־טרונקענע סחורה. — מיט די פוטער אַראָב. — איך ציה זיך אין אַנ׳אַנדער קראָם. — קוואַרטיראַנטען. — ליפּסקי. — אויס־געפּייפט אַ פּיעסע. — אַלטע וואונדען. — דער „האַראָדנער מגיד". — זיין השפעה אויף מענשען. — זיין דרשה. — דער האַ־ראָדנער מגיד מיט ליפּסקי׳ן. — אַ פערדראָסיגער סוף. —

ביי אונז אין הויף האָט זיך אַריינגעצויגען אַ נייער שכן, אַ גרוי־סער יחסן. ער איז געוועזן פּערוואַלטער ביי ר׳ ישראל בראָדסקי׳ן אין טשערקאַסער צוקער־פאַבריק.

גענומען האָט ער צוועלף־טויזענד רובל אַ יאָהר און געוואוינט האָט ער אין טשערקאַסער הויף מיט זיין פאַמיליע. זיין פרוי איז גע־וועזן בראָדסקי׳ס אַ נאָהנטע קרובה, און געלעבט האָט מען ווי די פּירש־טען. עס פערשטעהט זיך, אַז אין אַזאַ גרויסען מאַיאָנטעק איז דאָ פון אַלעם גוטען, און פערד מיט קאַרעטעס האָבען אויך נישט געפעהלט.

דער פערוואַלטער איז געווען זעהר אַ געראָטענער מענש און האָט געפיהרט דעם מאַיאָנטעק מיט דער צוקער-פאַבריק אויסגעצייכענט. בראָדסקי איז צופרידען געווען פון איהם. ער האָט אָבער געהאַט אַ גוי'עשען פעלער — אַ שווערען: שכרות. אַ פעלער איז דאָס נאָך אַזוינער, וואָס האַלט זיך כסדר אין ענטוויקלען, ווערט וואָס וויטער שטאַרקער, און צו אַ סוף קומט מען זעהר צו אַ טריבען.

דעם פערוואַלטער האָט דער סוף נישט אויסגעמידען: פון שכרות האָט ער פערלאָזט דאָס געשעפט.

און ר' ישראל בראָדסקי האָט איהם געמוזט אָבזאָגען. נאָר אַזוי ווי דעם פערוואַלטער'ס פרוי איז אַ קרובה, און זיי האָבען דערוואַקסענע שענע קינדער, זיהן און טעכטער, האָט ר' ישראל בעשטימט פאַר'ן פערוואַלטער אַ שטענדיגע יעהרליכע פענסיע פון פינף-טויזענד רובל.

און האָטש דער פערוואַלטער איז אָבגעזאָגט געוואָרען — דאָך האָט איהם אָפטער בעזוכט בראָדסקי'ס פאַמיליע. עס איז פאָרט געווען זעהר אַ פיין אָנשטענדיג הויז, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס דער בעל-הבית האָט געהאַט אַ גרויסע שוואַכקייט צו בראָנפען...

איך בין גיך בעפריינדעט געוואָרען מיט דעם פערוואַלטער'ס פאַמיליע. מיך האָט געצויגען זיין חכמה, זיין פרייע צונג, זיין ליעבע האַלטונג.

אויסבעסערן זיין פעלער האָט מען, לייד ער, נישט געקאָנט. ער פלעגט שטענדיג אַריינגעהן אין דערבייאיגען שענק און פלעגט אויסטרינקען אַ גלאָז בראָנפען. אַמאָל פלעגט ער איבער'ן טאָג אויסטרינקען אַ וואַסערע זעכציגען גלאָז בראָנפען.

פאַר אַ פריינד האָט ער אפילו שכור'ערהייד אויך געטויגט, נאָר פונדעסטוועגען איז מיט איהם געווען ליעבער צו פערברענגען, ווען דער קאָפּ איז איהם ניכטער געווען.

און דעריבער פלעג איך עקסטרע קומען צו איהם באַלד אין דער-פריה, נאָך איידער ער פלעגט געהן אין שענק. נאָר ער האָט פערשטאַנען, אַז איך זוך זיין ניכטערקייט...

און אַמאָל, געהענדיג אין טראַקטיר, פלעגט ער אומישנע פריהער אַריינקומען צו מיר, אויב איך בין ביי איהם נאָך נישט געווען, און שמועסען מיט מיר מיט אַ ניכטערער צונג...

מיר האבען זיך איינע די אנדערע ליעב געהאט, און איינמאל האט ער מיר פארגעשלאגען א שטעלע פון א פריקאזטשיק.

פרעג איך איהם, וואס פאר א געשעפט האט ער. זאגט ער, אז מען וועט איהם צושיקען פון אדעס באקאליי־סחורות: רייז, ראזשינקעס, מאנדלען, נים פאר א הונדערט טויזענד רובל. ער דארף דאס פערקויפען די היגע באקאליי־קרעמער און אויך פונאנדערשיקען אין אנדערע שטעדט.

דאס איז נישט געווען געפלוידערט, ווי מען האט געקאנט מיינען, און אין ניכען האט ער מיר אבגעגעבען די פראכטען און איך האב געדונגען א גרויסען הויף מיט סקלאדעס, אבצולעגען די סחורה.

אבער אלץ די איינענע מעשה: אין די געשעפט־ענינים האט שטארק געשטערט זיין שכרות, און איך פלעג זיין געצוואונגען אויפשטעהן גאנץ פריה, ממש בעגינען, כדי איך זאל איהם קאנען פאקען נאך גאר א ניכטערען, און איבעררייידען וואס מיר האבען צו טהאן.

איך מוז נאכאמאל זאגען, אז דאס איז געווען אן'אויסערגעוועהנליכער קלוגער מאן. זיינע ווערטער זענען געווען פעריל און ער האט אויף מיר א גרויסע השפעה געהאט. ער האט מיר אין א סך פרטים געעפענט די אויגען, אנגעזאפט מיך מיט פראקטיק, וואס איז געווען אזוי נויטיג פאר אזא קליינשטעדטילשען יונגענמאן, ווי איך בין דעמאלט געווען.

אמאל איז ער אויך געווען אן'עקשן, און מיר קומט אויפ'ן זכרון א פאקט, וואס חאראקטעריזירט וואויל זיין עקשנות. דאס איז געווען אזוי.

ער האט בעדארפט אוועקשיקען קיין יעקאטערינאסלאוו רייז מיט ראזשינקעס פאר דרייסיג־טויזענד רובל; דארף איך דינגען א בערלינע דאס אבצופיהרען.

האב איך נאך א סך מיה אויסגעזוכט א גוטע בערלינע און מושוה געווארען מיט'ן בערלינשטשיק אבצופיהרען די סחורה פאר צוויי הונדערט רובל.

אז איך בין געקומען צו איהם און דערצעהלט, אז איך האב אויפגעזוכט זעהר א גוטע בערלינע, אז איך האב זי בעדונגען און געגעבען פינף־און־צוואנציג רובל האנד־געלד, און אז היינט אין אווענד

וועט קומען דער בערלינשטשיק צו שליסען אַ קאָנטראַקט — איז ער געווען גאַנץ צופרידען.

אין אָוועגד אָבער, ווען איך בין געקומען מיט'ן בערלינשטשיק מאַכען דעם קאָנטראַקט, זאָגט ער מיר אָן, אַז מיט אַ שעה צוריק האָט ער בעדונגען אַן'אַנדער בערלינע פאַר הונדערט-און-פופציג רובל או נאָר די וועט אָבפּיהרען די סחורה.

פערדריסט עס מיר, וואָרום איך ווייס, אַז אַ גוטע בערלינע קאָן מען נישט קריגען ביליגער, און אַז מיינע איז זעהר אַ גוטע. מילא, פערפאַלען, הויב איך אָן אָבער שפּעטער נאָכצופרעגען, ווער איך גע-וואָהר, אַז זיין בערלינע איז אַ נ׳אַלטע און זעהר אַ שוואַכע און ס'איז אַ סכנה צו פיהרען אויף איהר אַזאַ גרויסע משא.

אַז איך זאָג דאָס איהם, הערט ער מיך נישט אויס און הייסט מיך לאַדעווען די סחורה אין דער בערלינע. איך האָב אָבער נישט געוואָלט ריזיקירען מיט אַזאַ גרויסען פערמעגען און האָב מיך איינגאַנ-צען אָבגעזאָגט דערפון.

איז ער געוואָרען בייז און האָט צוגענומען אַן'אַנדערן מענשען. געדענק איך, אַז אַרום דאָנערשטאָג האָט ער געלאַדעוועט די בערלינע מיט רייז און ראָזשינקעס און איבער אַ נאַכט האָט זיך די בערלי-נע געזעצט אין וואַסער.

אַז ער האָט עס דערהערט, איז ער געקומען צולויפען אַ פער-סאָפּעטער. אַפּנים, אַז ער האָט געקאָנט זיין ניכטער אויך, ווען מען האָט זעהר נויטיג בעדאַרפט...

— האָט רחמנות, ראַטעוועט! איך בין אַ פערפאַלענער! איך בעט אייך איבער. איצט זעה איך, אַז איהר זענט געווען גערעכט. איהר בעקומט ביי מיר צוויי הונדערט רובל אַ „נאַגראַדע" און ראַטע-וועט מיר די פערטרונקענע סחורה. מען קאָן די סחורה אויסטריקענען, וועט מען נאָך עפּיס קאָנען אַרויסנעהמען געלד פון דעם. דאָס איז דרייסיג-טויזענד רובל!..

ער איז איינגאַנצען ניכטער געווען דעמאָלט...

אָבער איך האָב מיך געקווענקעלט. מיר האָט נאָך אַלץ דער-צאָרנט זיין עקשנות.

דערנאָך אָבער, אַז זיין ווייב און קינדער זענען צו מיר צוגעפאַ-

לען, איך זאל ראטעווען די סחורה, (פונקט ווי איך קאן ראטעווען), האב איך שוין, פאר אין ברירה, זיך אונטערגענומען ארויסצוראטעווען די רייז מיט די ראזשינקעס פון דער פערזעצטער בערלינע אין וואַ־סער. האב איך געדונגען א גרויסען הויף, געקויפט גרויסע פלאכטעס, ארויסגעשלעפט די נאסע סחורה, אויסגעשאטען עס אויף די פלאכטעס און געטריקענט.

איך האב דערצו בעוארפט האבען א סך מענשען. נאר ווי־עס־איז האב איך די סחורה דערטריקענט און אזוי ארום, מיט צער און מאטערניש, האב איך פון דעם פעקיל אויסגעלייזט ביי א פינף־טויזענד רובל — אנשטאט דרייסיג־טויזענד...

ער איז פון דעם גאר צומישט געווארען און אנגעהויבען נאכ־מעהר צו שכור'ן.

נאר בראדסקי'ס פאמיליע, האבענדיג מיטלייד מיט דער פרוי און קינדער, פלעגט דאך אפט קומען בעזוכען דאס הויז פון דעם גע־וועזענעם פערוואלטער.

איינמאל, בעת די בראדסקי'ס זענען גראד געווען ביי איהם אין געסט, איז ער אריינגעקומען אין שטוב א טויט־שכור'ער און א פאל געטהאן אויף דער ערד. דאס האט אויף די בראדסקי'ס געמאכט זעהר א שווערען איינדרוק און מעהר זענען זיי שוין נישט געקומען.

ער האט נאך א האלב יאהר שטארק גע'שכור'ט און דערנאך אוועקגעשטארבען.

וועה, ס'ארא קלוגער, ס'ארא ליעבער מענש ער איז געווען! יא, ער איז אומגעקומען פון א נישט־יודישען פעלער: פון בראנפען.

---

ביי מיר, ווי צו זאגען, איז דאס געשעפט געגאנגען הלך וחסר. איך האב זיך אבגעמאטערט א צוויי יאהר אויף דעם אנדרייעווסקי׳ ספוסק און מיך אריבערגעצויגען אין אנ'אנדער גאס.

איך געדענק שוין נישט ווי די גאס האט געהייסען, נאר דאס געדענק איך, אז איך האב דארט געמאכט א קלענערע באקאליי־קראם.

מיר האט שוין געפעלט געלד, דאס איז ערשטענס. צווייטענס, איז דא נישט געווען אזא ארט, וואו מען זאל קאנען פיהרען אנ'עסק

ב ר י ַ ט און ע נ ע ר ג י ש: עס האָבען פשוט געפעלט קונים. אָ ר י מ ע לייט האָבען דאָ געוואוינט.

ווי דער שטיינער פון אלע געדריקטע יודען, האָב איך געדונגען אַ דירה מיט אַ פּאָר צימערן פאר שכנים. איינער אַ יונגערמאַן האָט ביי מיר באַלד געדונגען אַ צימער מיט אַ בעזונדער אַריינגאַנג.

דאָס איז געוועזען אַ יונגערמאַן, וואָס האָט זיך געגרייט צום עקזאַמען אין אוניווערזיטעט. איך האָב איהם בעטראַכט, און ער איז מיר געפעלען געוואָרען. ערשטענס, איז ער געוועזען קלאָר אין ש״ס און געקאָנט זאָגען אַ שען פשט׳ל פון תלמוד. צווייטענס, איז ער געוועזען אַ געשיקטע, אַ ריהרעוודיגע בריאה.

ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער איז אַ ווילנער דינ׳ס אַ זוהן, און איז געוועזען גערעכענט פאר אַן עילוי, נאָר ער האָט זיך געוואָלט נעהמען צו בילדונג און איז אַנטלאָפען קיין זשיטאָמיר, וואו ער איז אַריינגעטראָטען אין ראַבינער-שול. דירעקטאָר איז דאָרט דעמאָלט געוועזען ר׳ חיים-זעליג סלאָנימסקי.

אַז די שול איז פערמאַכט געוואָרען, איז ער אַוועק קיין קיעוו, אַריינצוטרעטען אין אוניווערזיטעט. דער וועג איז אַ גלייכער: ער וועט ענדיגען די אוניווערזיטעט און — באַסטאַ!

אָבער ער האָט נישט געהאַט פון וואָנען צו לעבען...

אַ געזונדטער און אַ פלינקער, איז ער הייציג אַוועק אין בראָדסקי׳ס מיהל, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג טייך, און געבעטען, מען זאָל איהם געבען טראָגען די זעקלעך מעהל פון מיהל אין מאַגאַזין אַריין און צאָהלען ווי אַלע טאָג-אַרבייטער: זעכציג קאָפּיקעס אַ טאָג.

דער יונג איז אָנגענומען געוואָרען, און דעם גאַנצען טאָג האָט ער געטראָגען זעקלעך מעהל.

אין אָוועגד אָבער האָט ער זיך אַרומגעוואַשען, זיך איבערגעטהאָן, געמאַכט בעקאַנטשאַפט מיט סטודענטען, געזוכט אוראָקען און געקראָגען זיי אויף גאַנצע זעכציג רובל אַ מאָנאַט, און דערביי זיך געגרייט צום עקזאַמען. אַז ער האָט געקראָגען אוראָקען, האָט ער אַוועקגעוואָרפען די מעהל.

אַ טשיקאַווע זאַך: דער יונג האָט אויף אַלץ געהאַט צייט, און ביינאַכט פלעגען מיר זיך אָפט דורכשמועסען ביי אַ פּאָר שעה.

אין דער צייט איז געקומען קיין קיעוו אַן אַנטיסעמיטישע טרו-

פּע און האָט געשפּיעלט אין גאָרטען-טעאַטער אַ שטיק, וואָס האָט זעהר בעליידיגט יודען. ליפּסקי, אַזוי האָט געהייסען מיין שכן, האָט שוין געוואוסט דעם אינהאַלט פון דעם טעאַטער-שטיק, און איז אומישנע געגאַנגען מיט זיינע חברים אויף אַ פאָרשטעלונג — הערען ווי בעליידיגט מען יודען פון דער סצענע אַראָב.

אָבער געקומען איז ער פון טעאַטער אַ געקרענקטער און אַ צוקאָכטער. אויף דער סצענע האָט מען גראָב און מאוס בעליידיגט יודען. גוים האָבען הנאה געהאַט, גוים האָבען פול געמאַכט דאָס טעאַטער און האָבען געפּאַטשט בראַוואָ, און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אויספייפען. אין טעאַטער האָבען זיך יתום'דיג דורכגעוואָרפען עטליכע יודען. אַ מורא געווען אַ פייף צו טהאָן.

עס איז געווען אַ צער צו קוקען אויף מיין יונג.

די דאָזיגע אַנטיסעמיטישע פּיעסע האָט מען געשפּיעלט כסדר.

וואָס טהוט מען? ווי אַזוי מאַכט מען, אַז אַלע יודישע סטודענטען און סתם בחורים זאָלען קומען אויספייפען דאָס דאָזיגע שונד-שטיק, בעפּעפּערט מיט נאַרישען און גראָבען אַנטיסעמיטיזם?

איך האָב אַ פראַגע געטהאָן דעם יונג צי אליעזר בראָדסקי קען איהם, צי האָט ער איהם אַמאָל געזעהן ביי זיך אין מיהל. דערויף האָט מיר דער יונג געזאָגט, אַז אליעזר בראָדסקי איז איינמאָל געקומען אין מיהל און געזעהן ווי ער טראָגט אַ זאַק מעהל אויפ'ן פּלייצע.

— האָט ער דערקאָנט, אַז איך בין אַ יוד און זיך שטאַרק פערוואונדערט: ס'טייטש, אַ יודישער יונגערמאַן זאָל זיך „אָטוואַזשען" טראָגען זעקלעך צווישען באָסיאַקעס! האָט ער מיך צוגערופען און געפרעגט פון וואַנען בין איך און צי איך האָב נישט עפּיס אַ גרינגערע און אַ בעסערע פּרנסה, ווי טראָגען זעקלעך מעהל, וואָרום אַ יוד איז דאָך שוואַך...

— האָב איך איהם, פערשטעהט איהר מיך — רעדט ער מיר אַלץ מיט איין אָטעם — דערצעהלט, אַז איך בין געקומען אַהער צוגרייטען זיך אין אוניווערזיטעט, נאָר איך האָב דערווייל נישט מיט וואָס צו לעבען. אַרבייט איך דעם טאָג ביי אייך, און אָוועכד זוך איך מיר בעקאַנטשאַפט און ביינאַכט לערן איך. נעהמט ער אַרויס פופציג רובל און גיט מיר. אָבער איך האָב נישט גענומען און געזאָגט, אַז קיין

נדבות נעהם איך נישט; איך וויל בלויז פערדינענען דורך ארבייט. איך האב פיינט די גבירים — האט ער געמאכט א זויערע און אנ'ענערגישע גרימאסע — און וויל פון זיי קיין טובות נישט האבען.

נאר מיר איז איינגעפאלען א געדאנק.

— הער נאר, ליפסקי, אבער צוליעב דעם כלל ישראל וואלסטו געגאנגען צו די גבירים?

זאגט ער:

— דאס, יא?

זאג איך:

— געה צו לאזאר'ן און דערצעהל איהם די גאנצע מעשה מיט דער אנטיסעמיטישער טרופע און לעג איהם פאר, ער זאל אבקויפען עטליכע הונדערט בילעטען, וועלכע מען וועט צוטיילען צווישען דער יודישער יוגענד, און אט וועט זיין ווער עס זאל אויספייפען...

— א אידעע, חלעבען! — האב ער זיך א חאפ געטהאן.

און עס האט זיך טאקי איינגעגעבען. ליפסקי איז געגאנגען צו לאזאר'ן און איז פון דארטען געקומען צו מיר מיט א שמחה, אז יענער וועט אבקויפען צוויי-דריטעל פון דער צאהל בילעטען און וועט שיקען אלע זיינע פריקאשטשיקעס צוטיילען די בילעטען צווישען יודען. ווער עס וועט נאר וועלען פייפען, וועט קריגען א בילעט.

די זאך איז באלד אוועק ווי געשמירט.

אויף מארגען זענען אומגעגאנגען יונגע-לייט און געטיילט אומזיסט בילעטען אין טעאטער. ליפסקי האט געארבייט אויף אלע כלים; צו זיין שמחה איז שוין גאר קיין ברעג נישט געווען.

און אין אווענד, ווען די טרופע האט גענומען שפיעלען איהר שמוציג פיעסעלע, האבען אלע יודען אנגעהויבען פייפען און טופען מיט די פיס. עס איז געווארען א פייפעריי, אז גאט זאל אויסהיטען.

דער פאליצמייסטער איז אויך געווען אין טעאטער. ער האט זיכער מורא געהאט פאר א גרויסען סקאנדאל און האט נאר געהייסען איבעררייסען דאס שפיעלען. א צוואנציג פארשוין סטודענטען און אנדערע יודען, צווישען זיי אויך ליפסקי'ן, האט מען ארעסטירט.

אויף מארגען איז מען געגאנגען, ווי דער שטייגער איז, צום גענעראל-גובערנאטאר. געגאנגען איז לאזאר בראדסקי [און נאך צוויי

פון די מיליאָנערען און איהם דערצעהלט, אַז די טרופּע זוכט שנאה צווישען פעלקער, אַז זי רייצט אָן איין פאָלק אויפ'ן צווייטען און רעסגלייכען. דער גובערנאַטאָר האָט געשיקט צום דירעקטאָר פון דער טרופּע און איהם אָנגעזאָגט, אַז אין פיער־און־צוואַנציג שעה זאָל ער פערלאָזען קיעוו און זיין אָקרוג. די אַרעסטירטע האָט מען בעפרייט.

אַ פאַקט איז דאָס, פערשטעהט זיך, נישט קיין בעדייטענדער, נאָר צו אונזער שמחה איז גאָר קיין גלייכען נישט געווען. אַ קלייניגקייט — מיר האָבען אויסגעפיהרט...

אָט דער ליפּסקי האָט אין מיר דערוועקט מיינע אַלטע וואונדען מכּח בילדונג, און אַז איך פלעג מיט איהם שמועסען, פלעגט מיר שרעקליך באַנג טהאָן מיין פערלאָרענע יוגענד, מיין ענערגיע, מיין קוראַזש, מיינע חלומות וועגען ווערען אַ ראַבינער, וועגען גרויסע כּלל־אַרבייטען, מיינע האָפנונגען און טרוימען.

אָט דער יונג איז פריי און געזונד. עס נעהמט אָן אַ קנאה פאַר זיין שטאַרקייט, פאַר זיין פעסטקייט, פאַר זיין ברען, פאַר זיין היציגקייט. ער וועט געוויס צו עפּיס דערשווימען אין לעבען. און איך? איך בין אַ געבונדענער, אַ געפאַנגענער, אַן אָרימער פּרנסה־זוכער, אַ מענש מיט צושלאָגענע מחשבות און חלומות, און איך האָב איהם טיעף־טיעף, ביז גרויסען וועהטאָג, מקנא געווען.

— אָט דאָס איז ענערגיע, — האָב איך מיט אַנגסט געטראַכט, — אַ מענש טראָגט זעק, גיט שטונדען און גרייט זיך אין אוניווערזיטעט אַריין. אָט דאָס איז כאַראַקטער. טראָגען זעק — און בילדונג. בילדונג און טראָגען זעק... איך בין געווען שוואַך און בין געבליבען שטעהן אויפ'ן מיטען וועג — נישט אַהער נישט אַהין.

נאָר טיילמאָל, אין אַזוינע שווערע מינוטען, פלעג איך אויסגעפינען אויף זיך אויך אַ זכות: איך האָב אַ ווייב מיט אַ קינד... צו־פריה חתונה געהאַט... אַ ווייב האָט אַ גרויסען כּח... און אַ שטער איז אַ ווייב... אָבער דער דאָזיגער זכות האָט מיר גאָר ווייניג פערגרינגערט די וועהען. דאָס איז נאָר אַן'אויסרייד פאַר זיך געווען...

מיט ליפּסקי'ן האָב איך מיך זעהר גוט איינגעלעבט. טיילמאָל פלעגען מיר שמועסען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. ליפּסקי איז

געווען איינער פון די ערשטע סאָציאַליסטען, וואָס האָבען דעמאָלט וואו-נישט-וואו אַרויסגעשפּראָצט אויף דער יודישער גאַס, און פון די זעכציג רובל, וואָס ער האָט געהאַט אַ מאָנאַט, פלעגט ער צוטיילען צווישען זיינע אָרימע חברים אַ דרייסיג, פיערציג רובל.

געגעסען האָט ער פּראָסט שוואַרץ זעלנער-ברויט מיט אַ שטיקעל הערינג און דערנאָך פערטרונקען מיט טהיי; און אַ מיטאָג פלעגט איהם קאָסטען אַ וואָסערע פינף קאָפּיקעס. ער האָט אַ סך געלערנט און אַ סך געקאָנט, און איז שנעל געוואָרען פּאָפּולער ביי דער אָרטיגער יוגענד.

פון זיין מויל האָט זיך געשאָטען פּערעל, אַ קאָפּ — אַ פייער, דאָס געמיט לויטער, ווי אַ פריהלינגס-טאָג.

ער האָט אויך געהאַט זעהר אַ וואַרים יודיש האַרץ, און די דאָ-זיגע וואַרימקייט האָט זיך אויך איבערגעגעבען זיינע חברים. קריסטלי-כע סטודענטען האָבען אויף איהם געקוקט מיט גרויס דרך-ארץ.

אויב מיין ערשטער קוואַרטיראַנט איז געווען אַזאַ געראָטענער, איז מיין צווייטער קוואַרטיראַנט געווען אַ סך געראָטענער און אַ היבש ביסעל ג״עסער... איך מיין דאָ דעם בעריהמטען „האַראָדנער״ מגיד, וואָס האָט געוואוינט אין מינסק. אין אָט דער צייט איז ער גראָד גע-קומען קיין קיעוו. געוועהנליך, האָט איהם באַלד בעזוכט ר׳ ליב שפּי-דאָ און געבעטען פערבלייבען אין קיעוו אַ פּאָר וואָכען.

אַ מגיד און בפרט נאָך דעם האַראָדנער בעזוכען אַ סך מענשען, האָט מען בעדאַרפט האָבען עפּיס אַנ׳אָנשטענדיג הויז, וואו ער זאָל קאָנען וואוינען און אויפנעהמען געסט.

און ר׳ ליב׳ן איז איינגעפאַלען, דער מגיד זאָל זיך איבערציהען צו מיר. ר׳ ליב האָט געוואוסט, אַז איך זוך אַ שכן, און אַז ער האָט עס מיר איינמאָל פאָרגעשלאָגען, האָב איך מיט פערגעניגען איינ-געשטימט.

און דער מגיד האָט זיך אַריבערגעצויגען צו מיר.

עס איז אודאי איבעריג צו זאָגען, אַז דער מגיד איז געווען אַ גרויסער מענש און אַ גרויסער מופלג, געוואַלטיג קלוג און שטאַרק בע-לעזען, און אַ צונג האָט ער געהאַט — וואָס נאָך אַזאַ האָב איך אין מיין לעבען נישט געהערט.

די צונג — דאָס איז געווען זיין געוועהר, זיין אַרטילעריע, זיין

האַרמאַט, און מיט איהר האָט ער געקאָנט פערוואַנדלען מענשען אין פייער. האָט נאָר עמיצער געהערט זיין לשון, זיין ריידען, איז ער בעגייסטערט געוואָרען, צוזאַמפעלט געוואָרען, און זיין השפעה אויף מענשען איז געווען שרעקליך גרויס.

ווי זעהר א פרומער יוד, וואָס איז דורלאוים רוחניות, האָט ער געלעבט זעהר אָרים און פראָסט. זיין עסען איז, דהיינו, געווען נאָר שוואַרץ ברויט מיט זויערע אוגערקעס און אַזוי אַ גאַנצע וואָך. שבת און יום-טוב האָט ער זיך פערגונען עסען בעסער, ווי דער דין איז, בשר ודגים און כל המעדנים.

צוויי מאָל אין טאָג האָט ער געגעסען זיין מאָגערען „מאָלצייט"— ברויט מיט אוגערקעס: צוועלף בייטאָג און זעקס פאַרנאַכט.

ביי מיר פלעגט זיין די שטוב געפאַקט מיט מענשען.

אָבגעגעסען ברויט מיט אוגערקעס, האָט ער פאַר זיי גערעדט. נאָר גאָט מיינער, וואָס זענען דאָס געווען פאַר אַ רייד. גאָלד האָט זיך געגאָסען... איך פלעג שטעהן אַ פערגאַפטער און האָרכען און האָרכען...

דאַכט זיך, איך האַלט גאָרנישט פון דעם, וואָס ער רעדט: אמונה, פרומקייט, עבודת הבורא, גאָט, גאָט, גאָט... אָבער ווי רעדט ער? און איך פיהל, ווי עס קלאַפט מיר דאָס האַרץ.

עס פערשטעהט זיך, אַז ר' ליב שפּירא האָט שוין ביי איהם געטאָגט און גענעכטיגט, און האָט איהם בעדינט ממש ווי אַ משרת.

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען צו טענה'ן מיט איהם, ער זאָל האַלטען אַ דרשה אין גרויסען קאָפּוליג'ס בית-המדרש. דער האָראָדנער מגיד האָט איינגעשטימט.

דעמאָלט האָט דער עולם גענומען בעצייטענס אויסאַרבייטען אַ פּלאַן, ווי אַזוי עס זאָל געהאַלטען ווערען די אָרדנונג בעת דער דרשה, מחמת עס קאָנען אָנקומען טויזענדער מענשען. מען האָט פשוט מורא געהאַט פאַר אַ קאַטאַסטראָפע. פרומע יונגע-לייט האָבען אויף זיך גענומען די מיה צו היטען די אָרדנונג.

עס פערשטעהט זיך, אַז ליפּסקי, ווי אַן אַפּיקורס און אַ סאָציאַליסט, האָט זיך בעצויגען צום מגיד מיט חשד און איז קיינמאָל נישט אַריין אין מגיד'ס צימער. נאָר מיר האָט זיך געוואָלט זיי ביידען צונויפפיהרען צוזאַמען. צוויי דורות... ווי וועט עס אויסקוקען.

נאָר ליפּסקי האָט זיך געוואָרפֿען:

— איך זאָג אײַך, אַז ער איז אַ גנב... וואָס אַרט אײַך... אַ גנב... איך וויל איהם נישט קענען. אַ גנב... אַ גנב...

און האָט נישט געוואָלט געהן זיך בעקאָנען.

אין אָווענד פון דער דרשה איז געווען געפּאַקט די שוהל מיט די שענסטע יודען פון שטאָדט. עס זענען אפילו געקומען איהם הערען סטודענטען און אַזוי אַ סך אינטעליגענטע יונגע־לײַט.

ער איז געשטאַנען אויפ'ן בימה, און איך מיט ר' ליב'ן פון בײדע זײַטען. גערעדט האָט ער אָנדערטהאַלבען שעה. דאָס איז געווען זײַנע אַ טיפּישע דרשה, אין וועלכער עס האָבען זיך דורכגעוואָרפען אַ סך בליץ־ווערטלעך און פערשידענע געגענשטאַנדען, און אַסטראָנאָמיע, און וועלט־ענטשטעהונג, און פיזיאָלאָגיע, און עטיק א. אַז. וו. א. אַז. וו.

געלונגען האָט, דאַכט מיר, זײַן דרשה דאָסמאָל נישט. די יוגענד איז געבליבען קאַלט. האָט ער זיך אפשר געפיהלט נישט גוט? ציז איז אפשר די שטימונג פון דער יוגענד געווען צו אַ געגנערישע, און האָט זיך נישט געלאָזט בעזיגען פונ'ם מגיד'ס וואָרט?

אַפנים, אַז דער גרויסער מײַסטער פון וואָרט איז אַלײן אויך נישט צופרידען געווען פון זײַן דרשה. אַנ'אומעט האָט זיך געלעגט אויף איהם, און מיט פערביסענע ליפּען האָט ער פערלאָזען די שוהל. איבריגענס, פרומע יודען האָט די דרשה זעהר צופרידענגעשטעלט.

דער מגיד איז געווען פערגאַלט, און אײנמאָל אין אַזאַ פערגאַלטער מינוט האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז ער נעהמט זיך אונטער צו פיהרען אַ וכוח מיט די גרעסטע אפיקורסים פון זײַן צײַט און וועט זײ מנצח זײַן.

דאָס האָט מיך אויך עטוואָס אָנגעריהרט. צו וואָס אַזאַ זיכערקײט? און איך האָב געזאָגט, אַז דאָ, בײַ מיר אין אַ זײַטיג צימער וואוינט אײנער אַ ליפּסקי, אַ בחור, וואָס איז געווען אַנ'עילוי און איז איצט געוואָרען, לא עלינו, אַ גרויסער אפיקורס. איך וועל איהם אויף טשיקאַוועס אַרײַנרופען, זאָג איך, און זאָל דער מגיד פערפיהרען מיט איהם אַ ויכוח.

— איך וואָלט זעהר געוואָלט, זאָג איך, אַז דער מגיד זאָל איהם

מנצח זיין, ער זאָל אוועקוואַרפען זיין אפיקורסות און זיך נעהמען בעַ־סער צום לערנען. אַ סך מעהר תכלית... — האָב איך פערבאָרגען אי־ראָניזירט. — אָבער וואָס איך האָב מיך מיט איהם נישט צומאַטערט, איז עס אַלץ געווען אומזיסט. ער איז געבליבען ביי דאָס זייניגע. שטאַרק איז דער בחור און האָט אַ מורא׳דיגען ווילען...

דער מגיד האָט מיך בעטראַכט אַ ווײַלע און געהייסען אַרײַנרופען.

איך האָב אַזוי געטהאָן. ליפסקי איז דאָסמאָל מרוצה געוואָרען און אַרײַנגעגאַנגען. אין איהם האָט אַ שפּיעל געטהאָן זיין אייגענליבע... דער אַלטער מגיד נעהמט זיך אונטער איהם צו בעזיגען... איך האָב איהם געמאַכט אַנ׳אָרט אויף צו זיצען, פּונקט אַנטקעגען מגיד, און איך און די מענשען, וואָס זענען בעת מעשה געזעסען אין שטוב, האָבען אָנגעשטעלט מויל און אויערן.

דער היציגער ליפסקי האָט נישט געוואַרט ביז דער מגיד וועט אָנהויבען און איז דער ערשטער אַרויס מיט לשון.

נאָר ערשט דאָ האָב איך מיך געחאַפּט, אַז די גאַנצע מעשה, דער גאַנצער אויפטהו מײַנער איז אַ נאַרישער. צוויי דורות קאָנען זיך נישט צונויפרײַדען, צוויי דורות קאָנען זיך צונויפרײַדען נאָר אויף די שטומע בלעטער פון דער געשיכטע, אָבער נישט אין דער געשטאַלט פון צוויי לעבעדיגע פאָרשטעהער פון די דאָזיגע דורות.

ליפּסקי האָט זיך גלייך גענומען קאָלען, וואַרפען, שרייען, און אפילו אָבלאַכען פון׳ם מגיד. ער האָט איהם נישט געלאָזט ריידען מיט דער עלטער עזות פון אַ שטאָלצען, בעגאַבטען און וואַרימען יונגענמאַן.

דער מגיד איז געווען בלאַס און האָט נישט געפונען די נויטי־גע ווערטער... ליפסקי האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און געמאַהלט ווי אַ ווינד־מיהל...

דער סוף איז געווען גאָר אַ מאוסער. אַז דער מגיד האָט גראָד דערמאָהנט וועגען מופתים, איז ליפסקי אויפגעשפּרונגען, האָט אַ שפּיי געטהאָן און פרעך אַרויסגעזאָגט:

— אַלטע בהמה!..

און איז אַרויסגעלאָפען פון צימער.

דאָס איז געווען זעהר אונערוואַרטעט, אונגעהויער מאוס און גראָב. עס איז געווען אַ חרפה אויפצוהויבען די אויגען, אַ קוק טהאָן, ווי זעהט

אוים דער מגיד. נאָר דער מגיד האָט זיך פלוצלונג אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— מאָרגען פאָהר איך אוועק.

עס פערשטעהט זיך, אז דער מגיד האָט שוין מיט מיר נישט געוואָלט ריידען און דערביי האָב איך פערלאָרען מיין אמת'ן גוטען פריינד ר' ליב שפּירא. ר' ליב שפּירא האָט איינגעפונען, אז אין דעם דאָזיגען מאוסען סקאנדאל בין איך אינגאנצען שולדיג און אז אזא „אויסגעטהאָנענעם" יונג, ווי דער ליפּסקי איז, האָב איך גאָר נישט געטאָרט האַלטען ביי זיך אין שטוב, אלס קוואַרטיראַנט... פערפאלען.

אויף מאָרגען איז דער מגיד אַוועקגעפאָהרען און זיך מיט מיר נישט געזעגענט. עס טהוט מיר נאָך איצט מיט אַנ'אמת באַנג, וואָס צוליעב מיר האָט דער מגיד איבערגעלעבט אין קיעוו עטליכע שווערע מינוטען.

אַ פּראַקטיק: מען טאָר נישט צונויפפיהרען צוליעב אַ וכוח אַנ־אַלטען מיט אַ יונגען — צוויי דורות.

## צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

די רוסיש-טערקישע מלחמה. — די פּאַטריאָטישע שטימונג צווי-שען יודען. — „מיר וועלען מנצח זיין!" — אַלעקסאַנדער דער צווייטער. — גוטע האָפנונגען. — שלעכט אָהן פּרנסה. — עס ווערען שיטערער די פּאָליצעס. — סטאָריצקי. — אַנ'עסק מיט אַ בעקעריי. — גנבות. — צו-עהרליך. — דער נצחון פון רוס-לאַנד. — יודישע שמחות. —וואָס טהוט מען? — ווידער חרטות. — ווידער אין וועג אַריין. — חאַרקאָוו. —

עס האָט זיך אָנגעהויבען די רוסיש-טערקישע קריעג. די רעגי-רונג האָט געזוכט פּאָדראַדטשיקעס און האָט נישט געמאַכט קיין אונ-טערשיעד צווישען יודען און נישט-יודען. פאַר יודען האָט אַ בליאַסק געטהאָן אַ האָפנונג פון פּרנסה, צעהנדליגער יודען האָבען אָנגענומען אין קיעוו פּאָדראַדען, גרויסע און קליינע.

די פּאָדראַדטשיקעס זענען אַוועק מיט'ן מיליטער אין די אַלע ערטער, וואוהין דאָס מיליטער איז געגאַנגען. אין קישינעוו איז גע-שטאַנען דער הויפּט-שטאַב. דאָרט האָט זיך אויך געפונען דער קיסר-

אינטערעסאַנט איז געווען די דעמאָלדיגע באַציהונג פון יודען צו דער מלחמה. זיי זענען געווען העכסט פּאַטריאָטיש געשטימט, און עס וועט נישט זיין קיין גוזמא, ווען איך וועל זאָגען, אַז כמעט אַלע יודען זענען געווען גרייט צו געהן אין פייער און אין וואַסער צוליעב דעם נצחון פון'ם פאָטערלאַנד, פונקט ווי עס וואָלט געווען אַ יודישע מלחמה מיט יודישע גענעראַלען און מיניסטאָרען, און יודען וואָלטען געהאַט אַלע פריהייטען אין לאַנד. די דאָזיגע שטימונג האָט געוויס אַרויסגעשטאַמט דערפון, וואָס אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטען'ס צייטען האָט זיך די רעגירונג באַציוגען צו יודען עטוואָס ווייכער, עטוואָס בעסער, עטוואָס מילדער.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער שווערער גלות־יאָך מיט אַבלאַוועס, מיט „טשערטאַ“, מיט כל הפורעניות וועט פערשוואונדען ווערען, און צווישען יודען וועט מען פרייער אָבאָטמען. דער יוד האָט געטרוימט פון רוסלאַנד'ס נצחון, האָט ממש געציטערט פאַר יעדעם פיצעל ערד, וואָס דער טערק זאָל איינגעהמען.

און אַ סך יודישע טעכטער האָבען זיך איינגעשריבען אין באַרמהאַרציגע שוועסטער, אינטעליגענטע יונגע־לייט זענען פרייוויליג און פּאַטריאָטיש געגאַנגען אין מלחמה אַריין.

און איך געדענק, אַז ווען דאָס רוסיש מיליטער איז לייכט אַריבער דעם טייך דונאַי, אָהן אַבלוט־פערגיסונג, איז די שמחה פון מאַנכע יודען געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געטאַנצט אין די גאַסען, עס איז געווען ששון ושמחה, און גערעדט האָט מען צווישען זיך:

— מיר וועלען איינעהמען! מיר וועלען מנצח זיין!

אויף קרעשטשאַטיק, אין דער יודישער בערזע, אויף די טראָטואַרען פון די בעלעבטערע גאַסען זענען אומגעלאָפען פערשמייעטע יודען — סוחרים, און מעקלער, און פאַבריקאַנטען, און קליינע קרעמערלעך, און אַרבייטער, און קבצנים און מען האָט גערעדט מיט גרויס התלהבות פון דער מלחמה. צוזאַמען דערמיט האָט מען געשטאַלצירט מיט'ן קיסר, אַנגעקוואָלען פון זיין גוטסקייט, פון זיין ווייך האַרץ, געלויבט איהם און געריהמט איהם און מיט התפעלות זיך מתוכח געווען מכח די אַלע רעפאָרמען, וואָס ער האָט איינגעפיהרט און וועט נאָך איינפיהרען.

און מיט אַ בעזונדער תענוג פלעגען יודען אויסרעכענען די אַלע גוטע זאַכען, וואָס דער קיסר האָט איינגעפיהרט פאַר דער צייט פון זיין זעצען זיך אויפ'ן טראָן: ער האָט פערקלענערט דאָס מיליטער־דיענסט פון פינף־און־צוואַנציג יאָהר אויף פופצעהן, האָט פערבאָטען לייב־שטראָף צווישען סאָלדאַטען, בעפרייט די פויערים פון לייב־קנעכט, רעפאָרמירט די סודען, געגעבען מאַנכע הנחות יודען און אַנדערע פעלקער און דערגלייכען. יענע צייט איז געוועזען אַזאַ, וואָס קיסר האָט זי עמיצער איבערגעלעבט, וועט ער זי שוין נישט פערגעסען.

---

מיט פרנסה בין איך נאָך אַליין נישט געווען בעזאָרגט, און איך האָב געהאַלטען אין איין זוכען מיטלען ווי אַזוי זיך איינצואָרדנען.

דער פדיון אין קראָם איז געוואָרען אַלץ שוואַכער און שוואַכער. בעקאַנטשאַפט האָב איך אפילו געהאַט גרויסע און געהויבענע, עס זענען געווען רייכע מענשען, וואָס וואָלטען מיר געוואָלט שטיצען מיט פדיון, האָב איך אָבער בעדאַרפט האָבען אַ סך סחורה, מיט אַ גרעסערער קראָם, און צו דעם האָט מיר געפעלט געלד.

איך האָב, ווי געזאָגט, נישט געקאָנט שווינדלען, דרעהען, חאַפּען, מאַכען פערשידענע קאָמבינאַציעס, ווי אַלע געשעפטס־מענשען טהוען. צוליעב דערזעלבער סבה בין איך אויך נישט געוואָרען קיין עלטער פאָסעסאָר, ווי אַלע פון מיין פאַמיליע. יעדערער האָט אַנגענומען הויפען, גרעסער ווי זיין קאַפּיטאַל האָט בעטראָפען, און מען האָט געשווינדעלט און געלעבט אויף גאָט'ס וועלט.

שווינדלען האָב איך נישט געקאָנט — איך האָב אָבער אויך נישט געוואָלט איינרייסען אַ וועלט. לעבען רוהיג האָב איך נאָר געוואָלט. רוהיג, בעשיידען, אָהן איבעריגע רייכקייטען, און איך זאָל מיר קאָנען איבערלעזען אַ ספר, טהאָן עפּיס אַ כלל־זאַך, פערנעהמען זיך מיט גייסטיגע ענינים. נאָכמעהר: איך האָב שטענדיג פיינט געהאַט יענע לייט, וואָס טהוען זיך אַריין אין געשעפט מיט'ן קאָפּ און מיט'ן האַרץ, קאַרגען, שלעפּען און רייסען געלד און קיין זאַך געהט זיי נישט אָן, אויסער זייער געשעפט, אויסער זייערע פערדיענסטען.

און איך בין מיך שטילערהייד מודה (מיין ווייב זאָל נישט הע־

דען), אז טיעף ביי זיך אין הארצען האב איך אויסגעלאכט פון דעם גרויסען מיליאנער ר׳ ישראל בראדסקי מיט זיינע צוקער-פאבריקען, מיט זיינע גרויסע געשעפטען, מיט זיינע אונגעהויערע טומלענישען און האווענישען. צו וואס רייכקייט און טומעל צוליעב רייכקייט? איז דען נישט בעסער א בעשיידען לעבען, א גוט און וואויל קהל׳שע שטיקעלע ארבייט, א רוהיג הויז און א הארציגע קאמפאניע מיט ליעבע גוטע מענשען? צו וואס דאס געלד? צו וואס דער טאראראם, וואס דער׳הרג׳עט די נשמה און דאס הארץ? אבער לעבען דארף מען דאך — האב איך נאר געגלוסט, ווי געזאגט, צו האבען א רוהיג שטיקעלע פרנסה.

אבער דאס איז נישט געווען. די פאליצעם האבען אנגעהויבען צו ווערען וואס וויטער שיטערער און שיטערער, מיר האט אנגעהויבען פעלען געלד, נישטא מיט וואס סחורה צו קויפען און מיט דירה-געלד איז... ביטער.

מאכט זיך, אז א פאניע סטאריצקי נעהמט אן א פאדריאד צו צושטעלען דער רעגירונג א האלב מיליאן פוד סוחארעס פאר׳ן מיליטער אויף דער מלחמה. האט מען בעדארפט האבען מעהל, א בעקעריי און עס האט זיך געפאדערט א מענש, וואס זאל אויפקוקען דערויף און אבנעהמען די טראנספארטען מעהל, וואס וועלען צוגעשיקט ווערען פון ביעלא-צערקאוו. מען האט מיך רעקאמענדירט און איך בין אנגענומען געווארען.

איז אנגעקומען דער ערשטער טראנספארט: צוויי-טויזענד פוד מעהל. אז איך האב צוגעוואויגען די מעהל אין בעקעריי, איז געווען צוויי-טויזענד צוואנציג פוד. אז איך האב ארויסגענומען א קוויטעלע פון דעם, וואס האט צוגענומען די מעהל אין בעקעריי, האב איך געפונען אין קוויטעלע איינגעשריבען נישט צוויי-טויזענד מיט צוואנציג פוד, נאר צוויי-טויזענד צוויי-הונדערט מיט צוואנציג פוד.

זאג איך יענעם, אז ער האט א טעות, עס איז מעהר נישט געווען ווי צוויי-טויזענד צוואנציג פוד. זאגט ער מיר, אז איך האב א טעות און הויבט מיך באלד אן זידלען, אז איך טויג זיך גאר נישט פאר קיין „מענטשען״, קוים קאן איך האבען אזא גרויסען טעות ביי דעם ערשטען טראנספארט. טענה איך אבער:

— נײן, אזוי איז דאָס. אַנו, װעגט עס איבער.

אָבער ער װיל שױן גאָר מיט מיר נישט רײדען.

— װאָס אַרט עס אײך? — האָט ער לסוף בײז אַ ברום געטהאָן, אַז ער האָט דערזעהן, אַז ער קאָן מיט מיר גאָרנישט מאַכען.

— מישט זיך נישט אַהער. זאָל דער בעל-הבית דאגה'ן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום קומט צופאָהרען דער פּאָדראַדטשיק פון די מעהל, אַ קריסט, מאַך איך זיך נישט װיסענדיג און דערצעהל איהם די מעשה מיט'ן „טעות", דאָס הײסט, אַז מען האָט מיר געגעבען אַ קװיטאַנציע אױף מעהר מיט צװײ-הונדערט פוד. איך האָב זיך מיט יענעם געשפּאַרט, דערצעהל איך, נאָר יענער האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז נישט מײן דאגה, אױב עס איז פערשריבען מעהר.

דער מעהל-פּאָדראַדטשיק האָט מיך אױסגעהערט און מיך... אָבגעזאָגט פון דער שטעלע, װײל איך קאָן קײן רעלענונג נישט מאַכען...

איך האָב דערצעהלט די מעשה פאַר דעם, װאָס האָט מיך רעקאָמענדירט צום פּאָדראַדטשיק. יענער האָט מיר תיכף דערױף בעמערקט, אַז דער מעהל-פּאָדראַדטשיק האָט זיך טאַקי שטאַרק בעקלאָגט פאַר איהם, װאָס דער יוד, קאָטיק, איז עפּעס גאָר נישט קײן מענש... ער האָט זיך גאָר אַזױנס נישט פאָרגעשטעלט פריהער. ער האָט געמײנט, אַז מיט יודען קאָן מען מאַכען עפּיס רעכטע געשעפטען... לאָזט זיך אױס, אַז דער יוד איז עפּיס צו-כשר, נאַאיװ, און אַז מען שרײבט איהם אַרײן אין קװיטאַנציע אַ גרעסערע װאָג מעהל, שטעלט ער זיך אַװעק אַנטקעגען און װיל נישט נעהמען די קװיטאַנציע. ער װיל, עס זאָל זײן אַ ריכטיגע װאָג... פּע!

בין איך שױן װײטער געבליבען אָהן אַ שטעלע. דער מעהל-פּאָדראַדטשיק האָט שױן צוגענומען אױף מײן אָרט אַ דײטש, אױך לױט אַ „רעקאָמענדאַציע" און מען האָט געאַרבײט אױף אַלע כלים. מען האָט איבערגעשיקט אַ סך מעהל און גנבות זענען געמאַכט געװאָרען געװאַלטיגע. קװיטאַנציעס זענען געגאַנגען אױף זעהר גרױסע סומעס, כמעט דאָפּעלט װיפיעל מעהל עס איז געװען.

אַװעק עטליכע װאָכען און דער פּאָדראַדטשיק סטאָריצקי האָט זיך געכאַפּט פון די גרױסע גנבות, װאָס דער מעהל-פּאָדראַדטשיק, דער גאַנצער בעל-הבית, איז בעגאַנגען. קײן פּראָצעסען האָט סטאָריצקי

נישט פערפיהרט, אָבער ער האָט דעם מעהל־פּאָדראַדטשיק אָבגעזאָגט פון דער שטעלע.

דער דאָזיגער סטאָריצקי האָט גוט אויסגעפאָרשט די זאַך און האָט זיך פאַר איינוועגס דערוואוסט, אַז דער ערשטער מענש, וואָס האָט צוגעשטעלט די מעהל, איז געוועזן אַ יוד, וואָס האָט זיך בעצויגען זעהר אָרענטליך און נישט געוואָלט צונעהמען די ערשטע קוויטאַנציע, אין וועלכער עס איז שוין געוועזן געמאַכט אַ פעלשונג. דערפאַר האָט מען איהם טאַקי אָבגעזאָגט.

סטאָריצקי האָט מיך באַלד אויפגעזוכט און, איבערגעבענדיג דאָס גאַנצע געשעפט אונטער מיין השגחה, האָט ער מיר בעשטימט אַ פיינע פענסיע.

אויסערדעם האָט מיר סטאָריצקי צוגעגעבען גרויסע האָפנונגען: שפּעטער, אַז עס וועט זיך ענדיגען די מלחמה, וועט ער מיך צונעהמען צו זיך אין זיינע געשעפטען און איך וועל, מיט איין וואָרט, לעבען אַ טאָג.

אָבער אין אַ פיער וואָכען אַרום האָט סטאָריצקי באַנקראָטירט. אַפּנים, צוליעב די גרויסע גנבות פון דעם מעהל־פּאָדראַדטשיק. נאָך פאַר'ן באַנקראָט האָט אָבגעברענט די בעקעריי. דאָס זענען, אַפּנים, געוועזן די הכנות צום באַנקראָט און אַ סוף צו דער שטעלע.

סטאָריצקי האָט אָבגענומען סטראַכירונגס־געלד זעכציג־טויזענד רובל און איז אַרויס אינגאַנצען פון קיעוו. און איך בין ווייטער געבליבען אַן אָרימער קרעמער מיט ליידיגע פּאָליצעס.

די מלחמה האָט זיך, ווי בעוואוסט, געענדיגט מיט'ן נצחון פון רוסלאַנד. פּלעוונע איז געפאַלען, און די בשורה האָט אַלעמ'ן אַזוי דערפרעהט, אַז יודען האָבען געטרונקען לחיים, פּונקט ווי אויף אַ פרעהליכען און זעהר אַ יחוס'דיגען ברית.

אויף דער בערזע, וואו די התפעלות זענען געוועזן בעזונדערס גרויס, האָט מען געשמועסט וועגען שיקען צום קייזער אַ בעגריסונגס־טעלעגראַם, אין וועלכער ער זאָל אָנגערופען ווערען, אויסער מלך של חסד, אויך אַלעקסאַנדער דער גרויסער.

דאָס וואָרט „גרויסער" איז זעהר געפעלען געוואָרען די קיעווער

יודען און איז באַלד פערשפּרייט געוואָרען אין אַלע יודישע הייזער און הייזלעך.

צוליעב מאַנכע סבות איז די דעפּעש נישט געשיקט געוואָרען אין נאָמען פון דער קיעווער יודישער קהלה, נאָר פון געצעהלטע קרייזען און איז געבליבען אָהן אַנ׳ענטפער. די שטימונג איז געווען גע־הויבען, פונקט ווי אין די אַנדערן וואָלט צוגעגאַסען געוואָרען פריש בלוט, און לאַנג־לאַנג, שוין נאָך דער מלחמה אפילו, האָט מען זיך נישט געקאָנט בערוהיגען.

אַז דער כלל האָט זיך געצאַפּעלט, האָב איך מיך פערגעסען, וואו איך האַלט אין דער וועלט. אַז עס איז אָבער שטילער געוואָ־רען, האָב איך איינגעזעהן, אַז איך בלייב שוין גאָר אָהן ברויט. וואָס טהוט מען?

אין חארקאָוו האָט געוואוינט מיינער אַ קרוב ר׳ הלל פריד. זיין פאָטער, ר׳ זלמן, און מיין באָבע, רבקה־חיענע, די גראָדנער רבי׳צין, זענען געווען שוועסטער און ברודער. דער דאָזיגער קרוב, ווי מיר איז געווען בעקאַנט, איז זעהר רייך און איז אַ פּאָדראַדטשיק פון באַהנען און בריקען און האַלט אפשר אַ פיערציג פּריקאַזטשיקעס.

וויבאַלד אזא פעטער — דאַרף מען, מעשה־שלים־מזל, פאָהרען צו איהם. וואָס זאָל איך אַנדערש טהאָן? קיין אַנדער ברירה נישטאָ.

אַוועקפאָהרען פון קיעוו איז אָבער געווען אַזוי שווער, אַזוי שווער. געווען אַזוי פיעל האַרציגע בעקאַנטע, געווען גוטע נאָהענטע מענשען, מיט וועלכע איך האָב מיך איינגעלעבט. און דאָ נעהם, וואַרף אַלץ אַוועק און פאָהר זוכען פּרנסה צו אַנ׳אונבעקאַנטען רייכען קרוב.

ווער ווייס, ווי ער וועט מיך אויפנעהמען? ווער ווייס, צי איך וועל עפּעס מאַכען?

פאָהרען אָבער האָב איך געמוזט — עס האָט ממש געשמעקט מיט הונגער... און אָט האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין אַ דאַמפּפער, וואָס איז געגאַנגען איבער׳ן דניעפּר, און מאַרש קיין חארקאָוו.

דעם גאַנצען וועג בין איך געווען אומעטיג, פערטראַכט. עס האָט געריסען דאָס האַרץ נאָך קיעוו. אין שיף איז געווען אייננ. יודעלעך — דאָ, יודעלעך — דאָרטען. מען רעדט, מען לאַכט, מען וויצעלט זיך. איך אָבער האָב געשוויגען.

אָפּטמאָל איז מיר אַרויפגעקומען אַ געדאַנק, אַז מיינע עלטערן האָט זיך געלעבט בעסער. מען איז זיך געזעסען אויף איין אָרט, דערצויגען די קינדער, געלעבט אין רוהיגקייט, נישט געוואָגעלט, נישט געוואַנדערט און נישט געוואוסט פון די שווערע איבערלעבונגען, וואָס האָבען מיר פול געמאַכט דאָס האַרץ אויפ׳ן שיף.

איך האָב זיך אַזוי פערטראַכט און פערבענקט, אַז איך האָב נישט געוואוסט דעם גאַנצען מעת-לעת ציי איך פאָהר אויף אַ שיף, צי איך זיץ ערגעץ אין אַ שטוב. און איך האָב אויך נישט געגעסען.

נאָר קיין חאַרקאָוו בין איך דאָך געקומען. עס איז געווען תשעה-באב ביי טאָג. איך בין באַלד פערפאָהרען צו פריד׳ן און געטראָפען ריכטיג צו אַ לויה: דער בוכהאַלטער איז געשטאָרבען — אַ גוטע בע-געגעניש. אַלע זענען געווען פערטאַרעראַמט דעם טאָג און ערשט פאַר-נאַכט האָט מען געקאָנט מיט עמיצען וואָס ריידען.

ביי מיר אויפ׳ן רוקען זענען אומגעשפרונגען מוראַשקעס...

## אײַנאונצוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

מײַן קרוב ר' הלל פּריד. — אַ שלעכטער עקזאַמען. — שווערע רעיונות. — מײַנע קינדער־יאָהרען. — אַ מלחמה צווישען „רו־סען" מיט „טערקען". — איך בין אַ קיסר. — אַ לאָך אין קאָפּ. — בעצאָהלט זיך. — פּריד'ס געשעפטען. — פּאָליאַקאָוו. — פּריד'ס הויז. — מען גיט מיר אַרבייט. — דער אַלטער גובערנאַטאָר. — פּריד'ס טאָכטער. — גנאָדמאַן. — ליפשיץ. — אַ מעשה מיט אַ פּאַפּיר. —

ווי געזאָגט, האָב איך מײַן קרוב געקאָנט זעהן ערשט פאַרנאַכט נאָך דער לויה. מען האָט איהם שוין געגעבען צו וויסען, אז ער האָט אַ גאַסט — זײַנעם אַ קרוב אַ יונגעמאַן.

ער איז אַרײַן צו מיר אין צימער, געגעבען שלום און געפרעגט, ווי די מאָדע איז, ווער בין איך. אַז איך האָב איהם געזאָגט, ווער איך בין, האָט ער מיר פרײַנדליך נאָכאַמאָל געדריקט די האַנד, און באַלד איז געקומען אַ האַרבערע און גאָר אַ געזאַלצענע שאלה:

— וואָס טהוּ איך אין חאַרקאָוו?

דערצעהל איך איהם פון מיין גלות, פון מיין וואַגלעניש. ביז איצט זיך נישט איינגעאָרדענט. געווען אַ פּאָסעסאַר, אַ קרעמער, אפילו אַ מלמד און אַלץ נישט געקומען צו אַ טאַלק... פאַרהאַן, זאָלען געזונד זיין, אַ ווייב מיט קינדער, נאָר די קעשענעס זענען לעדיג. אַ שטעלע דאַרף איך. אפשר קריג איך ביי איהם אַ שטעלע? צי האָט ער נישט פאַר מיר עפּיס אַ פּאָסטען?

— אַ שטעלע? — גיט מיין קרוב אַ ציה מיט דער נאָז — אָט ערשט איז געשטאָרבען מיין בוכהאַלטער. צוויי-טויזענד רובל אַ יאָהר האָט ער גענומען. אפשר קאָנט איהר אָננעהמען די שטעלע?

און די לעצטע ווערטער זיינע פיהל איך אַ מין איראָניע.

— קיין בוכהאַלטער בין איך נישט.

— טאָ וואָס-זשע קאָנט איהר? — וואַרפט ער אויף מיר אַ שאַרפען בליק.

איך ווייס נישט וואָס צו ענטפערן.

נאָר ער זאָגט ווייטער:

— איך האַלט פאָדראַדען ביי דער אייזענבאַהן, איבער דרייסיג פּריקאַזטשיקעס האָב איך. זיי זיצען יעדער אויף אַנ'אַנדער דיסטאַנציע, אָבער אין די אַלע געשעפטען זענט איהר, ווייזט אויס, אינגאַנצען פרעמד. גוט אַ מענש אַ „האָלאָסטאָי", שטעלט ער זיך פון אָנפאַנג אויף אַ קליינער שטעלע, אַרבייט אַ וואָסערע פאַר יאָהר און אויב ער איז אַ פעהיגער, שטייגט ער ביסלעכווייז אַרויף. אָבער אַ מענש מיט אַ ווייב, מיט קינדער און דערצו נאָך גאָר אַנ'אונבעקאַנטער אין מיינע געשעפטען — וואָס קאָן אַזאַ איינער ביי מיר טהאָן?

פריד איז איינענטליך גערעכט געווען. וואָס האָב איך טאַקי ביי איהם געקאָנט טהאָן?

דערזעהן, אַז איך זיץ אַ דערשלאָגענער, האָט ער מיך פערבעטען צום טהיי.

אין אָווענד זענען געקומען פערשידענע מענשען וועגען געשעפט. ער האָט מיט אַלעמען גערעדט, אין שטוב איז אַ טומעל, ווי ביי אַלע גרויסע געשעפטס-לייט.

אַך, ווי מיר איז בעקאַנט דער דאָזיגער טומעל!

אַז פריד האָט זיך אָבגעפּאַרטיגט מיט זיינע געשעפטען, האָט

ער מיך אַרײַנגערופֿען צו זיך אין קאַבינעט. מיר האָבען דאָרט לאַנג געשמועסט. לסוף האָט ער מיר געזאָגט, איך זאָל נישט זײַן פֿער־קומערט, נישט דאגה׳ן, אפשר וועט ער שפּעטער אַ ביסעל קריגען פֿאַר מיר עפּיס אַנ׳אַרבײַט. דעם ווײַב׳ס קרובים האָבען צוכאַפּט אַלע שטעלעס ...

מען וועט דאַרפֿען רעמאָנטירען דעם גובערנאַטאָר׳ס וואוינונג. מעגליך, אַז דערבײַ וועל איך האָבען אַרבײַט. דאָס וועט זײַן אַ גרויסער רעמאָנט.

— און... דערווײַל פֿערברענגט בײַ אונז און זײַט פֿרעהליך.

פֿריד האָט מיך כלומרשט בערוהיגט, אָבער אַז איך האָב מיך געלעגט שלאָפֿען, האָב איך געהאַט שווערע רעיונות. וואָס פֿאַר אַנ׳„אַרבײַט" קאָן איך האָבען בײַ פֿריד׳ן? אומשטײַנס געזאָגט, באָמבלען זיך אַ פּאָר חדשים בײַם גובערנאַטאָר. און וואָס דערנאָך? דערנאָך איז ווינטער, און ווינטער איז בײַ איהם גאָר נישטאָ קײַן אַרבײַט, און צאָה־לען צאָהלט ער נישט, טאָ וואָס וועט דאָ זײַן מיט מיר? וואָס וועל איך טהאָן? וועל איך זיצען בײַ איהם און עסען?

און מיר האָט זיך געדאַכט אין דער גרויסער רײַכער שטוב, וואו איך ליעג און קאָן נישט אײַנשלאָפֿען, אַז איך בין געקומען צו אַ ברעג, צו אַ גרויסען וויסטען ברעג, וואו איך וועל אויך געפֿינען מײַן סוף ...

מיר איז געוואָרען שרעקליך אומעטיג, און נישט־ווילענדיג זענען מיר דורכגעגאַנגען אין זכרון פֿערשידענע מאָמענטען פֿון מײַן יוגענד, ליכטיגע, פֿרעהליכע, זאָרגלאָזע, בעת דאָס האַרץ האָט נישט געוואוסט פֿון נויט, פֿון פּרנסה־זוכעניש. אָט איז, למשל, ל״ג־בעומר אַוו איך אָרגאַניזיר אַ מלחמה צווישען יונגלעך.

די גאַנצע שטאָדט האָב איך אויפֿגערודערט.

יעדעס יונגעל האָט בעדאַרפֿט קומען אויף דער מלחמה מיט אַ בלעכענעם שווערדעל, וואָס איך האָב בעשטעלט בײַ אַ בלעכער צו דרײַסיג קאָפּיקעס אַ שטיק.

פֿאַר זיך האָב איך געלאָזט מאַכען עפּיס אַנ׳אויסערגעוועהנליך שווער־דעל, וואָס האָט געקאָסט זעכציג קאָפּיקעס. די יונגלעך, ווי צוויי פֿײַנד־ליכע פֿעלקער, זענען צוטײַלט געוואָרען אויף צוויי לאַגערן, אויף צוויי

מלוכות: טערקיי און רוסלאַנד, און אודאי מיט צוויי קיסרים.

איך בין געקרוינט געוואָרען פאַר׳ן רוסישען קיסר און מיין חיל איז בעשטאַנען פון דריי-און-דרייסיג יונגלעך כּנגד ל״ג-בעומר; דעם-גלייכען ביי די „טערקען״. בּיידע מחנות חיל זענען אַוועק צו די בערג, אַ וויאָרסט פון קאַמעניץ. דאָרט האָב איך מיט מיין חיל פערנומען אַ באַרג; דער „טערקישער״ קיסר, אברהמ׳לע, לייבע פּאָליאַקעוויטש׳עס זוהן, איז געשטאַנען מיט זיין מיליטער אויף דעם אַנדערן באַרג און געקוקט מיט גאוה צו מיר אין לאַגער אַריין.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבען זיך גענומען יאָגען אין טהאָל. שלאָגען זיך, חלילה, איז נישט געלעגען אין אונזערע סטראַטעגישע ציעלען. מיר האָבען נאָר פערדאַרפט פון טהאָל שנעל אַרויפלויפען צוריק אויפ׳ן באַרג, און וועמעס חיל עס וועט עס מאַכען שנעלער — די האָבען געזיעגט.

עס וועט נישט זיין קיין בעריהמעריי, ווען איך וועל זאָגען, אַז מיין חיל איז דאָס ערשטע געקומען אויפ׳ן שפּיץ באַרג. אָבער דער „טערקישער״ קיסר האָט עס נישט געוואָלט אַנערקענען און האָט גע-שריען, אַז איך האָב איהם אָבגענאַרט: איך האָב אויסגעקליבען אַ באַרג, וואָס איז גאָרנישט אַזוי הויך, ווי זיין באַרג, און דעריבער בין איך געקומען פריהער.

אודאי איז דאָס געווען פאַר אונז אַ בעליידיגונג מצד דעם טערק, און עס איז געוואָרען אַ קריעג. בעת חילות שטעהען, קאָן מען קיין בעליידיגונג נישט פערשווייגען, און בּיידע חילות האָבען גענומען וואַרפען זאַמד און ערד פון איין באַרג אויף דעם צווייטען מיט אַזאַ אימ-פּעט און געשווינדקייט, אַז דער הימעל איז אַזש שוואַרץ געוואָרען. זאַמד און ערד איז אָבער אַזאַ סחורה, וואָס שטאַרק קאַלעטשען קען דאָס נישט, נישט מעהר, די נעזלעך זענען ביי אונז פערשטאָפּט גע-וואָרען מיט שטויב.

שלעכט איז אָבער געווען, ווען דעם טערק׳ס אַ סאָלדאַט האָט אויפגעהויבען אַ שטיין, און האָט דוקא מיר געמאַכט אַ לאָך אין קאָפּ, טאַקי אַן אמת׳ע לאָך, און עס איז געגאַנגען בלוט...

דערזעהן בלוט, האָבען זיך שוין בּיידע חילות דערשראָקען און מען איז צולאָפען אַהיים. אַ גליק נאָך, וואָס אונז זענען נישט בעפאַ-

לען קיין שקצים מיט קיין הינד אויפ׳ן וועג, וואס דערמיט האט זיך אזוי טראגיש געענדיגט אונזער ליעבהארציגען שלום־עליכמ׳ס א ל״ג־בעומר־מעשה׳לע.

דער טאטע איז באלד געוואהר געווארען פון דער מעשה און אריינגעשיקט צום רבי׳ן א קוויטעלע, אז יענער זאל מיך אפשמייסען.

דער רבי האט זיך גארנישט געלאזט בעטען און תיכף ומיד מקיים פסק געווען.

דאס איז געוועזן דאס איינציגע מאל, וואס איך האב געקראגען געשמיסען; מעגליך דערפאר, וואס מיר האט זיך געוואלט זיין קיסר...

אזוינע מעשיות האבען דורכגעשפאצירט דורך מיין זכרון, ליעגענ־דיג אין דעם פרעמדען רייכען הויז, און זיי האבען מיך דאך נישט געמאכט פרעהליכער...

עס איז געוועזן ביטער און זויער אויפ׳ן הארצען.

נאר עטליכע טעג זענען אריבער, און איך האב מיך צוגעקוקט צו דער שטוב.

פריד האט געהאט געראטענע קינדער. צוויי זיהן זענען געגאנ־גען אין אוניווערזיטעט, און פון די דריי טעכטער איז איינע געוועזן א וועלט־בעריהמטע שענהייט. מען האט זי גערופען די יונגע דרום־שענ־הייט. זי איז אויך געוועזן א זינגערין, האט מיט גרויס ערפאלג געגעבען קאנצערטען און איז בכלל געוועזן זעהר און זעהר א געראטענע.

די נעשעפטען האט פריד געפיהרט גלענצענד, און די צעהנדליג־נער פריקאזטשיקעס זיינע האבען זיך בעוועגט אין די דאזיגע געשעפ־טען שטרענג און מיט ארדנונג, פונקט ווי די רעדער אין א מאשין.

אין די וואכען, בעת קיין ארבייט איז נישט געוועזן, ווי איך האב דערנאך בעמערקט, האבען די פריקאזטשיקעס פול געמאכט די שטוב מיט פרעהליכען טומעל, עס האט גערוישט און געקאכט, און א יעדערער האט דערמאלט געמעגט מקנא זיין דאס דאזיגע הויז פון גרוי־סע רייכע געשעפטען און פון געראטענע קינדער.

פריד אליין האט אמאל געלערנט אין וואלאזשין, וואו ער האט פערבראכט גאנצע זעקס יאהר און איז געוועזן מפורסם פאר א גרויסען למדן. זיין פאטער ר׳ שמחה־זלמן, ר׳ חיים וואלאזשינער׳ס אנ׳איייניקעל,

איז אויך געווען א יוד א למדן און א גביר און האט געהאט א שם פאר א חכם.

שפעטער איז פריד געווארען דעם מאהילעווער צייטלינ'ס אני־איידים. צייטלין איז געווען פון די גרויסע פאדראדטשיקעס און האט געגעבען נדן זיין טאכטער פינף־טויזענד רובל; ר' שמחה־זלמן, ווידער, האט געלעגט אנטקעגען טויזענד רובל.

דער יונגער פריד האט זיך גענומען בעקענען מיט פאדראדען געבען זיין שוועהר צייטלינ'ען, אבער צו דער צייט האט דער שוועהר באנקראטירט און פריד איז אויך געבליבען כמעט אהן געלד. ער האט געהאט ביי זיך א פינף־הונדערט רובל און איז דערמיט געפאהרען קיין חארקאוו צו איינעם א אינזשענער, וועלכער האט געארבייט צוזאמען מיט זיין שוועהר צייטלינ'ען נאך אין די גוטע צייטען.

אין חארקאוו האט איהם דער אינזשענער געגעבען א „פאדראד־צוצושטעלען בעזימער, אבצורייניגען דעם שניי פון א ליניע, און פריד האט פערדינט אין צוויי וואכען צייט פופצעהן־הונדערט רובל.

דער אינזשענער, וואס האט זיך בעקאנט מיט פריד'ס פעהיג־קייט, איז געווען פון איהם צופרידען און האט איהם באלד נאכדעם איבערגעגעבען צוצושטעלען שטיינער צו דער ליניע.

דעמאלט האט פריד פערדינט אין א האלב יאהר צייט זעכציג־טויזענד רובל!

איצט, אז ער האט שוין געהאט אזא סומע, איז ער אוועק פאר־אוים לייכט און שנעל. ער האט אנגענומען פאדראדען אויף פאדרא־דען און האט אין איין יאהר צונויפגעזאמעלט א סומע פון צוויי הונ־דערט־טויזענד רובל.

די ערשטע זאך האט ער אבגעקויפט ביי פאליאקאוו'ן דאס הויז, וואו יענער האט געוואוינט, איידער ער איז ארוים קיין מאסקווע. דאס הויז איז געווען א גרויסארטיגעס מיט א פרעכטיגען גארטען, אין סטיל פון די אמאליגע רוסישע גוט־בעזיצער: זעלטענע מינים בוימער, זעלטענע מינים בלומען, געטאקטע אלעען און געקינסטעלטע טייכעלעך. בעזונדערס שען איז ביי איהם געווען די „קופאלניע".

דארט האבען געוואקסען בלומען, די ווענד זענען געווען גע־

מאַלט, דאָס וואַסער קלאָר, און אַ בעזונדער היימליכקייט האָט אַרויסגע־
קוקט פון אַלץ.

אויפ׳ן וואַנד איז געהאָנגען אַ פּלאַקאַט, וואו עס איז געווען אָנ־
געוויזען, אַז אין דער און דער שעה באָדט זיך דער גובערנאַטאָר, אין
דער און דער שעה — פריד׳ס פאַמיליע, אין דער און דער שעה —
עפּיס איינער אַ פּירשט א. אַז. וו.

פריד אַליין, ווי איך האָב מיך דערנאָך איבערצייגט, איז געווען
זעהר אַ ברייטער מענש און האָט פערלעבט נישט ווייניג געלד אַ יאָהר.
מען האָט געזאָגט, אַז פריד איז אַ בעל־הוצאה פון פיערציג־טויזענד רובל
אַ יאָהר.

אָבער אויפגעפיהרט האָט ער זיך זעהר יודישלעך: אין דער־
פריה האָט ער געדאַווענט, דערנאָך געלערנט און שבת איז ביי איהם
שטרענג אָבגעהיט געוואָרען. ער האָט אפילו געהאַט זעהר אַ שיינע
סוכה, געמאָלט און געציירט, ווי אַ פּאַלאַציל, מיט צוויי הויכע פליגלען.

אַז מען האָט מיך שוין גענומען צו־ניצען צו דער „אַרבייט“, דאָס
הייסט, ביים רעמאָנט אין גובערנאַטאָר׳ס הויז, האָב איך שטאַרק גע־
ליטען פון פריד׳ס אויפזעהער, אַ יוד זעהר אַ מגושמ׳דיגער, אַ ווילדער,
אַ שרייער און אַ בעסן.

איך פלעג נישט קאָנען, געדענק איך, איבערטראָגען זיינע גראָ־
בע געשרייען און איך פלעג ממש וויינען פון איהם.

איך האָב זיך אָבער נישט געקאָנט העלפען, ווארום ער, דער
אויפזעהער, איז געווען אַ גרויסער בריה, האָט אויסגעצייכענט פערשטאַ־
נען, וואָס ער האָט צו טהאָן און פריד איז פון איהם געווען העכסט
צופרידען.

פון זיינע בעהאַנדלונגען האָבען אַלע מענשען געליטען, נאָר מען
האָט גע מוזט שווייגען, אונטער דער השגחה פון זיין אויג האָבען
זיך געדרעהט פריד׳ס געוואַלטיגע געשעפטען, און פריד׳ס ווייב, וואָס
דער דאָזיגער אויפזעהער האָט פיעל מאָל בעשאָטען מיט זידעל־ווער־
טער און געשרייען, האָט אויך געמוזט שווייגען.

האָב איך אויך געמוזט פערבייסען די ליפּען און שווייגען.
ווער קאָן דאָס געהן געגען דעם אַלמעכטיגען אויפזעהער? דערפאַר
אָבער האָב איך מיך פּערזענליך פערמיט מיט׳ן גובערנאַטאָר, זעהר אַ

וואוילער און א ליבערא‌לער מענש. זיין פרוי און קינדער זענען געווען אין אויסלאַנד, און ער אליין האָט מיט אַ גוטמוטיגער רוהיגקייט אַ‌לַ‌טונג געגעבען, אַז דער רעמאָנט זאָל נישט געמאַכט ווערען טאַגדעט:

— דאָ אַ קייטעלע... דאָ אַ קלאַמקעלע... דאָ בעסער פערשמירען... — האָט ער זיך געבעטען, ווי אַ קינד.

און דערביי האָט ער יעדערן וואַרים צוגעוואָרפען:

— וואָס טאַק, טאַק, מאַלאַדיעץ...

אַ בעזונדער איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט זיין שלאָפצימער. דאָס איז געווען אַ זעלטען־שענער חדר די וואַנד, וואָס ביי זיין בעט, איז געווען בעצויגען מיט אַ טייערן טעפּיך, און אויף דעם דאָזיגען טעפּיך זענען געווען אויסגעהאַנגען פערשידענע מינים געוועהר: שווערדען, קינזשאַלען, זעבלען, ביקסען, פּיסטאָלעטען א. אַז. וו. פיעל מינים קינזשאַלען און שווערדען זענען געווען שיריים פון פערשידענע קיסרים. פונ׳ם דאָזיגען געוועהר האָט אַרויסגעבלישטשעט גאָלד, זילבער, פּערל און בריליאַנטען. דערמיט זענען געווען בעפּוצט די הענדטלעך.

אין שלאָפצימער האָב איך געאַרבייט אַ טאָג. דער גובערנאַטאָר האָט מיר אַלץ געוויזען, וואָס איך זאָל טהאָן, און פאָלגענדיג איהם, האָב איך דאָך געקוקט אויפ׳ן טעפּיך מיט׳ן געוועהר. עס האָט געצויגען צו קוקען.

געוואוינט האָב איך ביי פרידין אין גאַסט־הויז. מיר איז נישט געווען אַזוי פרעהליך, אָבער זיי האָבען געלעבט אַ טאָג.

פרידים טאָכטער, די בעריהמטע שענהייט איז געפאָהרען אין יאַלטע. איהר האָט, הלילה, גאָרנישט געפעלט, נאָר געפאָהרען איז זי זוכען גרעסערע און אפשר מעהר ערדישערע פערגעניגענס...

זי איז געווען אַ גוטע רייטערין, און אין קרים פלעגט זי אַלע טאָג אַוועקרייטען אין די הויכע בערג אין דער געזעלשאַפט פון הויכגעשטעלטע רוסישע לייט. איהר קרים האָט דעם טאַטען נישט ווענינג געקאָסט.

אַז זי איז געקומען פון יאַלטע, איז זי געפאָהרען מיט׳ן פאָטער קיין פעטערבורג. ער איז געפאָהרען אָננעהמען פּאָדראַדען און האָט דאָרט פערבראַכט ביי אַ חודש צייט. גע׳פטר׳ט האָט ער דאָרטען אַ שלל מיט גאָלד. ער האָט געוואָרפען געלד אויף אַלע זייטען און האָט

געלעבט אַ טאָג. אַז מען פאָהרט אָנגעהמען פאַראַרדען, קאָן מען בכלל ניט קאַרגען.

אַז מיין אַרבייט האָט זיך געענדיגט ביים גובערנאַטאָר, האָט מיך פריד אַריינגעגעבען אין קאַנטאָר, ביים חאַרקאָווער וואָקזאַל, דאָרט, וואו עס האָט זיך שטענדיג געפונען דער אויפזעהער. דאָס האָט מיר גאָר ניט געשמעקט. ווארום צום גובערנאַטאָר איז דער אויפזעהער גנאָרמאַן געגאַנגען אַלע אין דער־פריה אויף אַ פּערטעל שעה — איבערגעבען מיר די אַרבייט פאַר'ן טאָג און קאָנטראָלירען די נעכטיגע.

אָבער איצט וועל איך מיך דאַרפען געפינען דעם גאַנצען טאָג אונטער זיין ביזז אויג און מאוסע צונג. צייטענווייז האָט מיך אָנגענומען אַ גרויל. אָבער מען האָט בעדאַרפט שווייגען און ליידען. אין דערהיים איז געווען אַ ווייב מיט קינדערלעך.

דער גנאָרמאַן האָט אויף מיר נאָך געוואָרפען אַן'אום־חן דערפאַר, וואָס איך בין געווען לפי ערך איידעלער פאַר זיינע פריקאַזטשיקעס. עס האָט איהם גערעגט מיין איידעלקייט, מיין אונפּראַקטישקייט, מיינע ווייסע הענדטלעך. און ער האָט מיר עקסטרע נאָכמעהר פערביטערט דאָס לעבען.

ווי וויים ער האָט געדריקט זיינע אַרבייטער, איז צו זעהן דערפון, וואָס צווישען אונז איז געווען נאָר איין טעמע: גנאָרמאַן.

ווי נאָר ער פלעגט אַוועקגעהן, אַזוי פלעגען מיר זיך אָבאָטעמען, און עס פלעגט זיך אָנהויבען אַ סדרה:

— גנאָרמאַן איז אַ וואַלד־גזלן!

— גנאָרמאַן איז אַן'אכזר!

— אַ מענש אָהן אַ האַרץ!

— אַ ביטערער יונג!

און אַזוי כסדר, פונקט ווי שקלאַפען, ווען מען נעהמט פון זיי אויף אַ רגע צו די בייטש.

אין די אָווענדען פלעג איך זיצען ביי פריד'ן. דאָרט איז געווען פרעהליך. מען האָט געמאַכט בעלער. עס פלעגען קומען רייכע יונגעלייט, און אין עס־שטוב זענען געווען אויסגעשטעלט לאַנגע טישען מיט עסענוואַרג כיד המלך.

די שענהייט בערטע האָט געשפּיעלט קלאַוויר, געשפּיעלט וואונ-

דערליך שען און די יונגערע שוועסטער האט פאראדירט שרה בער־
נאר'ן, וועלכע זי האט, ווארשיינליך, ערגעץ געזעהן שפילענדיג.
ארום בערטע'ן איז מען געזעסן שטום. און בעגייסטערט, ארום
דער צווייטער האט מען פרעהליך געלאכט. די יונגערע פלעגט אמאל
פאראדירען א פרוי, וואס שטארבט לאנגזאם אוועק.
מען פלעגט אראבלאזען עטוואס דאס פייער פון לאמפ און זי
פלעגט זיך לאנגזאם אויסציהען אויפ'ן קושעטקע בלייך, טויט און
שטום... אט שטארבט דאס פייעריל אין איהרע אויגען. אט בעוועגט
זיך דאס לעצטע מאל איהר האנד. אט ציטערט אויף א ברעם און
בלייבט אונבעוועגליך — טויט.
זי האט עס מסתמא אויך גענאשט ביי שרה בערנאר'ן, און
אויפ'ן עולם פלעגט עס מאכען א שטארקען איינדרוק.
אט אזוי פלעגט מען פערברענגען אלע אווענדען
מיר איז אבער אין האלז נישט געקראכען קיין שמחה און ליעב
האב איך נאר געהאט בערטע'ס שפיעלען אויפ'ן קלאוויר. אמאל איז
עס געווען אומעטיג און עס האט זיך ווונדערליך געפאסט צו מיינע
מרה־שחורה'דיגע געדאנקען. דערמיט פלעג איך מיך עטוואס פערגע־
סען, פונקט ווי איך וואלט מיך צונויפגעגאסען מיט די קלאנגען.
האט בערטע נישט געשפיעלט, פלעג איך ליעבער מיט וועמען
עס איז פערברענגען אין א ווינקעל.
מיט מיר צוזאמען האט געוואוינט זעהר אנ'אריגינעל יודעל,
ליפשיץ האט ער געהייסען. געהאט האט ער זעהר א גלאט צינגע־
לע און א קריכער איז ער געוועזען איינער ביי גאט. איינמאל האט
ער אנגעשריבען א בריעף צום חארקאווער גענעראל־גובערנאטאר, דעם
בעקאנטען לאריס־מעליקאוו.
אין בריעף האט זיך ליפשיץ געמאכט גע'פגר'ט, וואס ער איז
א יוד, און געבעטען ביים גענעראל־גובערנאטאר נישט מעהר און נישט
ווייניגער ווי א רעגירונגס־שטעלע. ווארום ער, ליפשיץ, לעבט
אויף גאט'ס וועלט און האט נישט, במחילה, וואס צו עסען...
לאריס־מעליקאוו האט איהם געענטפערט, אז ער זאל זיך
ווענדען צו איהם אין דער און דער צייט, וועט ער קריגען א שטע־
לע. אבער אז ליפשיץ איז געקומען צו דער בעשטימטער צייט, איז

ער נישט אויפגענומען געוואָרען. האָט ער אָנגעהויבען זידלען און שרייען צו די בעאַמטע:

— סטייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר זאָל נישט האַלטען קיין וואָרט! דאָס פּאַסט דאָך עפּיס גאָר פאַר אַ קליין מענשעלע! דאָס איז דאָך עפּיס זעהר מאוס. זיין וואָרט דאַרף דאָך זיין ריין, ווי אַ רענדעל...

קיין בעסערע פערגלייכונג האָט ער נישט געפונען.

פּאַר זיינע געשרייען איז איבערגעגעבען געוואָרען אַ בעפעהל פון גענעראַל-גובערנאַטאָר'ס קאַבינעט צו די בעאַמטע, אַז מען זאָל איהם אַרעסטירען אויף צוויי טעג.

עס פערשטעהט זיך, אַז מען האָט גענומען דעם יונג אונטער די הענד און „אוועקגעזעצט".

אַז מען האָט איהם בעפרייט, איז ער געווען נאָכמעהר צורייצט און האָט „אָנגעקאַטעוועט" אויפ'ן יודישען שטייגער אַ לאַנגען בריעף צום גראַף.

דער טאָן פון בריעף איז אפילו געווען אַ רוהיגער, אָבער מיט אַ סך מליצה און שפּיעל־ווערטלעך און משלים, ווי מען פלעגט שרייבען אַמאָל אין די גוטע אַלטע יאָהרען. דעם בריעף האָט ער דורכגעלעזען פאַר אַ גאַנצע חאַליאַסטרע סטודענטען, צווישען וועלכע איך בין אויך געזעסען, און פאַר אונז אין די אויגען אַריינגעלעגט אין אַ קאָנווערט, פערקלעבט און אָנגעשריבען דעם אַדרעס.

די סטודענטען, לעבעדיגע, זאָרגלאָזע יונגען, האָבען איהם געהויבען אין דער הויך און געפּאַטשט אין פלייצע.

אין עטליכע טעג אַרום איז געקומען אַנ'אָפיציר מיט אַ פּאַפּיר פון גענעראַל-גובערנאַטאָר. איך בין דעמאָלט געזעסען ביי איהם אין צימער. אין דעם פּאַפּיר איז געווען אָנגעוויזען, אַז דער גראַף שיקט איהם הונדערט רובל פאַר זיין בריעף. קיין שטעלע קאָן ער איהם נישט געבען.

ליפשיץ האָט איהם העפליך בעדאַנקט און דאָס געלד נישט גענומען. דאָס לעצטע האָט בעזונדערס געריהרט דעם אָפיציר.

— קיין געלד נעהמסטו נישט, אָבער איך בעט דיך — האָט זיך דער אָפיציר ווייך געווענדט צו ליפשיצ'ן — אַז דו זאָלסט מעהר

ניִשט שרייַבען קיין בריִעף צום גראַף. מיִט קיין גענעראַל-גובערנאַטאָר שפּיִעלט מען זיִך ניִשט...

— ניין, מעהר וועל איִך ניִשט שרייַבען — האָט ליִפּשיִץ כשר פערשפּראָכען.

און ליִפּשיִץ האָט טאַקע געהאַלטען וואָרט...

דיִ מעשה, וויִ אַ שענער אַנעקדאָט, איז געוועזען זעהר פּאָפּולער צוויִשען דיִ דעמאָלטיִגע בעקאַנטע מיינע, און ליִפּשיִץ פלעגט ניִשט אָהן גאוה טייַלמאָל אַ זאָג טהאָן:

— מען קאָן זיין אַ יוד און מען קאָן אַרייַנקריִכען איִן האַלז אפילו אַ מיִניִסטער...

עס איִז אָבער אַ גרויסע פראַגע, ציִ ער וואָלט הייַנט עפּיִס אויפגעטהאָן. הייַנט וואָלט אַזאַ ליִפּשיִץ פון גרויס בריה'שאַפט גיִכער אַוועקגעפאָהרען קיין אַמעריִקאַ...

## צוויי־און־צוואַנציגסטעם קאַפּיטעל.

די רעמעסלענע שול. — אַ חנוכּת־הבּית. — אַ מעשׂה מיט טהירלעך. — צרות פון גנאָדמאַנ׳ען. — אַ נייער פּערוואַלטער. — איך קאָן נישט אויסהאַלטען. — ווייטער וואַנדערן.

פריד האָט פערענדיגט די רעמעסלענע שול, אויף וועלכער פּאָליאַקאָוו האָט אַסיגנירט צוויי הונדערט טויזענד רובּל, און דער גענעראַל־גובּערנאַטאָר האָט מיט אַ קאָמיסיע אינזשענערען בּעקוקט דעם בּנין. דער בּנין איז איהם געפעלען געוואָרען און ער האָט בּעדאַנקט פריד׳ן.

מיין קרוב האָט טאַקי צוגעלעגט צו דער אַרבּייט. אַ פּאָדראַדטשיק וואָלט פון אַזאַ פּאָדראַד אַריינגעכאַפּט עטליכע צעהנדליג טויזענד רובּל, און פריד האָט דערבּיי נאָך צוגעלעגט אַ פינף טויזענד רובּל.

אַ חנוכּת־הבּית האָט מען געפּראַוועט מיט גרויס פּאַראַד. עס איז געוועזען דער גראַף לאָריס־מעליקאָוו, מיט׳ן גובּערנאַטאָר, מיט׳ן מיטראָפּאָליט און נאָך הויכגעשטעלטע לייט.

בּיים ויין האָט דער גענעראַל־גובּערנאַטאָר געהאַלטען אַ טאָסט פאַר׳ן קיסר׳ס געזונד און דערנאָך פאַר׳ן גרויסען מנדב שמואל פּאָליאַקאָוו, און דערנאָך פאַר׳ן פּאָדראַדטשיק, וואָס האָט אַריינגעלעגט אַ סך ענערגיע און כּחות אין דער געבּיידע און געהנוויליג דערלעגט צו דער

ארבייט א היבשע סומע געלד. דער חנוכת־הבית איז אראב גלענצענד, און פריד איז געווען איבערגליקליך.

מיר איז אבער געווען גענוג אומעטיג, און גרוי האט מיר אויס־געזעהן מיין לעבען.

פון גנאָדמאנ'ען האב איך, ווי פריהער, געהאט קאלט און וואַרים און איך האב געמוזט שווייגען.

איינמאל בין איך געווען ביי אנ'ארבייט. מען האט רעמאָנטירט דאס הויז פונ'ם דיסטאנץ־נאטשאלניק.

בעדארפט האט מען דעמאלט נויטיג האבען, געדענק איך, א צעהן טיהרלעך צו אויוועגס און נאך איניגע מכשרים. קויפען האב איך עס בעדארפט. איך האב געהאט ביי זיך א קוויט פון קאנטאר צו אנ'אייזען־קרעמער אין חארקאוו, וואו מען גיט צו לייזען א זעכציג, זיעבציג טויזענד רובל א יאהר.

מיר האבען געארבייט אונטער דער שטאדט, און איך האב גע־הייסען שפאנען דאס פערד און בין געפאהרען אין שטאדט אריין קויפען די דאזיגע נויטיגע זאכען. עס איז געווען ארום איינס א זייגער. קום איך צום אייזענגעשעפט, זעה איך אויף אלע טהירען הענגען שלעסער.

איך האב נישט געוואוסט, אז עס איז מיטאג־צייט און אז דע־מאלט ווערט געשלאסען דאס געשעפט, און מיר איז בעסער איינגעפאַלען, אז דער קרעמער האט באנקראטירט... פארוואס איז דאס מיר אזוי איינגעפאלען — איז א פראגע פאר די יעניגע, וואס וואלטען גע־וואלט פון מיר עטוואס אבלאכען...

די ארבייטער האבען אבער געווארט אויף די טיהרלעך. וואס טהוט מען?

די טהירלעך האבען איינגאנצען בעטראפען פינף־און־נײַנציג רובל, און איך האב גראד געהאט ביי זיך א הונדערטער.

געה איך אריין אין אנ'אנדער געשעפט און קויף דאס אלץ פאר מזומן.

אנשטאט פינף־און־נײַנציג האב איך דיזעלבע סחורה אויסגעדונ־גען פאר צוויי־און־זעכציג רובל.

צאהל איך אב און פאהר צוריק מלא שמחה. א קלייניגקייט, איך

האָב ערשט אײַנגעבראַכט דרײַ-און-דרײַסיג רובל דעם בעל-הבית. מײַן שמחה אָבער וואַקסט און וואַקסט, און איך האָב געהאַט אַזאַ געפיהל, פונקט ווי איך וואָלט ענטדעקט אַמעריקאַ...

איצט וועל איך אויפווײַזען פריד'ן, אַז זײַנע געשעפטען געהען אָהן אַ ברעקעל סדר. סטײַטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז אין אַ געשעפט, וואו מען גיט צו לײַזען אַ זיעבציג-טויזענד רובל אַ יאָהר, זאָל מען איבערנעהמען אויף אַ סחורה, וואָס קאָסט צוויי-און-זעכ-ציג רובל, גאַנצע דרײַ-און-דרײַסיג רובל! דאָס זענען דאָך וואַלד-גזלנים!

געבראַכט די טיהרלעך, בעוויזן איך זיי גנאָדמאַנ'ען און גיב, נישט אָהן גאוה, אַ זאָג:

— גוט וואָס איך האָב געהאַט בײַ זיך מזומן געלד. וואָרום איצט זעה איך, וואָס פאַר אַ בערײַסער אונזער סקלאַדניק איז! ער שטעלט אונז פראָסט בדלות!

אַרויסגעזאָגט דאָס, וואַרט איך, אַז דער „ליעבער" גנאָדמאַן זאָל אויסגלאָצען אַ פּאָר אויגען און זאָל מיר פאַר אײַנוועגס מאַכען אַ קאָמ-פּלימענט פאַר מײַן טרײַקײַט און פאַר מײַן ענטדעקונג.

אָבער איך האָב געהאַט אַ גרויסען און אַ ביטערן טעות אין פשט.

אָנשטאָט פערוואונדערונג און קאָמפּלימענטען — זענען בײַ גנאָד-מאַנ'ען בייז און בלוטיג אַרויסגעקראָכען די אויגען, דער האַלז האָט זיך אָנגעגאָסען מיט בלוט, און ער האָט ווי אַ קאָכיגער טאָפּ אַרויס-געזאָדען:

— וואָס זענט איהר פאַר אַ קויפער פאַר מזומן! ווער בעט עס אײַך! ווער הײַסט אײַך! פון וואַנען ווײַסט איהר, שלים-מזל, אַז איהר האָט איבערגעצאָהלט? זאָגט מיר, וואָס הײַסט איבערגעצאָהלט און וואָס הײַסט נישט איבערגעצאָהלט? שלים-מזל! אָנשיקעניש! אַהיים פאָרט!

און עס האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן זלזולים און גראָבע מאוסע ווערטער, אַז איך האָב מיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטען און — האָב מיך צעוויינט...

עפּיס אַ שרעקליכער טעות: נעהם חאַפּ גיך אַרויס פון הארץ די שמחה און גיט אַהין אַרײַן צער און טרערען.

איך האָב מיך דערפיהלט שרעקליך דערשלאָגען און אין אָוועגד

האָב איך דערצעהלט פריד'ן מיט דעם ווייב די גאַנצע מעשה און די זלזולים, מיט וועלכע גנאָדמאַן האָט מיך בעשאָטען פאַר מיין טרייקייט.

— עסט זיך נישט אָב דאָס האַרץ, — האָט זיך אָנגערופען פריד'ס פרוי, — איהר זעהט ביי מיר די נאָז?

זי האָט עפּיס געהאַט אַ רויטען צייכען אויפ'ן נאָז.

— דאָס האָב איך יענע וואָך בעקומען פון גנאָדמאַנ'ען. איך האָב איהם געמאַכט אַ קליינע בעמערקונג וועגען אַ קאָנטראַקט, וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט, האָט ער מיר מיט עפּיס אַ וואָרף געטהאָן אין נאָז אַריין... וואָס זאָגט איהר דערצו? אָבער מען מוז ליידען — האָט זי שטיל צוגעגעבען — גאָלדענע הענד האָט ער.

לסוף איז ער אָבער פאָרט דערעסען געוואָרען. גאָלדענע הענד אַליין זענען, אפנים, דאָך ווייניג. און אין עטליכע וואָכען אַרום נאָך דער מעשה, בעת פריד איז געפאָהרען קיין פּעטערבורג, האָט ער דאָרטען אָנגעזעהן איינעם אַ מענשען, וואָס איז איהם געפעלען געוואָרען פאַר אַ פערוואַלטער.

פריד האָט איהם בסוד געבראַכט קיין חאַרקאָוו... דאָס איז געוועזען זעהר אַ הויכער און זעהר אַ שענער מאַן פון אַ יאָהר פופציג, מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט שוין ערטערווייז געגומען טאָגען, אַ גאַנג, אַ שטעל מיט'ן פוס — אַ ברכה צו מאַכען.

כדי ער זאָל מעהר בעקאַנט ווערען מיט די געשעפטען און דערביי זאָל זיך גנאָדמאַן נישט דערוויסען, האָט איהם פריד ווייט אַוועקגעזעצט, ערגעץ אויף דער צוועלפטער דיסטאַנץ.

דאָרט איז געווען אַ קליין שטיקעל אַרבייט. מען האָט בעדאַרפט אויפשטעלען אַ וואָקזאַלעכיל פאַר צעהן טויזענד רובל. דאָס דאָזיגע שטיקעל אַרבייט האָט פריד פאָרזיכטיג אַרויסגעצויגען פון אונטער גנאָדמאַנ'ס השגחה און איבערגעגעבען עס איננאַנצען איני'ם רשות פון נייעם פערוואַלטער. אגב האָט עס געזאָלט אויך דיענען פאַר אַ פּראָבע.

נאָר מיר אַלע, וואָס האָבען געוואוסט דעם סוד, אַז דער הויכער מאַן דאַרף, פריהער-שפּעטער, איבערנעהמען גנאָדמאַנ'ס שטעלע, זענען געווען מלא שמחה און האָבען בעשלאָסען צו מאַכען אַ באַל אין דעם טאָג, ווען ער וועט אַרויסשטויסען אונזער צורר.

אָבער צו אונזער אומגליק האָט דער חיטרער גנאָדמאַן באַלד

פערשטאַנען, דערשמעקט, אַז דער הויכער יוד מיט דער גרויסער באָרד איז נישט סתם אַ פּריקאַזטשיק, נאָר זיינער אַ קאָנקורענט.

עס פערשטעהט זיך, אַז ער איז אַריינגעפאַלען אין אַ שרעקליכען גרימצאָרן און מיר האָבען געליטען נאָך מעהר ווי פריהער.

אייגענטליך האָט ער גאָר נישט געברויכט די שטעלע. ער האָט שוין אייגען געלד געהאַט אַ וואָסערע דרייסיג-פיערציג טויזענד רובל און האָט געקאָנט אַליין אָננעהמען פּאָדראַדען. ער האָט אָבער, אַפּנים, ליעב געהאַט צו שרייען, געוועלטיגען, פּייניגען, און איהם איז געווען אַ שאָד צו שיידען זיך דערמיט. ער האָט איצט נאָכמעהר געפּייניגט. אָבער מיר האָבען געוואַרט מיט גרויס מסירת-נפש און בעת-מעשה געטראַכט: באַלד-באַלד וועט יענער ענדיגען זיין פּראָבע-פּאָדראַד, וועט ער קומען און פערטרייבען דעם מנוול.

אָבער ווי איבעררַאַשט זענען מיר געוואָרען פון דער בשורה, אַז דעם נייעם פערוואַלטער'ס אַרבייט — דאָס וואָקזאַלעכיל ווערט נישט אָנגענומען: דער אינזשענער האָט עס געפונען פאַר שלעכט. דאָס איז געווען פאַר אונז אַ גרויסער קלאַפּ, אַ שרעקליכער קלאַפּ — און פאַר פרידען נאָך אַ גרעסערער.

איהם איז נישט געגאַנגען אין די צעהן-טויזענד רובל, נאָר אין דער בעליידיגונג, אַז זיינער אַ פּאָדראַד זאָל שלעכט אַרויסקומען, זאָל נישט אָנגענומען ווערען.

און אויף פרידען האָט עס געמאַכט זעהר אַ שווערען איינדרוק. אודאי האָט ער בעשלאָסען אָבצוזאָגען דעם פערוואַלטער און אַרויסצוצאָהלען איהם פאַר דריי יאָהר אַכטצעהן-טויזענד רובל, צו זעקס-טויזענד רובל אַ יאָהר, לויט'ן קאָנטראַקט.

דער פּראָיעקטירטער פערוואַלטער איז געקומען קיין חאַרקאָוו זעהר אַ געפאַלענער. ער האָט גע'טענה'ט, אַז עמיצער האָט איהם אונטערגעשטעלט אַ פּיסעל און ער ווייס נישט ווער.

דערויף האָט איהם פריד ביטער געזאָגט:

— אַז מען איז אַ מענש, דאַרף מען קיין מורא נישט האָבען פאַר אַזעלכע זאַכען.

אַ פּיסעל האָט איהם זיכער אונטערגעשטעלט טאַקי דער ליעבער גנאָדמאַן, וואָס האָט געזוכט פּטור צו ווערען פון איהם. אַזאַ שטיקעל

אַרבּייט. אַ פּיסעל, הייסט עס, איז בּיי גנאָדמאַנ׳ען געווען ממש אַ שפּיי: געמסר׳ט, אונטערגעזאָגט — און פּאַרטיג.

דער הויכער יוד מיט דער שוואַרצער בּאָרד האָט בּעקומען דאָס אַרויסגעצאָהלטע געלד און איז אַוועקגעפאָהרען און גנאָדמאַן איז ווייטער געבּליבּען אַ רוכב איבּער אונז אַלעמען און זיין ממשלה איז נאָך שטאַרקער געוואָרען, צו אונזער אַלעמענם וועהטאָג און פּערדראָס.

אַז עס האָט זיך אַזוי געענדיגט, בּין איך ווייטער געקומען צו מיינע אַלטע געדאַנקען — וואַנדערן.

דאָ קאָן איך מעהר נישט זיין. נישט איך טויג פאַר זיי, נישט זיי טויגען פאַר מיר.

אויף דער טעמע האָבּ איך איינמאָל געמאַכט אַ שמועס מיט פּריד׳ן. ער האָט אויך איינגעפונען דאָסזעלבּע און האָט מיר געראַטען פאָהרען קיין מאָסקווע. דער דאָרטיגער רב, ר׳ חיים בּערלין, איז אונזערער אַ קרוב, וועט ער איהם שרייבּען אַ בּריעף און בּעטען, ער זאָל מיך דאָרט איינאָרדנען אַרום די גבירים. דער רב איז בּיי זיי אַ חשוב. ער וועט אויך געבּען אַ בּריעף צו זיינעם אַ גוטען פריינד, אַ גרויסען צוקער-סוחר און פאַבּריקאַנט, וועט יענער עפּיס אויך טהאָן פאַר מיר.

## דריַיאונצוואַנציגסטעם קאַפּיטעל.

אין וועג. — מאָסקווע. — יודעלעך, ווי אין ירושלים. — אין בית־המדרש. — בייַם רב. — וואָס טהוט מען? — קרעטשמע, פאַקט, פעלד־אַרבייט, מלמדות, קרעמעריי. — דער חסידישער רבי. — דער רב און דער רבי. — חסידים אין מאָסקווע. — זינג!!! — איך בין אויף צרות. — איך פאָהר אַהיים.

אַלזאָ, ווייטער אין וועג, מאָסקווע.

אדיע, חארקאָוו, מיט'ן „ליעבען" גנאָדמאַנ'ען, מיט די טהירלעך צו אוווענס, מיט פריד'ן, מיט די פאָדראַדען מיט אַלץ מיט אייַנאַנדער! איצט איז מאָסקווע, א נייַע סדרה.

אין דמיון איז מיר געשטאַנען מאָסקווע ווי אַ שטאָדט מיט קאַצאַפּעס, און אַ יודעל וועל איך מסתמא דאַרפען זוכען, ווי אַ נאָדעל אין אַ וואָגען היי.

נאָר גאָט צו דאַנקען, דאָס איז נישט געווען אַזוי.

איך קום צופאָהרען אין מאָסקווע, טרעף איך אקוראט אויף זאַראדיע גאַס, בייַם טויער, וואוהין איך האָב בעדאַרפט אַרייַנגעהן, שטעהט,

אַ דאַנק זײַן ליִעבען נאָמען, אַ יודעל אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיִט אַזאַ רחבות, פּונקט ווי בײַ'ם טאַטען אין ווײַנגאָרטען.

אין די מעבּלירטע צימערן, וואוהין איך בּין פערפאָהרען, האָבּען זיך אַרומגעדרעהט יודען פון יודענלאַנד, מיִט לאַנגע פּאות'ן, מיִט געדיכטע בּרעמען, מיִט האַרבּאַטע נעזער און מיִט בּרענענדיגע אויגען, און מען האָט גאַנץ געמיִטליך געשמועסט וועגען דער קאַראָבּקע און וועגען רבנים און וועגען שטעדטיִלשע מחלקות'ן א. אַז. וו., א. אַז. וו.

יודעלעך, אָהן עין־הרע, לרוב. אויפ'ן הויף איז דאָ אַ בּית־המדרש און יודען דאַוונען זעקס מנינים אַ טאָג. פון זיִעבּען אַ זייגער אין דער־פריה בּיז צוועלף נאָכ'ן דאַוונען לערנט מען, עס טראָגט זיך אַ זיִסער גמרא־נגון — ירושלים.

און חסידים פעהלען אויך נישט. פאַרהאַן אַ חסידים־שטיִבּעל. איך קום אַרײַן, מאַכען יודען אַ גוטען לחיים און מען זינגט אַ חסידיִשען נגון.

דער רעסטאָראַן, וואו איך האָבּ געמיִטאָגט, איז געווען געפּאַקט מיִט יודען פון פערשיִדענע געגענדען, חסידים און מתנגדים — עס איז פרעהליִך און היימיִש. יודעלעך ריידען און עסען, עסען און ריידען, אין דער אָנגערויכערטער לופט שמעקט מיִט יודיִשע מאכלים, יודיִשע געבּראָטענס — און בּערד, בּערד, בּערד.

בּעזונדערס גוט איז אין אָוונד אַרײַנצוקומען אין בּית־המדרש — זעהן ווי מען לערנט. עס נעהמט אָן אַ תענוג צו קוקען. אין שטאָדט הויבּען זיך צעהנדליִגער קלויסטערס און דאָ זיצען יודעלעך און לערנען הויך, אויפ'ן קול, און דאָס שוהלכלעל זעהט אויס, פּונקט ווי דער קאַמעניצער נייער בּית־המדרש.

אין אָוונד בּין איך אַרײַן צום רב ר' חיים בּערלין. בּיי איהם איז אויך געווען געפּאַקט מיִט יודען. דאָ זענען געווען סוחרים צוליעבּ דין־תּורות און פערשיִדענע יודען — אורחים פון פערשיִדענע קאַנטען. בּעזונדערס מאָסקווע, זענען זיי אויך אַרײַן צום רב. איך האָבּ איִבּער־געוואַרט אַלע געסט און דערנאָך דערלאַנגט דעם רב פריִד'ס בּריִעף.

רופט ער אַרײַן דאָס ווײַבּ און שטעלט מיך פאָר פאַר זײַנעם אַ קרוב. אויפגענומען האָט מען מיך גאַנץ גוט. אָבּער עס איז בּאַלד געווען קלאָר, אַז זײַנע אַ רעקאָמענדאַציע בּנוגע צו מסחר האָט מיר קנאַפּ וואָס געקאָנט נוצען. וואָס פערשטעהט דער רב אין מסחר? און

וועלכער סוחר וועט זיך דאס שטיצען אויף זיינע א רעקאמענדאציע, וואס בעלאנגט צו געשעפט!

האב איך געהאט איצט איין וועג: אריינגעהן מיט פריד׳ס בריעף אין קאנטאר פון דער צוקער-פאבריק.

בין איך אבער דער גרויסער בעל-מזל, און אז איך קום אריין אהין, זאגט מען מיר, אז דער בעל-הבית איז אוועקגעפאהרען...

דארטען האבען זיך אפילו יא געפונען איניגע סוחרים, וואס האבען געזוכט מענשען, אבער זיי האבען גראד געהערט פון רב׳ס מויל, אז איך בין א וואוילער יונגערמאן, און דאס איז געוועזען זעהר א שטארקער חסרון...

און געווארען איז מיר זויער-זויער אויפ׳ן הארצען; עס האט זיך געוואלט די פינגער בייסען.

וואס וועט עס זיין?

פריהער האב איך זיך געלערנט הלכות קרעטשמע, פאקט, דער-נאך, אז איך האב שוין דערין וואס פערשטאנען, האב איך עס אוועק-געווארפען און גענומען לערנען פעלד-ארבייט.

געווארען א בקי אין עבודת האדמה, בין איך אנטלאפען פון וואלד אין דעם גרויסען קיעוו און אנגעהויבען צו לערנען באקאליי. בעקומען א השגה אין באקאליי, האב איך געמאכט א נסיעה קיין חאר-קאוו און גענומען לערנען פאדראדען מיט ליניעס, מיט רעמאנטען מיט א גנאדמאן, מיט כל הצרות שבעולם. און איצט... וואס וועט עס זיין איצט?

עס פערשטעהט זיך, וואס א טאג ווייטער איז מיין לאגע אלץ קריטישער געווארען. איך האב שוין געהאט פערדרוס, וואס איך האב אוועקגעווארפען חארקאוו. דארט האב איך דאך פארט געהאט א שטי-קעלע בארען אונטער די פיס. דא הענג איך צווישען פרעמדען הי-מעל און פרעמדער ערד.

מיינע גוטע פריינד האבען מיך צוגערעדט, איך זאל זיך בעקע-גען מיט׳ן חסיד׳ישען רב, וואס איז מיט ר׳ חיים בערלין ווי פייער מיט וואסער. דער חסיד׳ישער רב האט ארום זיך א גרויסען קרייז פון חסידים—גבירים, גרויסע סוחרים, רייכע בעלי-בתים.

— עס שאדט ניש — זאגען זיי,—אז איהר זאלט איהם מאכען

אַ וויזיט און דוקא דערצעהלען, אַז איהר זענט ר׳ חיים בערלינ׳ס אַ קרוב, אַז איהר וואלגערט זיך אין מאָסקווע און ער, ר׳ חיים, קען אייך גאָרנישט העלפען. איהר דאַרפט האָבען אַ שטעלע. אפשר וועט ער אייך אין דעם פרט פערהעלפען? דערביי מעגט איהר איהם מרמז זיין, אַז אייער טאַטע איז אַ הייסער חסיד.

דאָס הייסט, פשוט אונטער׳חנפ׳ענען דעם חסיד׳ישען רב...

מילא, וואָס האָב איך געקענט טהון. איך האָב דאָס אויך גע־פרובט. איך בין אַוועק צום חסידישען רב, האָב זיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ קרוב פון רב ר׳ חיים בערלין און געקומען בין איך אַהער זו־כען אַ שטעלע אָדער אַזוי געשעפטען און ר׳ חיים בערלין, אויף וועמען איך האָב געלעגט גרויסע האָפנונגען, קען מיר ווייניג וואָס העלפען. בכן האָבען מיר גוטע מענשען אַנ׳עצה געגעבען צו בעקענען זיך מיט אייך און אייך בעטען, איהר זאָלט מיר דערין בעהילפיג זיין...

פרעגט מיך דער רב קודם:

— ווי אַזוי זענט איהר ר׳ חיים׳ס אַ קרוב?

איך האָב איהם אָנגעוויזען, ווי אַזוי, און דערביי אויסגערעכענט אומישנע מיין גאַנצען יחוס ביז ר׳ חיים וואָלאָזשינער.

-- פאַרוואָס אָבער זענט איהר באַלד נישט געקומען צו מיר? — האָט ער מיט אַ מין מוסר־מינע געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, — איך וואָלט אייך זיכער געקראָגען אַ שטעלע ביי אַ היגען גביר. איהר זענט דאָך עפּיס פון סאַמע גאונים און צדיקים. אָבער איצט האָב איך מורא, צ׳ז חיים בערלין האָט אייך קאַליע געמאַכט...

איך האָב געשוויגען, און איבער׳ן גאַנצען לייב איז מיר אַ דורך אַ קעלט מיט אַ שמערץ צוזאַמען.

— נו, מילא, — האָט ער גאַנץ געמיטליך געזאָגט, — קומט אַריין, לאָזט זיך זעהן, אפשר וועט זיך עפּיס מאַכען.

קיין אַנדער ברירה האָב איך נישט געהאַט און האָב אָפטער בעזוכט דעם חסידישען רב. זיין שטוב איז געווען געפּאַקט מיט יודען — חסידים, נאָכמעהר ווי ביי ר׳ חיים בערלין מתנגדים. דער חלוק איז נאָר געווען, וואָס ביי ר׳ חיים׳ן זענען די מתנגדים געזעסען און געשטאַנען אין גרויס אָרדנונג. יעדער האָט געוואוסט זיין אָרט, און אַז צוויי האָבען גערעדט, האָט זיך אַ דריטער אין מיטען נישט

אַרײַנגעריסען. דאָרט בײַם חסידישען רבֿ האָט מען דערויף נישט געקוקט. מען האָט געשמועסט גרופּעסווײַז און אַלע צוזאַמען, אײנער האָט פערשריען דעם צווײטען, דער צווײטער, ווידער, האָט פערחאַפּט דעם אָרט פון דריטען א. אַז. וו. נישטאָ קײן רײַכער און קײן אָרימער, קײן עלטער און קײן יונגער, אַלע גלײַך, און אין שטוב שטעהט אַ פרעהליכע טומלעניש.

עס פערשטעהט זיך, אַז דער רבֿ האָט מיך געבעטען, איך זאָל קומען דאַוונען צו איהם אין שטיבעל, וועט צוקומען נאָך אַ חסיד... איך האָב דאָס אויך געטהאָן. אין שטיבעל האָט מען געדאַוונט זעהר מונטער, זעהר רוישיג, נאָר אײן ר׳ ישראל האָט געפעהלט. פון אַלע זײַטען פליסען הארציגע נגונים׳לעך, מען טאַרערײקעט, מען זינגט, מען שפּרינגט, מען טאַנצט, מען שטופּט זיך, מען לאַכט און מען מאַכט לחיים, ווי אין קאַמעניץ אַמאָל. די דאָזיגע פרעהליכקײט איז, חלילה, נישט קײן געמאַכטע. דעם חסיד איז טאַקי באמת פרעהליך. גאָט איז גרויס און זײַן וועלט איז גרויס און פון אַלץ קען מען שעפּען שמחה.

און נישט אומזיסט טרעפט מען שטענדיג צווישען חסידים עפּיס אַ מאָדנע געמיטליכקײט, אַ פרעהליכע זיכערקײט, פּונקט ווי עס וואָלט גאָר קײנמאָל נישט געווען קײן יודען-פראַגע און קײן גלות איז נישטאָ. נאָר דאָס זענען אפשר צו-הויכע זאַכען, צו-גרויסע זאַכען. איך וועל עס זאָגען פּשוט׳ער: פּונקט ווי עס וואָלט קײן ווײַב און קינדער נישט געווען...

און סײַ בײַ זיך אין דערהײם, און סײַ אין שטיבעל אָדער אין רעסטאָראַן אָדער בײַם חסידישען רבֿ פיהלט מען אַמין ירושלים. קומט דער אָקאָלאָדאָטשני — נאַ דיר אין יד אַרײַן און אַראָב פון מאַרק. געה, און לאָז אונז צורוה.

איך וואָלט געמאָגט שווערען, אַז דאָס פּעקיל חסידים, וואָס האָט זיך פרעהליך געפלאָנטערט בײַם חסידישען רבֿ אין שטוב, האָט נישט געוואוסט פון יודישע בעגרענצונגען און פּלאָגען, וואָס האָבען זיך געשאָטען פון אַנ׳אויבערשטער האַנד. איך האָב גאָר קײנמאָל נישט געהערט, מען זאָל דאָרט רײדען אויף דער טעמא, ווי עס טרעפט אָפט בײַ מתנגדים. און ווידער דאָס אײגענע: גאָט איז גרויס און זײַן

וועלט איז גרויס — און טהו מיר עפּיס!..

אָבער בײַ ר׳ חיים בערלין האָט מען פערביטערט געערדט פון פּאָליטיק און פון טשינאָווניקעס, און פון פּאָליציי, און פון פּאַספּאָרטען און פון בעגרענעצונגען, און פון גזירות, און פון גלות און פון נאָך און נאָך אַזוינע זאַכען. און די חמאַרנע מתנגדים האָבען נאָך חמאַרנער אָנגערוקט די ברעמען.

ווען נישט מײַן שווערע שטימונג, וואָלט איך בײַם חסידישען רב געקומען צו די כחות. פון דער פרעהליכקײַט אַליין קאָן מען ווערען אַ ריז. שבת איז דאָרטען געווען אַ קוואַל פון שמחה. אָנגעהויבען האָט זיך די שמחה נאָך פרײַטאָג-צו-נאַכט.

פרײַטאָג-צו-נאַכט קומען צום רב מאַסען חסידים און מען „פראַוועט“ אַ טיש ביז צוועלף — אײנס אַ זײגער בײַנאַכט. דער רב זאָגט חסידישע תורה: די אויגען ברײט-פונאַנדערגעעפענט, די הענד צושפרײט איבער׳ן טיש, דאָס בערדעל טאַנצט. נאָך יעדען שטיקעל תורה זינגט מען חסיד׳ישע נגונים׳לעך. ער — אָבגעזאָגט, די חסידימלעך — פערזונגען. דערבײַ נאַשט מען פון טיש.

דאָסזעלבע חזר׳ט זיך איבער שבת אַ גאַנצען טאָג. דאַוונען דאַווענט מען שוין בײַם רבי. שבת-צו-נאַכט ווערט דאָס געזאַנג נאָך גרעסער. עס טאַרערײַקעט פון יעדען האַלז. און טאָמער פערפוילט זיך עמיצער און שווײַגט אונטער, מונטערט מען איהם באַלד אויף מיט אַ קלאַפּ אין פּלײַצע:

— נו, וואָס שווײַגסטו דאָרטען, זעליג צי מאיר, זינג!!!

און מען זינגט.

איך בין געוואָרען אַ גרויסער מקורב בײַם חסידישען רב און האָב איהם אָפטער בעזוכט. ער האָט מיך געהאַלטען פאַר אַ משכיל און זיך געסטאַרעט רײדען מיט מיר פון אַזוינע זאַכען, וואָס זאָלען מיר געפעלען.

קײן שטעלע האָט ער מיר אָבער דאָך נישט געקראָגען, און איך מײן, אַז טיעף אין האַרצען האָט זיך ר׳ חיים מעהר אינטערעסירט מיט מײַן לאַגע, אײדער ער. דעם צער פון נויט האָט ר׳ חיים אויך געמוזט מעהר פערשטעהן, אײדער דער חסיד׳ישער רב, און ר׳ חיים האָט אויך קײן זײַטיגע פניות נישט געהאַט.

ער, דער חסיד׳ישער רב האט מיך מקרב געווען, ווייל ער האט געוואלט קויפען א נפש, דאס הייסט, מאכען מיך פאר א חסיד, זאל צו-קומען נאך איינער צום חסיד׳ישען כולל.

אינטערעסאנט איז אויך דער פאקט. ר׳ חיים האט געוואוסט, אז איך זיץ טאג און נאכט ביי׳ם חסידישען רב, מיט וועלכען ער איז געגאנגען אויף מעסערם, ווי מען זאגט אין ליטא.

ביי ר׳ חיים׳ען אין שטוב האט מען גערופען דעם חסידישען רב — „פערד-גנב״, ביי׳ם חסידישען רב, ווידער, האט מען גערופען ר׳ חיים׳ען — „רשע״. פונדעסטוועגען איז ר׳ חיים נישט געווען אונצו-פרידען מיט מיינע וויזיטען ביי׳ם חסיד׳ישען רב: טאמער וועל איך אפשר דארט געהאלפען ווערען. טאמער וועל איך מיך דערפון צו א שטעלע דערשלאגען...

מיט יעדען טאג האב איך איינגעזעהן, אז מיין זיין אין מאס-קווע איז נישט ווערט א שמעק טאבאק. איך שטעה צווישען צוויי רבנים און זוך מסחר. טאקי זעהר א גוטע פאזיציע פאר מסחר. און איך האב מיך געפיהלט, ווי עפיס אנ׳איבעריגער אויף דער וועלט, ווי אנ׳ארויסגעווארפענער פון א טהיר און —— צוריק אין קיעוו אוועק-געפאהרען...

## פיעראונצוואנציגסטעס קאפיטעל.

ווידער אין קיעוו. — ר׳ ליב שאפירא. — ווין. — פארהאן פרנסה. — א נאכט אין שכרות. — דער מאניפעסט. — קיעווער צדקות. — ר׳ הירש עפשטיין. — מאנדעלשטאם.

... און אט בין איך שוין ווידער אין קיעוו. צוריק מיט מיינע אלטע בעקאנטע און פריינד, חקרנים, בטלנים, פלפול׳ניקעס, סוחרים, קרעמער, יונגעלייט אהן ארבייט, קבצנים א. אז. וו., א. אז. וו.

א ווייל רוהט אב דער מח פון זארג. מען לאכט, מען שמועסט, מען דערצעהלט נייעס. נאר ביסלעכווייז הייבט מען אהן צו קלערען מכח א פרנסה. איך קלער און אנדערע קלערען פאר מיר, איך זאל שוין, חלילה, נישט דארפען ווידער לויפען פון קיעוו במקום אחר זוכען ברויט. לאמיר זיך שוין איינמאל פאר אלעמאל איינארדנען אויף איין ארט, פערזוכען דעם טעם פון א קיום, ווי אלע מיינע פריינד.

פאלט איין ר׳ ליב שאפירא׳ן (איך בין שוין מיט איהם גוט געווארען, קאן דען זיין לאנג ברוגז אזא מענשו) א יוד, וואס האט שטענדיג גע׳דאגה׳ט פאר מיר, אזא פלאן. דעם רב׳ס מלמד, צום ביישפיעל, קען מאכען ראזשינקעס-ווין. דערצו דארף מען נישט האבען קיין ערלויבניש, קיין פאטענט. א יוד, הייסט עס, מעג מאכען ווין

אויף קידוש. וועט דער מלמד מיר אויסלערנען „פערפּאַסען" ווײַן און חברה וועט מיר פּראַטעזשירען. אַזוי אַרום וועל איך האָבען פון וואַנען צו לעבען.

איך האָב אײַנגעשטימט. קיין אַנדער ברירה איז סײַ־ווי־סײַ נישט געווען.

ויהי היום — און מיר האָבען זיך גענומען צו דער אַרבײַט — ראָזשינקעס־ווײַן.

איך האָב אײַנגעקויפט די אַלע מכשרים, וואָס מען דאַרף האָבען צום „זאַוואָד" צוזאַמען מיט אַ פּוד ראָזשינקעס, און דער מלמד איז געקומען און גענומען „לערנען". אַ קלוגער יוד, האָט ער עס שנעל געמאַכט, און איך האָב מיך אויסגעלערנט.

דער ערשטער ווײַן איז אַרויס „זעהר געראָטען". מיר האָבען איהם באַלד פערקויפט צווישען גוטע פרײַנד און זיך גענומען צו־צוגרייטען מיט אַמאָל אַ צעהן פּוד ראָזשינקעס־ווײַן אויף פּורים און אויף פּסח. בעת דער אַרבייט האָב איך אָפּטער אַרײַנגערופען דעם מלמד, ער זאָל מיר אויפ'ן אָרט פערענטפערן אײניגע הארבע קשיות, ווי עס טרעפט אין דער גרויס־פאַבריקאַציע...

דער צווייטער ווײַן איז ווײַטער אַרויס געראָטען. איך האָב איהם צוסאָרטירט אויף שוואַכען און שטאַרקען, אויף בעסערען און ערגערען. דער בעסערער סאָרט איז געווען „ממש שאַמפּאַניער". דער עולם האָט געחאַפּט.

קיין געלד האָט מיר שוין נישט געפעהלט. גוטע ברידער האָבען געגעבען.

אַרויס דער ווײַן גוט, — האָבען זיי מיר פּראָסט אַרײַנגעוואָרפען מיט גוואַלד גמילות־חסדים — הונדערטער, איך זאָל נאָר טרײַבען דעם „זאַוואָד".

און... איך האָב אָנגעהויבען צו פערדינען. עס געהט. עס ווערט פרעהליכער. מען לייזט. האָב איך מיך פערגעסען אָן אַלע מײַנע וואָגלעניִשען. אז פּרנסה איז פאַראַן, דאַכט זיך, אז ישועות זענען אויך דאָ. וואָרום איין מאָל אין אַ שענעם פריִהמאָרגען געהען מיר אַרויס אין גאַס און לייענען אויף אַלע סלופּעס און ראָג גאַסען אַ מאַניפעסט.

אין מאַניפעסט איז געווען געשריבען, אז די אַלע יודען, וואָס וואוינען ביז היינט אין די אינערליכע גובערניעס פון רוסלאַנד, מעגען בלייבען וואוינען דאָרט, מען טאָר זיי נישט ריהרען, סיידען דורך א פעראָרדנונג פון סענאַט.

אָט דער מאַניפעסט האָט אונז דערפרעהט, נישט ווענינער ווי די יודען אין מרדכי'ס צייטען, בעת זיי האָבען דערהערט, אַז המן איז אונטערגעגאַנגען.

עס איז געווען ששון ושמחה. וליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר. און ביי מיר האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע מיינע גוטע ברידער, ובתוכם ליפסקי מיט עטליכע סטודענטען, וואָס האָבען געהאַט יודישע הערצער, און מען האָט געטרונקען וויין לרוב. איך האָב געהאַט גוטען געצערטען וויין, שטאַרק ווי שפירט.

דער עולם האָט זיך נישט געלאָזט בעטען, און מען האָט געטרונקען ביז שכרות, און מען האָט זיך געפרעהט אויף וואָס די וועלט שטעהט.

ליפסקי האָט אַריינגעוואָרפען אַ רעדע מיט אַזאַ ברען, אַז מיר האָבען איהם געהויבען אין דער-הויך, שכור'ע און התפעלות'דיגע. עס זענען אָנגעלאָפען די אַלע אַרומיגע שכנים — קריסטען, ובפרט דער אָקאָלאָדאָטשני, וואָס איז גראָד דעמאָלט פאַרביי־געגאַנגען און געפרעגט, וואָס איז דאָ די שמחה?

אָט אַ נאַר, דער אָקאָלאָדאָטשני — פערשטעהט נישט אונזער שמחה...

האָט ליפסקי געעפענט דאָס מויל און געגעבען איהם צו פערשטעהן מיט אַ פרעהליכען שכרות׳ אַז פאַר יודען גרייטען זיך בעסערע צייטען... אַ מאַניפעסט אין דרויסען... פאַניע אָקאָלאָדאָטשני... יודען נישט טשעפען... נישט ריהרען... פאַניע אָקאָלאָדאָטשני... העלפט אונז טרינקען... פאַניע אָקאָלאָדאָטשני... אהער פלעשער וויין... פאַניע אָקאָלאָדאָטשני...

אַזוי פיעל וויין — דער בעל־האָרדנונג האָט שוין נישט בעדאַרפט קיין תשובה... ער האָט נאָר געעפענט אַ ברייט מויל און גענומען גיסען אהין איינע נאָך די אַנדערע גלעזער שטאַרקען וויין...

חברה איז נאָכמעהר צוהיצט געוואָרען, האָט מען געהאַפט

ליפּסקי׳ן מיט׳ן אָקאָלאָדאָטשני — דער ווײַן האָט זײַ אויסגעגלײַכט — און געהויבען זײַ בײדען אין דער הויך.

אַזוי האָט מען ביז סאַמע פּאַרטאָג געהוליעט און געזונגען, און געפּילדערט און געשריען, און דער אָקאָלאָדאָטשני איז אַוועק זעהר אַ צופרידענער נאָך מיט אַ פלעשעל שטאַרקען ווײַן אין קעשענע. דערויף איז שוין בײַ זײַ אַזאַ טבע...

נאָר די יודישע שמחה איז זעהר אַ קורצע, און מיר, נאַראָנים, האָבען דאָס נישט געוואוסט. מיר האָבען נישט געוואוסט, אַז עס וועלען אָנשטעהן פינסטערע, ביטערע און שווערע־שווערע טעג, וואָס וועלען זיך ציהען לאַנג ווי דער יודישער גלות און וואָס וועלען קײנמאָל נישט אויסגעמעקט ווערען פון זכרון. איך פערהאַפּ אָבער פאָראויס, און מיט צרות איז נישטאָ וואָס צו אײַלען; מען וועט די סחורה נישט פערשפּעטיגען.

געה איך ווידער צו מײַן ווײַן. איך האָב מיך גענומען פעסט צו איהם און צוגעגרײט די סחורה פאַר שענע עטליכע הונדערט רובל. חברה, ווי געזאָגט, האָט מיך שטאַרק רעקלאַמירט.

אויף פּורים האָב איך געלײזט פאַר אַ שען ביסעל ווײַן און די וואָך, וואָס פאַר פּסח, האָט מען בײַ מיר דעם ווײַן געחאַפּט ממש ווי מצה־וואַסער.

איך האָב אײַנגעזעהן, אַז איך האָב געקאָנט פערקויפען פינף מאָל אַזוי פיעל און נאָך מעהר פערדיענען, אָבער צו דערמאַכען איהם איז מיר צו־ווייניג צײַט געבליבען, דערויף דאַרף מען האָבען אַ פינף־זעקס וואָכען און פאַר אין ברירה האָב איך אויפגעהויבען דעם פּרײַז כמעט אין דאָפּעלט. איך בין מיך בעגאַנגען ווי אַ גוטער סוחר, און קײנער האָט זיך נישט געדונגען, נאָר גיב ווײַן.

און אַז איך האָב דערזעהן, אַז אַ טאָג פאַר ערב פּסח איז מען נעקומען אַוש פון באַנקיר הורוויטש נאָך פינף פלעשער ווײַן און איך האָב דאָס לעצטע געמוזט אויסזויגען פון די פעסלעך — האָב איך צופרידען אַ טראַכט געטהאָן, אַז איך האָב אַ גוטען עסק, אַז עס וועט זײַן פּרנסה, אַז איך וועל מעהר נישט דאַרפען וואַנדערן און אַז איך האָב שוין אַ באָדען אונטער די פיס.

נאָר ווײַן איז זיך ווײַן — און כלל־אַרבײַט איז זיך אויך עפּיס

ווערט. און מיך האט שטארק געצויגען דערצו אין דעם סאמע ברען פון לייזונג.

ר׳ הירש עפשטיין פלעגט אפט אריינקומען צו מיר און דער־צעהלען וועגען קהל׳שע זאכען, וואס ער האט שוין אויפגעטהאן און וואס ער וועט נאך אויפטהאן אין קיעוו.

— די גבירים — רעדט ער צו מיר מיט א הארציגער רוהיג־קייט — שיטען מיט געלד. זיי גיבען, וויפיעל מען בעט, און די מא־דאם ראזענבערג ווערט גארנישט מיעד צו ארבייטען גאנצע טעג און נעכט אין צדקות און מעשים טובים. מען זעהט זי נאך היינט אויך פאהרען אויף פאדאל צוועלף א זייגער פאר מיטאג מיט א קעסטעלע פאר פראשעניעס. און ר׳ ישראל בראדסקי ווערט אלעמאל מעהר נדבן און מעהר פזרן, עס האט זיך אויך בעוויזען א נייער נדיב, איינער א האלפערן, א האלץ-סוחר, וואס שיט מיט צדקה אין לשער...

נאר ר׳ הירש׳ן פעהלען א פאר מיטהעלפער, ווארום ער קען זיך אליין נישט צורייסען, די בעסטע צייט, זאגט ער, איז איצט פאר כלל-ארבייט.

עס פערשטעהט זיך, אז אזוינע ווערטער האבען אויף מיר שטארק געווירקט.

אין מיר האט גענומען ברענען דאס בלוט.

— ר׳ הירש, — האב איך איהם א זאג געטהאן א צוהיצטער — פרנסה האב איך, עס געהט מיר נישט שלעכט, — וועל איך זיין אייער מיטהעלפער. גיט מיר ארבייט — איך וועל טהאן. איבערהויפט אבער דארף מען איינשפאנען יונגע לייט אין דער ארבייט, קאוואלערען מיט פריי־ליינס... איך וועל נעהמען ליפסקי׳ן צו הילף. ער וועט מיר ארייני־ציהען סטודענטען...

עפשטיין איז אוועק צופרידען אין צווייען: אז איך האב פרנסה, אז איך וועל מיך פערנעהמען מיט כלל-ארבייט.

נאך אזא איינעם, ווי דער דאזיגער עפשטיין איז געוועזן, האב איך אין מיין גאנץ לעבען נישט בעגעגענט צווישען כלל-טהוער. איך האב נישט בעגעגענט אזא עהרליכקייט, אזא מסירת-נפש, אזא אי־בערגעגעבענקייט, אזא היימקייט און אזא ריינקייט. און כלל-טהוער האב איך געזעהן נישט ווייניג. געוועזן אזוינע כלל-טוהער, וואס האבען

פּערמעגט די אָדער יענע עפּשטיין׳ס מידה, אָבער נישט אַלע צוזאַמען און נישט אין אַזאַ מאָס.

וואָס האָט ער נישט געטהאָן? ער האָט געקליבען מצה אויף פּסח, ער האָט געקליבען געלד אויף רפואות, בשעת אַנ׳אָרימאַן איז קראַנק געווען. ער האָט פאַר ארבייטער געזאַמעלט אויף מאַשינעס, בשעת יענע האָבען נישט געהאַט מיט וואָס אליין צו קויפען. ער האָט געזאַמעלט פאַר אָרימע כלות, פאַר אָרימע בחורים, פאַר אַלטע לייט, פאַר יתומים, פאַר נשרפים, פאַר קאַליקעס און דעסגלייכען. ער איז געווען זעהר אַ פרומער, אַ האַרטנעקיגער פרומער, וואָס האָט מיט זיי־נעם אַ זוהן, זעהר אַ געראָטענער יונגערמאַן, אַ גאַנץ לעבען נישט גע־רעדט דערפאַר, וואָס יענער האָט אַריינגעשיקט עפּיס אַנ׳ארטיקעל אינ׳ם דעמאָלטדיגען „כרמל". אָבער ער האָט אויסגעביטען דאָס רוהיגע לערנען תורה, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ פרומען יודען, אויף דאָס שווערס־טע צדקה־זאַמלען.

מען האָט איהם קיינמאָל נישט געזעהן לערנענדיג. אפילו אין דאַוו־נען האָט ער זיך ווענינ גע׳דבוק׳עט. מען האָט איהם נאָר געזעהן לויפענדיג פון שטוב צו שטוב, פון גאַס צו גאַס. דערפאַר האָט ער ערוואָרבען גרוים ליעבע אפילו ביי דער אפיקורס׳ישער קיעווער יוגענד, און יונגע פריילייג׳ס האָבען זיך קיינמאָל נישט אָבגע־זאָגט פון אַגאַנג, ווען ער האָט זיי ערגעץ געשיקט.

אין דער דאָזיגער צייט האָט שטאַרק אָנגעהויבען וואַקסען מאַנ־דעלשטאַם׳ס פּאָפּולאַריטעט אין קיעוו. אָרימע לייט האָבען זיך געצוי־גען צו איהם פון אַלע קאַנטען און ווינקלען, און מען האָט פאָראויס געקאָנט זעהן, אַז דאָס געהט אויף אַ גרויסער יוד אין קיעוו.

## פינפאונצוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

דער מאָרד פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. — דער איינדרוק אויף יודען. — איגנאַטיעוו. — שוואַרצע בשורות. — וואַסיל־קאָוו. — וואַסילקאָווער חסידים. — מיין רעמעסלענע. — „קיעוו־ליאַנין”. — „שלאָגט יודען!” — מען לויפט קיין אַמעריקאַ. — באָסיאַקעס. — שרעק. — ערב פּאָגראָם. — מיין גוטע בעל־הבית'טע. — זיך אָנגעהויבען... — אכזריות, וואָס קומט פון שרעק. — אין שפּייכלער. — די עמיגראַציע אויפ'ן בוידעם. — דאָס בוידעם־לעבען. — מייז. — עס עקט זיך דאָס לעבען. — די מייז ריידען אויף אַ מענשליכען לשון. — אַראָב פון בוידעם. — ווידער מיין גוטע בעל־הבית'טע. — ג ר ו י ס ע וויינען, ווי פּי־צעלעך קינדער. — איינגעשטילט דער פּאָגראָם. — קרבנות. — די קאַזאַרמע. — אַנטלויפען פון דאַנען. — דער טויט פון טאַטען און זיידען. —

צו דער צייט האָט מען דער'הרג'עט אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. די ידיעה האָט געמאַכט זעהר אַ שווערען איינדרוק אויף יודען. אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז געווען זעהר פּאָפּולער און זעהר בע־ליעבט צווישען יודען. יודען האָבען איהם גערופען „מלך של חסד” און פאַר דער צייט פון זיין הערשען זענען זיי געווען העכסט פּאַטריאָ־טיש געשטימט, ווי איך האָב שוין פריהער געשריבען. מיט גרויסען טרויער האָבען איהם יודען געמאַכט אל מלא רחמים אין די שוהלען, און נישט ווייניג האָבען דערביי געוויינט.

נאָך זײַן טויט האָבען זיך גענומען ארומטראָגען אין דער-לופטען שווארצע סודות, פינסטערע בשורות.

דער ליבעראלער לאָרים-מעליקאָוו האט אָבגעטראָטען זײַן שטעלע דעם „בעריהמטען” אינגנאטיעוו’ן.

און דאָס יודישע הארץ האט דערפיהלט א געפאהר.

צו דער צײַט אָבער בין איך געווען זעהר פערטהאַן מיט מײַן עסק, מיט’ן ווײַן. בײַ מיר האט געשווּיבעלט און געגריבעלט, און איך האָב בעדארפט נויטיג האָבען א „רעמעסלענע” אויף ווײַן.

און באלד נאָך פסח בין איך אוועקגעפאָהרען קײַן וואסילקאָוו, א קלײַן שטעדטעלע אין קיעווער גובערניע, מיט א בריעף פונ’ם קיעווער ראבינער צו דעם וואסילקאָווער ראבינער, אז יענער זאָל מיר דארט ארויסגעבען א „רעמעסלענע”. דער וואסילקאָווער ראבינער איז געווען א חסיד, דאָס שטעדטעל איז בעשטאַנען בלויז פון חסידים, און דאָס חסידים-שטיבעל, וואו איך בין שפּעטער ארײַן, האט אויסגעזעהן ווי א גרויסער בית-המדרש. איך האָב געמוזט געהן דאַוונען די עטליכע טעג, וואָס איך האָב דארט פערבראכט.

אָבער ווי האט מען געדאַוונט?

מען לויפט איינער אויפ’ן אנדערן, מען שטורכעט זיך, מען קלאפּט זיך אין זײַט, אין הארץ, אין פנים — און א וואונדער, וואָס מען צוקאלעמטשעט זיך נישט.

אין דאַוונען גופא קומט אויך פאר דאָסזעלבע שפּרינגעניש. דער האלט הודו, דער אשרי, דער דריטער אָז ישיר, דער פיערטער ישתבח — איינער ווייס נישט פונ’ם צווייטען. דער חזן ווידער האלט בײַ קדושה און פּלוצלונג גיבען זיך אלע א שטעל-אויף און מען שפּרינגט אָב דרײַ מאָל: קדוש, קדוש, קדוש, און מען לויפט ווײַטער אין וועג ארײַן.

איך בין מיך מודה, אז איך האָב נישט איין מאָל געקראָגען א קלאפּ אין קאָפּ און אין הארץ, און אין זײַט, אָבער איך האָב אויף קײַנעם קײַן פאראיבעל נישט געהאט. יודעלעך לויפען, שפּרינגען, שרײַען און זינגען — א מחיה! פארהאַן א סך לעבען.

אין איין ווינקעל רעדט מען פון חסידות, ווײַטער א ביסעל זיצט אַן’אַלטעטשקער און לערנט הויך און קלאָר דעם זוהר, א צוויי-

מער קוקט אַריין אין מדרש, ביים בעלעמער שטעהט דער אויבער־שמש און אַרום איהם יונגע־לייט מיט גאָלדענע קייטען אויף די זשי־לעטען, שענע חסידישע קעסט־בעל־הבית'לעך, וואָס הויבען אָן ערשט פיהרען אַ לעבען.

אין שטיבעל איז אַפילו שטאַרק אַנגערויכערט. חסידים האַלטען ליולקעס אין מויל און פיפקען, דער רויך ציהט זיך אין גרויע וואָל־קענס צום באַלקען. נאָר דאָס אַלץ קאָן מען מוחל זיין צוליעב דעם קאָך, צוליעב דעם פרעהליכען טאַראַראַם, צוליעב דעם קוואַל לעבען, וואָס שלאָגט פון די דאָזיגע צוהיצטע מענשען.

אין עטליכע טעג אַרום האָב איך בעקומען די נויטיגע „רעקאָמענדאַציעס“ און אַוועקגעפאָהרען אַהיים.

געפאָהרען אַהיים בין איך אין אַ געהויבענער שטימונג! עס וועט זיין פרנסה, עס וועט זיין רוה, דאָס ווייב וועט שווייגען.

אָבער יודישע פרייד, ווי געזאָגט, האָט קיין יסוד נישט, און באַלד ווי איך בין געקומען אַהיים, האָב איך געלייענט די שוואַרצע בשורה אין „קיעוולינין“, אַז אין יעליסאַוועטגראַד האָט מען געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף יודען.

דער „מענשענפרייגדליכער“ „קיעוולינין“ האָט אומישנע פונאַנדערגעשמירט באריכות דעם גאַנצען פּאָגראָם, ווי אַזוי מען האָט געראַבעוועט און געשלאָגען, ווי אַזוי מען האָט פונאַנדערגעשניטען פּערענעס און קישענס און די פעדערן אין גאַס אַרויסגעוואָרפען, און די אייגענע און מענשענפריינדליכע כונה פון דעם שוואַרצען בלעטעל האָט אַ קינד אויך געקאָנט אויפכאַפּען.

דאָס איז די כונה:

— שלאָגט יודען!

— ראַבעוועט, רייסט יודען!

די דאָזיגע פּאָגראָם־בשורה האָט איינגעוויקעלט אין אַ געדיכטער אימה אַלע קיעווער יודען. מיט אַמאָל זענען צושטערט געוואָרען די האָפנונגען, צוריסען געוואָרען די חלומות און דער יודישער עלענד איז אַרויסגעטראָטען, ווי אַ נאַקעטער סקעלעט, אין דער גאַנצער מורא'דיגער גרויס. געפיהלט האָט מען, אַז מיט יעליסאַוועטגראַד וועט זיך דאָס אומגליק נישט ענדיגען, אַז עס וואַרטען נאָך שטעדט און צווישען זיי די ערשטע — קיעוו...

פון שרעק האָט זיך ביי יודען געביטען דער פארב אין פנים, אַ מאָדנע געבויגענקייט האָט אויסגעדריקט זייער רוקען.

— וואס טהוט מען?

אַנדערע יודען, וואָס האָבען זיך נישט אויסגעצייכענט מיט גרויס אָפּטימיזם, האָבען נישט געוואָלט וואַרטען, ביז מען וועט זיי קומען ראַבעווען און שלאָגען. האָבען זיי איבערגעלאָזט האָק-און-פּאַק און אוועק קיין אַמעריקאַ. און אַז איך האָב מיך מיט אַזוינע געזעגענט, זענען מיר הייסע טרעהרען געפאַלען פון די אויגען און דאָס האַרץ האָט שטאַרק פערדריקט...

נאָר באַלד איז אונז געוואָרען קלאָר, אַז אין קיעוו וועט זיין אַ פּאָגראָם, אַז קיעוו איז טאַקי די ערשטע... דערויף האָט אונז עדות געזאָגט נישט נאָר דער גוי און זיין בליק, נאָר די טויטע לופט, די ווענד פון די מויערן, דער ברוק פון גאַס...

און מיר האָבען געוואַרט... קיין אַנדער ברירה נישט געווען ווי וואַרטען, וואוהין לויפט מען, גאָט מיינער!

דערנאָך האָבען שוין מיילער קלאָרע דבורים גערעדט.

די באָסיאַקעס, וואָס האָבען געאַרבייט ביים ברעג דניעפּר און וואָס זיי צעהלען אין די טויזענדער אין קיעוו, האָבען שוין פריי געזאָגט, אַז זיי וועלען זיך נעהמען צו דער „אַרבייט”. זיי האָבען זיך אָפען בעריהמט מיט דער דאָזיגער אַרבייט, פיהלענדיג, אַפּנים, אַ זיכערן באָדען אונטער די פיס:

— דאָס שטיקעלע אַרבייט וועלען מיר מאַכען בעסער ווי אין יעליסאַוועטגראַד.

אַנדערע זענען ווייטער געגאַנגען:

— מיר וועלען נישט ראַבירען, נאָר הרג'ענען! שעכטען!..

עס איז זעהר שווער איבערצוגעבען דעם צושטאַנד פון אַ יודען, וואָס וואַרט אויף אַ פּאָגראָם. דאָס איז עפּיס אַ שרעקליכע ווינעניש, אַ שטומע וואַקלעניש צווישען טויט און דערשראָקענעם לעבען. טויט — לעבען. טויט — לעבען. אַזוי בעדאַרפען זיך פיהלען שעפּסען, בעת מען פיהרט זיי צו דער שחיטה.

נאָר ערגער פון פּאָגראָם, איז די בעליידיגונג פון פּאָגראָם, די גראָבע שכור'ע שטאַרקייט, וואָס וויל קריכען אויף

דער איידעלער אונבעהאָלפענער שוואַכקייט. און די, וועמעס הענד עס האָבען בעדאַרפט אָנהויבען, זענען נאָך פאַר'ן אָנהויב אָנגעגאָסען געוואָרען מיט הנאה, צוזעהענדיג די יודישע געבויגענקייט, דעם יודישען צער, דעם יודישען וועה, וואָס קאָן נישט אויסגעשריען ווערען. איצט איז די גאַס זייערע געווען, זיי האָבען געמאַכט הילכיגע טריט איבער איהר, און דאָס אויער פונ'ם יוד, וואָס האָט זיך דורכגעגנב'עט, ווי אַ שאָטען, די גאַס, האָט שמערצליך איינגעזאַפט דעם דונקעלען און שווערען גאַס-געשריי, וואָס איז נאָך דערווייל נישט פערוואַנדעלט געוואָרען אין מעשים:

— מיר וועלען אייך די בייכער אויפשניידען!..

נאָר שרעק האָט ליעב צו וואַקסען.

און וואָס אַ שעה שפּעטער, האָט ער אונז אַלץ געדיכטער אַרומגעהאַפּט, עס האָט זיך נישט געוואָלט ניט עסען, נישט טרינקען, נישט זעהן מיט די אויגען, נישט הערען מיט די אויערן, נישט בעוועגען מיט די הענד.

אַלטע לייט האָבען זיך געלעגט אין די בעטען, און די אַלטע ביינער האָבען געציטערט אין זיי און געקנאַקט, ווי טרוקענע שפּענדלעך אין אַ גרויסען פייער.

קינדער האָבען אויפגעהערט צו שפּיעלען. אין די אויגעלעך איז פערגליווערט געוואָרען אַן'אונפערשטענדליכע פראַגע צוזאַמען מיט אַן'אימה. ביי די גוטע טייערע קינדער איז דאָס געווען אַ פראַגע. די עלטערן אָבער האָבען געשוויגען...

און דערנאָך איז אפילו קלאָר געוואָרען דער טאָג, אויב נישט די שעה:

— זונטאָג וועט זיך אָנהויבען...

איך האָב דעמאָלט געוואוינט ביי איינעם אַ לאַשקעראָוו, אַ יונגער קריסט פון אַ יאָהר דרייסיג. אויסער דאָס הויז, האָט ער געהאַט אַ טאַבאַק-געשעפט און אַ האָלץ-געשעפט. ביידע, ער און זיין יונגע וואונדערליך-שענע פרוי זענען געווען גוטע ליבעראַלע מענשען און געוואוינט האָבען יודען אין זייער הויז ביי אַ פיער פאַמיליעס.

די דאָזיגע קריסטליכע בעלי-בתים האָבען זעהר גוט געלעבט מיט די יודישע שכנים. אָפטמאָל פלעגען זיי אויפריכטיג בעוואונדערן;

די יודישע ניכטערקייט, די יודישע שטילקייט און דאָס סאָלידע ציכטיגען לעבען צווישען מאַן און פרוי.

אַז די בעל-הבית׳טע איז אַרײַנגעקומען צו אונז דעם שבת, וואָס פאַר׳ן פּאָגראָם, איז זי צוערשט אַרגע אָהן ווערטער געבליבען, זיך אַרומגעקוקט, ווי אַ פערלאָרענע, און דערנאָך זיך פונאַנדערגעוויינט.

וואָס האָט זי געוויינט? פאַרוואָס זאָל זי נישט וויינען? זי איז געווען יונג און שען און עהרליך און האָט געהאַט אַ גוטע נשמה.

דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אויסער די טרעהרען, האָט זי אויך געהאַט פאַר אונז טרייסט און „בעשיצונג“. צו בעשיצען אונז האָט זי אָרגאַניזירט אַ הײַפעלע חיל פון איהרע פּריקאַזטשיקעס און ברידער. זיי דאַרפען בעוואַכען די יודען און נישט דערלאָזען, יאָ, נישט דערלאָזען.

אָט די ליעבהאַרציגע מענשליכע פרוי האָט מיך וואונדערליך גערירט. אַ וואַרימער טוי איז מיר געפאַלען אויפ׳ן האַרצען פון איהר, נאָר וואָס אמת איז אמת, איהר „חיל“ האָב איך נישט געטרויט. מײַן אינסטינקט האָט מיר געזאָגט, אַז ווען עס וועט זיך אָנהויבען, וועלען זיי אפשר אויך זײַן דאָרטען... גוי׳עשע הענד, ווער קאָן זיי טרויען אין אַזאַ מינוט.

די, וועמען עס איז נויטיג געווען יודיש בלוט און פערמעגען, זענען אודאי פּינקטליך געווען ווי אַ זייגער, און זונטאָג בײַטאָג האָט זיך אָנגעהויבען.

אָט איז דאָס. אָט איז דאָס. אָט איז דאָס.

טאָמער איז אפשר איין יוד פון צעהן טויזענד אין ספק געווען, קאָן ער איצט הערען: ווילדע געשרייען, אַ געפּלאַצערײַ פון שויבען, אַ קנאַק פון צוהאַקטען מעבעל, אַ בראָך פון אויפגעריסענע שלעסער... נישט ווײַט פון אונז האָט זיך אָנגעהויבען.

די געשרייען וואַקסען און רוקען זיך נעהנטער. דער קנאַק פון שויבען און מעבעל ברענען די אויערן.

צי איך בין געווען צומישט און מײַן אויג האָט אויפגעהערט צו בעמערקען, צי עס איז ווירקליך אַזוי געווען — נאָר מײַן גוטער און

שענער בעל־הבית'טעם שמירה האָב איך נישט געזעהן. נישטאָ קיין שמירה.

אודאי איז גערעכט געווען מיין אינסטינקט. און מיר, די פיער יודישע געזינדען פון הויף, לויפען, ווי די מאָדע איז, בעהאַלטען זיך ערגעץ. לויפען מיר אַריין אין אַ שפּייכלער. אויף אונזער הויף, מיט די ווייבער און קינדער. דער שפּייכלער איז גרויס און דונקעל. האָלץ ליעגט אין איהם. טוליען מיר זיך מיט פערהאַלטענע אָטעמס צו דעם שטומען און קאַלטען האָלץ. ווייגען זיך פונאַנדער די קינדער פּלוצלונג. קינדער זענען אויפריכטיגע מענשען: דאָס הארץ וויל וויינען — וויינט מען. ביי אונז אָבער ווערען שפּיציג די אויגען און מיר סטראַשען מיט בלויע פערביסענע ליפּען:

— וויינט נישט! שווייגט! די פּאָגראָמשטשיקעס געהען! שטומען זאָלט איהר! הערט איהר — ששששטיממען זאָלט איהר!

זענען די קינדער פערגליווערט געבליבען מיט גרויסע אויגען און מיט נאַסע פּנימ'לעך פון טרעהרען.

דאָס קינד האָט נישט געוואוסט, וואָס איז דאָס אַזוינס פּאָגראָמשטשיקעס און האָט נישט געקאָנט אויפהערען וויינען. וואָס ווייטער האָט עס אַלץ שטאַרקער געוויינט. נאָר אַז איך האָב עס נישט געקאָנט איינשטילען, האָב איך דעם קינד מיט'ן האַנד דאָס מיילעכיל פערדריקט אַז די פּאָגראָמשטשיקעס זאָלען נישט הערען וואו מיר זענען.

און באַלד האָבען מיר איינגעזעהן, אַז דער שפּייכלער טויג נישט פאַר אונז. אַ בוידעם איז בעסער... יודישליכער. אַ יוד האָט ליעב אַ בוידעם. און מיר האָבען עמיגרירט אהין.

דאָ האָט זיך בעוויזען אונזער גאָלדענע ווירטין און האָט פערלענט מיט האַלץ די טהיר פון בוידעם, עס זאָל זיין זיכערער. און אונז האָט זיך געוואָלט קושען איהר האַנד נישט פון דאַנקבאַרקייט און נישט פון איידעלקייט, נאָר ניכער פון עקעלדיגער דערשלאָגענקייט, פון חיה'שער פּחדנות, ווי מייז, וואָס זענען אויף אַ רגע ניצל געוואָרען פון דער קאַץ.

אַרום און אַרום האָט מען געשריען און גענוואַלדעוועט און גע־

ראַבעוועט און געשלאָגען און געבראָכען און געהרג׳עט. און געדאַכט האָט זיך אונז, אַז מיר הערען דאָס פערשטיקטע שלוכצערן פון יודען, וואָס ראַנגלען זיך אין גסיסה.

אַזוי איז אַ שוואַרצע נאַכט אַוועק. אַ בוידעם־נאַכט. צו וואָס האָט אונז די בעל־הבית׳טע מיט האַלץ פערשטעלט? וואָלט נישט גלייכער געווען, מען זאָל אונז אויס׳הרג׳ענען? וואָרום איידער צו ליגען בע־האַלטען און הערען, ווי עס דאַכט זיך, די ווייטע געוויינערייען פון געשלאָגענע יודען, איז גלייכער און שענער געהרג׳עט צו ווערען. אָבער מיר זענען גאָרנישט געווען קיין מענשען, נאָר מייז.

אַז די שווערע בלייערנע בוידעם־נאַכט איז אַוועק און אין די שפּאַלטען האָט אַריינגעדרונגען דער טאָג, האָבען מיר זיך אַרומגעקוקט: טויטע פּנים׳ער, אַרויסגעשפּאַרטע אויגען, צוקריםטע מיילער. און מיר האָבען געשוויגען. אַ חרפּה צו קוקען אין די אויגען אַריין. אַ חרפּה צו ריידען.

די קליינע קינדער האָבען זיך שוין געהאַלטען בעסער פון אונז, ווי זענען געלעגען פערשמאַכטע, פער׳יתום׳טע, אָבער פילאָזאָפיש־רוהיג, מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגלעך.

אַז דאָס ליכט פון טאָג איז שטאַרקער געוואָרען, האָבען מיר זיך ערלויבט אַ קוק צו טהאָן דורך די שפּאַלטען פון בוידעם. עס האָט זיך געוואָלט וויסען: וואָס טהוט זיך אויף אונזער גאַס...

איך ווייס נישט, ווער האָט געאַרבייט אין דער מינוט אויף אַנ־דערע גאַסען, נאָר ביי אונז אין געסיל האָבען געבושעוועט דאָס רוב קליינע באָרוועסע שקציםלעך, צוועלף־יעהריגע, מיט אייזענס, לאָמעס און העק אין די הענד. קוקענדיג דורכ׳ן שפּאַלט אויף די דאָזיגע משחיתים, האָט זיך געוואָלט די פינגער בייסען: טאַטעס, נאַרישע טאַטעס האָבען זיך פערקליבען אויף אַ בוידעם און מען זיצט. אין גאַס געהט! אין גאַס אַריין! עס וואָלט געווען אַ מצוה אַראָבצו־וואַרפען אונז פון דאָרטען.

מיר זענען אָבער געווען שרעקליכע פּחדנים, און אויף דעם דאָ־זיגען בוידעם זענען מיר אָבגעלעגען אין פּיין און אימה גאַנצע צוויי מעת־לעת.

אַזוי פיעל האָט געדויערט דער פּאָגראָם.

ציטענוויז האט זיך געוואלט נעהמען א מעסער און זיך אליין דער׳הרג׳ענען. אזא בעגעהר איז בעפאלען אין די „ליכטיגערע״ מינוטען, ווען מען האט געפיהלט, אז עס בעגעהרט זיך עפיס, ווען עס איז עטוואס אבגעפאלען די מורא, ווי עס טרעפט אמאל נאך א שטארקען צייהן-וועהטאג...

אין די דאזיגע מינוטען האט אויך פערדריקט דאס הארץ פאר די אונשולדיגע קינדערלעך. זיי ווילען געוויס עסען: זיי פייניגט דער הונגער. זיי ווילען געוויס טרינקען: זיי מאטערט דער דורשט. וואס גיט מען זיי?

נאר אט דערטראגען זיך ווילדער די געשרייען פון פאגראם-שטשיקעס און דעמאלט פערגעסט מען שוין ווידער אן אלעם און עס בעפאלט ווידער אחיה׳שע אימה און מ׳פערליערט זיך אינגאנצען.

די צווייטע נאכט זענען מיר שוין געבליבען פער׳חלש׳טע, מיר זענען געלעגען כמעט ווי אהן אטעם. פון די קינדערלעך האט מען קיין „פארע״ נישט געהערט. מען האט נישט געוואוסט, צי זיי לעבען, צי זיי זענען טויט. זיי, די וואונדערליך קלוגע עופ׳עלעך, האבען פערשטאנען, אז מען קאן זיי איצט נישט העלפען — און האבען געשוויגען.

טיילמאל האט זיך נאר געהערט דאס שטילע אטעמען פון די זויג-קינדער: זיי האבען געפאכט מיט דער נשמה. אבער עס האט קיינעם נישט געארט פאר זיי.

אז עס איז געווארען טאג, נאך דער צווייטער נאכט, זענען ביסלעכווייז אבגעשטארבען די ווילדע פאגראם-קולות. עס ווערט לאנגזאם שטילער, שטילער. אפנים די קאץ איז אוועק, און מיר, די מייז, האבען אויפגעהויבען די קעפ. און אויפגעהויבען די קעפ — האבען זיך די מייז באלד דורכגערעדט אויפ׳ן מענשליכען לשון:

— דאכט זיך, אויפגעהערט?...

— מען הערט נישט...

— שטיל...

— גענומען א סוף...

— אפשר אראבגעהן?..

— ווארט, דאַכט זיך, איך הער קולות...

— וואָס רעדסטו?..

— איך הער...

— נײַן, דיר דאַכט זיך דאָס..

— הא...

— ס'איז שטיל...

— טאָמער יאָ...

— נײַן...

— שטעל גוט אָן דאָס אויער...

— פּאַרט שטיל...

— ששש...

— און מיר דאַכט זיך...

— און מיר שײַנט...

— איך האָב מורא...

— הא...

— שטיל...

— טאַקי שטיל...

— שטיל...

— געוויס?..

— שטיל, שטיל...

נאָר דאָ האָבען די מײַז דערהערט, ווי עמיצער קריכט אויפ'ן בוידעם. די מײַז האָבען תיכּף פערהאַלטען דעם אָטעם און אַ קאַלטער, אַ לעצטער שווײַס האָט זײַ דורכגענומען. דאָס איז אָבער געווען דער בעל־הבית'טעם דינסט. זי איז אונז געקומען אָנזאָגען, אַז מען קאָן שוין אראָב.

— איהר הערט? מען קאָן אראָב! חזר'ט זיך דאָס אײַן: מען קאָן אראָב. מען קאָן אראָב. מען קאָן אראָב!..

די מײַז האָבען זיך אויפגעהויבען, אָבער אַז אָח־און־וועה איז געווען צו זײַער גאַנג: זײַ האָבען קײַן פיס נישט געהאַט. און מיט גרויס מאַטערניש איז מען קוים אראָבגעקראָכען פון בוידעם.

אלע האָבען זיך פערקליבען צו מיר אין וואוינונג. די ווירטין איז אַרײַנגעקומען און איהר מאַן און איהר ברודער, און אַז זײַ האָבען

אונז דערזעהן, זענען זיי געבליבען פערגאפטע. די בעל-הבית'טע האט ספאזמירט... די מייז האבען זעהר שען אויסגעזעהן.

דער בעל-הבית'טעס ספאזמעס האבען אונז צוגענומען דאס לעצטע שטיקעל „געזונד" אונזערס, עס איז צוגאנגען דאס הארץ פון רחמנות צו זיך, צו די קינדער, און מיר האבען זיך אלע צעוויינט הויך אויפ'ן קול, ווי עס וויינען שרעקליך-פער'יתום'טע קינדער פון זעהר אגרויזאמער שטיפמוטער.

איך געדענק נישט, ווען און ווי אזוי האבען מיר אויפגעהערט צו וויינען, אפנים, די בעל-הביה'טע האט אונז בערוהיגט· זי איז באלד געקומען צו זיך און האט אונז בערוהיגט. יא, זי איז אויפ'ן בוידעם נישט געלעגען.

האט מען זיך גענומען צו די עופ'עלעך: דעם מילך געגעבען, דעם טהיי פון דער בעל-הבית'טעס סאמאוואר, וואס די דיענסט איהרע האט אריינגעטראגען. מיר, די גרעסערע, האבען גארנישט געקאנט נעהמען אין מויל אריין. דער קאפ האט געשווינדעלט ווי נאך א טויזענד-יעהריגען הונגער.

דערנאך איז געקומען דער אקאלאדאטשני. ער האט אונז אנגעזאגט, אז מען קאן שוין געהן אין גאס אריין, אז עס איז שוין שטיל, רוהיג, און מען קאן אפילו עפענען די קראמען.

א דאנק איהם פאר דער בשורה. זעהר א גוטער אקאלאדאטשני...

איצט, — זאגט ער — מעג מען שוין געהן אין גאס...

זעהר א גוטער אקאלאדאטשני.

ווי עס איז נישט געווען שווער, נאר אין גאס בין איך דאך ארויס. אין דער שטיפמוטערישער גאס. דארט איז געווען שטיל, ווי נאך א מלחמה. נאר מיינע בעקאנטע און פריינד, ווי איך האב דערגאנגען, זענען בלויז אבגעקומען מיט שרעק, אויב שרעק ברייננגט נישט קיין שארען.

פון דער קיעווער יודישער קהילה איז געווארען א תל. דאס האבען געוואלט די פאגראמשטשיקעס און דאס האבען זיי פאלקאם דערגרייכט. ווארום די פערמעגליכערע יודען, וואס זענען נישט צוראבירט געווארען, האבען באנקראטירט, און די שטאדט האט אויסגעזעהן, ווי נאך אנ'ערדציטערניש. אין די עטליכע טעג זענען יודען פערעלטערט

געוואָרען, און מעהר ווי אַ טיעפען זיפץ האָט קיינער נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיך. פיעל גאַסען, איבערהויפּט אויף פּאָראָל, איז די ערד בעדעקט געוועזען מיט פעדערן, מיט צוריסענע העמדער, מיט כּלים און מעבעל.

דערנאָך האָט מען אין גאַס אָפטער געזעהן פיהרענדיג אין ציר־קעל אַריין קופּקעס פּאָגראָמשטשיקעס. פאַר דעם אָנגעוועהטאָגטען יודי־שען געפיהל איז דאָס געוועזען אַ טראָפּעלע „טרייסט”. עקזיסטירט דאָך האָטש אַ זכר פון אַ געזעץ, איז דאָך פאַרהאַן, הייסט עס, אַ צוים פאַר אַ וואַלד־גזלן, פאַר אַ בלוטדורשטיגער חיה. אָבער באַלד האָבען מיר זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז נישט געוועזען אַזוי. פון די צירקלען האָט מען תיכף בעפרייט די פּאָגראָמשטשיקעס און מיט אַ חוזק־שמייכעלע האָבען זיי זיך געדרעהט איבער די גאַסען...

איצט איז געוועזען קלאָר, אַז מיר האָבען נישט אויף וועמען צו האָפען. (פאַרהאַן נאָך אַנדערע, וואָס האָפען).

און נאָך קלערער איז געוואָרען, ווען אויף די גאַסען זענען אויפגעי־האַנגען געוואָרען התראות פון גובערנאַטאָר, אין וועלכע עס איז געוועזען געזאָגט, אַז אויב עס וועלען זיך אָנהויבען פון דאָס ניי די „אונאָרדנונ־גען”, וועט ער געברויכען געוועהר און שיסען אין די פּאָגראָמשטשיקעס. האָט מען דאָס, הייסט עס, פריהער נישט געקאָנט...

דער פּאָגראָם איז דורכגעפיהרט געוואָרען מיט אַלע פּיטשעווי־קעס: מיט שענדען פרויען, מיט שלאָגען קראַנקע, מיט ברעכען מע־בעל, מיט ראַבירען קראָמען און מיט אָבפיהרען דאָס אָנגעראַבירטע אין די דערפער אַריין.

פון די גאָר גרויסע יודישע געשעפטען האָבען שטאַרק געליטען, ראָזענבערג׳ס באַקאַליי־געשעפט, וואָס האָט בעטראָפען ביי אַ מיליאָן רובל, בראָדסקי׳ס הויז, וואו מען האָט ראַבירט אָהן אַ שיער און אָהן אַ ־ערך, און נאָך אייניגע.

ערגעץ אין אַ גרויסער קאַזאַרמע האָט מען צונויפגעשלעפט די אַלע יודען, וואָס זענען געבליבען אָהן אַן אָבדאַך. אהין האָט מען אויך געבראַכט די קראַנקע און קינפּעטאָרינס, וואָס זענען איינגאַנצען דער־שלאָגען געוואָרען פון שרעק. איבערהויפּט די קינפּעטאָרינס, דאָס הייסט, די פרויען, וואָס זענען געגאַנגען צו קינד. אויף די איז גאָר געוועזען אַ

שרעק אַ קוק צו טהאָן. געפונען אַ צייט ווען צו האָבען אַ קינד. און דעם גאַנצען עסק מיט די קינפּעט-וועהען האָבען זיי בעדאַרפט פערענדיגען אין אַ קאַזאַרמע, צווישען פרעמדע יודען, וואָס האָבען זיך נישט געהאַט וואו אַהינצוטהאָן, צווישען קרעכצערייען פון קראַנקע און שרעקליכע געוויינען פון געזונדטע. דאָס בילד פון דער קאַזאַרמע איז געווען אַזאַ, וואָס קוים האָט עס עמיצער געזעהן, איז עס שוין ווי מיט פייער אויף אויביג איהם איינגעקריצט געוואָרען אין זכרון.

אָבער ווי מיר האָבען זיך שפּעטער דערוואוסט, איז נאָך דער קיעווער פּאָגראָם געמאַכט געוואָרען מיט „חסד". אין באַלטע, אין נעזשין איז געווען טויזענדער מאָל ערגער. דאָרט איז די אכזריות דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט איבערגעשטייגט די סאַמע ווילדעסטע און בלוטדורשטיגסטע חיות.

אַ פינף טויזענד יודען זענען אַוועקגעפאָהרען באַלד נאָכ'ן פּאָגראָם קיין אַמעריקאַ.

מאַסען יודען האָבען זיך אַוועקגעלאָזט מיט ווייב און קינד אין תחום אַריין — אפשר איז דאָרטען פאַרהאַן אַזאַ שטיקעלע אָרט, וואו מען קאָן רוהיג דעם קאָפּ אָנשפּאַרען.

פּרנסה, האַנדעל, לעבען — וועגען דעם האָט מען נישט געטראַכט. מען האָט נאָר געקלערט וועגען אַ רוהיגען שטיקעלע אָרט, וואו קיין פּחד זאָל נישט זיין, וואו מען זאָל נישט קומען צו דיר מיט העק און מיט לאָמען אין די הענד, וואו מען זאָל דיינע טעכטער נישט שענדען, וואו דיין קינד זאָל זיך נישט דאַרפען וואַלגערן אויף אַ בוידעם צוויי מעת-לעת אין טויט-שרעק און וואו דו זאָלסט נישט דאַרפען פערוואַנדעלט ווערען אין אַ מויז.

עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב שוין אויך נישט געוואָלט מעהר פערבלייבען אין קיעוו. זאָל די שטאָדט זיין אַ שטאָדט אָהן מיר. מיר האָט געעקעלט פון די גאַסען און מיר האָט געאיבעלט פון די גוים. איך האָב שוין מעהר נישט געקאָנט איינאָטעמען די קיעווער לופט.

גוטע פריינד האָבען מיר אפילו געראַטען צו פערבלייבען. מען איז דאָך עפּיס אַ יוד. וואוהין וועסטו לויפען? איך האָב זיי נישט גע-

הערט. איך האָב אַמאָל געטהאָן מיט'ן האַנד אויף מיינע קיעווער פּרנסות. האָפּט עס דער רוח. און איך האָב בעשלאָסען אַרויסצופאָהרען אין פּוילען — אין וואַרשוי.

— פּאָליאַקען — האָב איך דעמאָלט געטראַכט (איצט טראַכט איך עטוואָס אַנדערש) — וועלען אויף יודען קיין פּאָגראָמען נישט מאַכען. פּאָליאַקען זענען אַ קולטורעלע אומה און ווייסען גענוג דעם טעם פון פאָלקס-יסורים, פון פאָלקס-אַנגסטען. זיי פערשטעהען אַליין גענוג, וואָס הייסט אַ פאָלקס-טראַגעדיע, וואָס הייסט זיין געמאַטערט, געפּייניגט און געוואָרגען.

און איך האָב פערלאָזט קיעוו, אַ פערשמאַכטער און אַ צובראָכענער.

אַרויסגעפאָהרען בין איך קיין וואַרשוי אַליין דערווייל. מיין פּלאַן איז געוועזען — אָבזוכען אין דער גרויסער שטאָדט אַ שטיקעלע געשעפט און שיקען דערנאָך נאָך ווייב און קינד.

---

צו די אַלע צרות מיינע, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין קיעוו: נויט און פּיין און אַ געוויסער און שרעק פאַר אָבלאַוועס און אַ פּאָגראָם, איז מיר אויך צוגעקומען די בשורה, אַז מיין טייערער טאַטע איז אַוועקגעשטאָרבען. ער, דער שענער, ריינער און האַרציגער יוד, האָט נישט אויסגעהאַלטען.

אויף קאַטאָרגע, מסתמא, פיהלט מען זיך בעסער, ווי ער האָט זיך געפיהלט אויפ'ן דאָרף, און אין עלטער פון זעקס-און-פערציג יאָהר איז ער געשטאָרבען. די פּויערשע סביבה, די ברייטע פרייע פעלדער, איבער וועלכע חסידים שפּאַצירען נישט מיט געזאַנג, די אונבעקאַנטע און האַמעטנע פעלד-אַרבייט, דאָס בענקען נאָכאַנאַנד נאָכ'ן רבי'ן, נאָך גאָט און נאָך יודען — דאָס אַלץ האָט איהם דאָס האַרץ צולעכערט, און ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ פויגעל אין אַ שוואַרצען אייננגען שטייגעל. דאָס האַרץ האָט זיך איהם אָבגעשטעלט.

ווי יונג: זעקס-און-פערציג יאָהר.
ער האָט נישט אויסגעהאַלטען.

* *
*

אין אַ יאָהר אַרום נאָכ'ן טאַטע'נס טויט איז געשטאָרבען דער זיידע אהרן־לייזער. די לעצטע עטליכע יאָהר האָט ער שוין נישט געוואוינט אין דאָרף, נאָר אין קאַמעניץ. זיין השפעה אויפ'ן שטעדטיל איז נאָך אַלץ געווען גרויס. עס פערשטעהט זיך, נישט אַזוי גרויס, ווי אַמאָל אין די יונגערע יאָהרען. אין די יונגערע יאָהרען האָט ער זיך געקאָנט ראַנגלען מיט'ן ווילען פון אַ גאַנצער קהילה. למשל, שטאָדט וויל דעם רב און ער וויל יענעם רב, און די שטאָדט האָט זיך געבראָכען אונטער זיין מאַכט. אַזאַ פאַקט איז געשעהן.

אַז דער פעטער, דער קאַמעניצער רב איז געשטאָרבען און מען האָט בעדאַרפט נעהמען אַ נייעם, איז געווען אַ גרויסער ישוב־הדעת: מען האָט געקאָנט נעהמען פאַר אַ רב דעם געשטאָרבענעם רב'ס אַ זוהן, וואָס איז געווען אַ יוד אַ למדן. איז ער אָבער געווען אַ חסיד. דער צווייטער זוהן שוין אַ מתנגד, איז געווען רב אין אַ פוילישען שטעדטעלע און האָט נישט געקאָנט בערטרעטען דעם בכבוד'דיגען אָרט פון זיין טאַטען.

פאַר קאַמעניץ איז ער געווען צו־קליין. אויך האָט ער געהאַט אַ שם פאַר אַ נאַר. קאַמעניץ האָט איהם נישט געוואָלט פאַר אַ רב. דער זיידע אָבער האָט איהם דאָך געוואָלט שטיצען. דער טאַטע געווען רב, זאָל איצט זיין דער זוהן, הגם דער לעצטער איז דעם זיידען אויך נישט שטאַרק געפעלען געווען. און טאַקי דאָ, צוליעב דערזעלבער מעשה, האָט זיך דער זיידע מוטהיג פערטאָסטען מיט'ן ווילען פון דער קאַמעניצער קהלה.

קיין קאַמפּפס־מיטלען האָט דער זיידע נישט אָנגעווענדט. ער האָט נאָר געטהאָן איין זאַך: איז געקומען אַ רב אין קאַמעניץ און, ווי די מאָדע איז, געהאַלטען אַ דרשה און נושא חן געווען און די שטאָדט האָט איהם שוין געוואָלט נעהמען פאַר אַ רב, האָט דער זיידע נישט געגעבען זיין חתימה אויפ'ן כתב, וואָס מען האָט בעדאַרפט מאַכען. נישט מעהר ווי דאָס. און דערביי האָט ער געזאָגט:

— איך וויל זיך נישט מישען אין די רבנות. איהר קענט זיך נעהמען א רב, וועלכען איהר ווילט. איך וועל אייך קיין דעה נישט זאגען. טהוט אייך, וואס איהר ווילט. אגב אויף א רב בין איך קיין מבין נישט...

נאך אזא ענטפער זענען די פני אוועקגעגאנגען מיט אראבגעלאזטע נעזער, ווארום זיי האבען גוט געוואוסט, אז קוים וועט זיך אהרן-לייזער נישט חתמ'ענען, איז דאס רבנות נישט זיכער.

איינמאל איז געקומען קיין קאמעניץ איינער א בעוואוסטער ר' יהושע'לע, א גדול בישראל, א יוד מיט א סך תורה. ער האט געזאגט א פאר דרשות און איז זעהר געפעלען געווארען דער שטאדט. האט מען שבת-צו-נאכטס געמאכט אנ'אסיפה ביי דוד-יצחק'ן. אויף דער דאזיגער אסיפה זענען געקומען אלע בעלי-בתים פון שטאדט, און מען האט געמאכט א כתב און אלע האבען זיך אונטערגעשריבען. דעם ערשטען ארט אבער האט מען איבערגעלאזט לעדיג פאר אהרן-לייזער'ן.

צוויי בעלי-בתים חשובים זענען געגאנגען בעטען דעם ווידען, אז ער זאל קומען געבען זיין ערשטע חתימה. וויל ער נישט.

— טא דארף מען נישט זיין חתימה — זענען די בעלי-בתים אויפגעבראכט געווארען — וויל ער נישט חתמ'ענען, דארף מען נישט! אזא גדול בישראל לאזט מען נישט ארויס!

אבער צווישען דיזעלבע אויפגעבראכטע בעלי-בתים האבען זיך געפונען סקעפטיקער, וואס האבען געשאקעלט מיט'ן קאפ און מיט א לצנות-טאן ארויסגעזאגט:

— נאראנים, נאראנים, זאגט, אדרבה, צי האט איהר אמאל עפיס אויסגעפיהרט אהן אהרן-לייזער'ס הסכמה! גרויסע בריה'ס זענט איהר אהן איהם. א רחמנות נאר אויף ר' יהושע'לען, וואס מען מאטערט איהם דא.

ר' יהושע, וואס האט געזעהן, אז ער וועט דא גארנישט מאכען האט זיך אויפגעהויבען פון ארט און איז אוועק מיט דוד-יצחק'ן צום ווידען.

— ר' אהרן-לייזער, — האט ער זיך מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען — איך מיין נישט אייער שכירות. אח-און-וועה צו אזא שכירות. איך וועל קוים האבען ברויט. נאר מיר ווילט זיך זיצען אויף

דער שטוהל, וואו עס זענען געזעסען אזוינע גרויסע גאונים און צדיקים.

דער שטארקער זיידע האט דאסמאל נאכגעגעבען...

ער איז אוועק צו דער אסיפה און האט געלעגט די חתימה. דערביי האט ער אנידערגעלעגט א צעהן-רובלדיגע פאר'ן רב...

דאס איז געוועזען אנ'אויסגעצייכענטער מאנעוור, און אויך א מין נקמה. ווארום די קארגע קאמעניצער בעלי-בתים האבען שוין אויף אזא אופן אויך געמוזט געבען האטש צו דריי-פיער רובל, און דאס האט זיי זעהר נישט געשמעקט...

געשטארבען איז דער זיידע צו זיבעציג יאהר. א סך האבען גע-וויינט ביי זיין טויט און נישט וועניג האבען זיך געפרעהט: פטור געווארען פון אזא שכל, פון אזא מאכט.

געפונען האט ער זיין אייביגע רוה אויפ'ן קאמעניצער בית-עולם. די מאגערע ליטווישע ערד, וואו ער איז געבוירען געווארען, האט ער זעהר ליעב געהאט, און צומאכענדיג אויף אייביג זיינע קלוגע אויגען, האט איהם אודאי די קיהלע גוסס'ע בלוטען א ווארים געטהאן דער געדאנק — אפשר דער לעצטער — אז זיין מידער גוף געהט אפרוהען אין דער שטילער מוטערליכער קאמעניצער ערד...

